מ. ח. דובאוויטש

# זאנגען פון מיין פעלד

(זכרונות פון א דורכגעלעבטן לעבן)

ארויסגעגעבן דורכן מחבר — אין
פארלאג „אונזער לעבן"
מעקסיקע, ד. פ.

MOISES J. DUJOWICH

# ESPIGAS DE MI CAMPO

**(Recuerdos de una Vida Pasada)**

EDITORIAL "NUESTRA VIDA"
APARTADO POSTAL 110
MEXICO, D. F. 1943

געזעצט און געדרוקט אין
„די שטימע"

דעם הייליקן אָנדענק פֿון אונזערע
קדושים, וואָס האָבן אומשולדיק פאַר־
לאָרן זייערע לעבנס דורך די מער־
דערישע הענט פֿון די נאַצי־בעסטיעס,
ווידמעט דעם בוך

**דער מחבר.**

# אַ פּאָר ווערטער — אַנשטאָט אַ פאָרוואָרט
## וועגן מחבר — מ. ח. דוכאָוויטש —
## און זיין ווערק

אַ פאָרוואָרט צו זיין בוך האָט דער מחבר פון "זאַנגען פון מיין פעלד" אָנגעשריבן אליין. די ווייטערדיקע עט־לעכע שורות וועלן זיין נישט קיין פאָרוואָרט און געוויס נישט קיין סמיכה. נישט משה חיים דוכאָוויטש נויטיקט זיך אין דעם און נישט דער וואָס שרייבט עס איז באַ־רופן דאָס צו טון.

איך דערפיל נאָר אַ חברישע פליכט צו אַן עלטערן יידישן שרייבער, אים פאָרצושטעלן פאַר די פון די לעזער פונם בוך, וועלכע ווייסן נישט ווער דער מחבר איז און ווייסן אפשר אויך נישט, אַז ער איז אַ ייד אַ שריפט־שטעלער, אַ יודע ספר, אַ וועלטלעכער מענטש וואָס פירט זיין לעבן מיט חשבון, וואָס האָט אויסגערעכנט, אַז זיינע זכרונות זענען אַ מין באַלאַנס פון אַ דור, אַ באַלאַנס וואָס דאַרף אַמאָל אָפּגעשלאָסן ווערן.

די יידישע ליטעראַטור איז אָרים אין זכרונות, אין ווערק וואָס האָבן אין אַלע ליטעראַטורן אַמבעסטן אָפּ־געשפּיגלט גאַנצע עפּאָכעס. אַזוינע ווערק זענען געוואָרן מאָנומענטאַלע דאָקומענטן פאַרפיקסירט אין אַ בעלע־טריסטישער פאָרם, וואָס האָבן צומאָל בעסער ווי גע־שיכטע־שריפטן פאַרצייכנט דעם לעבן פון אַ דור אין אַלע זיינע ניואַנסן, אַרויסברענגענדיק אויפן פלאַך פון פערזענלעכער איבערלעבונג שטיקער פון שטייגער־לעבן פונם פאָלק, אָדער פון די מיטמענטשן צווישן וועלכע די מחברים האָבן געלעבט.

צווישן די וויניקע ווערק אין דער פאָרם פון זכרו־נות, פאַרנעמען כמעט דעם אויבנאָן די צוויי בענדער פון יחזקאל קאָטיק, א ייד נישט קיין שריפטשטעלער, א ייד פון א גאנץ יאָר אזוי צו זאָגן, וועגן וועמענס זכרונות די יידישע ליטעראַטור־קריטיק, און אזוי יעדער וואָס האָט זיי געלייענט, האָט זיך אָפּגערופן מיט אַנט־ציקונג. ווי זיסער וויין גיסט זיך דער סיפור־המעשה ביי קאָטיקן, וועלכער האָט אונז געגעבן אַן אינעווייניקסטן בילד פון דעם יידישן לעבן אין צווייטן העלפט פון פאַריקן יאָרהונדערט — און אזוי איז אויך דאָס ווערק פון מ. ח. דוכאָוויטש, וואָס האָט אין מאַנוסקריפּט געמאַכט אויף מיר דעם איינדרוק ווי א פאַרזעצונג פון יענע באַטעמטע און מחיה־נפשותדיקע זכרונות.

דער מחבר פון "זאנגען פון מיין פעלד" האָט דורכגעמאַכט א דערנערדיק־רייכן לעבן אָנהויבנדיק אינם קליינעם יידישן שטעטל, וווּ ער האָט פאַרבראַכט זיין יוגנט, אריבערגייענדיק אין טיפן רוסישן דרום, מיט יידן, צווישן גוים און פעלקער פון יענעם גרויסן אומ־באַקאַנטן לאַנד. זיין "דורכגעלעבטער לעבן", וועלכן ער באשרייבט, איז פאַרגעקומען אין צייטן שטורמישע אינם לעבן פון יידן און פון די אַנדערע פעלקער — און ער האָט אין די עלטערן יאָרן, שוין פון באַקו אַרויס, אויסגעוואַנדערט אין דער נייער וועלט, אַהער ביים גאָלף פון מעקסיקע, אין אַן אַנדער סביבה גאָר געקו־מען, אין אַן עמיגראַנטישן ישוב ווו דער יינגערער דור האָט גאָר קיין אנונג נישט וועגן דעם אָרט פּינוואַנען זיינע אָבות שטאַמען, ווו עס קומט אויף א דור "אשר לא ידע את יוסף"...

פאַר אָט דעם נאָכקומענדיקן דור, און פאַר אונז, די וואָס האָבן נאָך געהאַט די זכיה צו שמעקן פון יענע געזונטע ריחות פון זיסן און פיינפולן יידישן לעבן, דערציילט זיך אין די "זאנגען פון מיין פעלד" א פעלד מיט שיינע איבערלעבונגען, ווערט געמאָלן אין א פּלי־סיקער שפּראַך, אין א בילדלעכער פאָרם דאָס געזונטע און טיף־פאַרוואָרצלטע פונם יידישן לעבן, וואָס ווערט אין אונזערע טעג אזוי חרוב דורך די טראַגישע און

בלוטיקע געשעעענישן. און דוקא דערפאַר איז נאָך ווערט־פולער אַט דער פיינער חיבור, וועלכן דער מחבר וויד־מעט טאקע די אומשולדיק אומגעקומענע ברידער און־זערע אין יענע אומגליקלעכע מקומות.

* * *

אַ פליסיקער פובליציסט — איז מ. ח. דוכאָוויטש פון די פיאָנערן פון דער יידישער אימיגראַציע אין מעקסיקע, און ער איז געווען דוכט זיך אויך פון די ערשטע צו שרייבן אין די ניו־יאָרקער יידישע צייטונגען וועגן דעם אויפקום פון יידישן ישוב אין אצטעקן־לאַנד. ער איז ביי אונז שוין לאַנג באַצייכנט געוואָרן ווי דער זקן הסופרים, אָבער דאָס נאָר טאקע צוליב זיינע יאָרן (מ. ח. דוכאָוויטש איז איצט אויפן ניין־און־זעכציקסטן יאָר — צו לאַנגע יאָרן), ווייל אין גייסט איז ער נאָך איצט פריש און מונטער, מ׳וואָלט געמעגט זאָגן יוגנטלעך.

עס איז פאַר מיר מער ווי אַ כבוד, וואָס אַט דער אין גייסט, פרייער, און אין שאַפן, קלאָרער און טיפזיניקער שריפטשטעלער, איז אַ מיטאַרבעטער אין דער היגער פרעסע (פריער אין "די צייט" און איצט אין "די שטי־מע") אונטער מיין אָרימער רעדאַקציע, און וואָס זיין שטענדיקער קאָלום "אין לויף פון צייט" איז צווישן היגן יידישן לעזער עולם אזוי פּאָפּולער און באַליבט. (אגב, איז כדאי צו דערמאָנען, אַז מ. ח. דוכאָוויטש איז אויך געווען דער ערשטער איינצופירן אין דער יידישער פרעסע אין מעקסיקע אַ שטענדיקן קאָלום).

* * *

"זאַנגען פון מיין פעלד" — איז דאָס ערשטע בוך פון דעם אַלטן און אייביק יונגן מחבר, וועלכער האָט אין זיין שרייבער־טעקע הונדערטער דערציילונגען און עסייען. ער האָט אָבער אויסגעקליבן דוקא צום דרוקן זיינע זכרונות פון דעם רייכן "דורכגעלעבטן לעבן".

וועלנדיק אין זיין ווערק געבן אַ בילד פון דעם וואָס איז אַוועק, פון דעם נאָך וואָס עס בענקט זיך אַזוי און וועט זיך שוין קיינמאָל נישט אומקערן. לייענענדיק די הונדערטער זיך בינדנדיקע און בילדלעכע עפּיזאָדן, ווערט מען מיטגעריסן מיטן דורכגעלעבטן דורך דעם שרייבער און עס ווערן ליב און נאָענט די העלדן; עס דערוועקט זיך אַ בענקשאַפט נאָכן פאַרגאַנגענעם און עס נעמט אַרום אַ זיסער געפיל, אַז אַזויי מען וואָלט עס אַליין איבערגעלעבט. דאָס רעדט וועגן דער קינסט־לערישער און גלייכצייטיק פּשוטער דערציילערישער פאָרם וואָס דער מחבר האָט אָנגעווענדעט ביים שרייבן זיינע זכרונות, און עס איז אַ שאָד, וואָס ער ענדיקט זיי מיטן אָנקומען קיין מעקסיקע.

מ. ה. דוכאָוויטש איז דער באַרופענער צו שרייבן זכרונות וועגן די ערשטע עמיגראַנטן־יאָרן פון יונגן יידישן ישוב אין מעקסיקע — און עס בלייבט אים איבער צו ווינטשן, אַז ער זאָל עס טון אין אַ צווייטן באַנד, און אונז געבן אין דער זעלבער בילדלעכער און פיינער בעלעטריסטישער פאָרם דאָס דורכגעלעבטע פון זיין לעבן שוין אין מעקסיקע. מיר וועלן דאַן האָבן פאַר זיך סיי אַ פול בילד פונם לעבן פון אַ יידישן משכיל און וועלטלעכן יידן, וועלכער שטעקט דאָך אין דער אַלטער, זאַפטיקער יידישער טראַדיציע — און זען דורך אים די סביבה, די ראַנגלענישן, די ווייען און דעם אויפגיין פון אַ נייעם יידישן קיבוץ.

הלוואי — און דער ווונטש זאָל מקוים ווערן, און מ. ה. דוכאָוויטש'עס "זאַנגען פון מיין פעלד" זאָלן שפּראָצנדיק אייפגיין, און פאַרנעמען אין דער יידישער ליטעראַטור דעם אָרט, וואָס עס קומט זיי.

מ ש ה   ר ו ב י נ ש ט י י ן

מעקסיקע, אָנהויב אַפּריל, 1943 יאָר.

# פאַרוואָרט:

נאָך אַמאָל לעב איך איבער מיין גאַנצן לעבן, ערינערנדיק זיך טריט נאָך טריט דעם שווערן וועג, וואָס יעדן פון אונז קומט אויס דורכצומאַכן.

אַלע באַגעגענישן מיינע, אַלע צוזאַמענשטויסן, אַלע ליידן און פריידן שטייען אויף ווי לעבעדיקע, און האָבנדיק פאַר זיך אַ פערספּעקטיוו פון יאָרן, זע איך זיי אין אַ העלערן ליכט, ווי דאַן, ווען איך האָב זיי דורכגעלעבט.

פון שטויב פון יאָרן פאַרגאַנגענע שטייען אויף פאַר מיר אידן אָרימע, פאַרמאַטערטע און פאַרפייניקטע פון דעם שווערן לעבנס־יאָך. אידישע פרויען — פאַר דער צייט פאַרעלטערטע, פאַרומערטע און פאַרחושכטע, אידישע קינדער — נאַקעטע און באָרוועסע, וואָס ווייסען פון צרות נאָך פון זייער פריען קינדהייט, און וואָס טראָגן דעם לאַסט פון לעבן צוגלייך מיט די גרויסע.

ערוואַרט ניט קיין העכערנטאַטן פון זיי, זוכט ניט גאָט ווייס וועלכע אויפטואונגען זייערע. דאָס זיינען מענטשן געוויינלעכע, פּשוטע בשר ודמים, אָבער אין זייער פּשטות — גלויבט מיר — זיינען זיי גרויס און דערהויבן זיך אָפט צו די העכסטע הויכן. דער טיגל פון פיין לייטערט זיי אויס און עס בלייבט אַמאָל ריינער גאָלד.

און לאָזט מיך אייך זאָגן דעם אמת: איך קוק זיך צו צו די אויפגעלעבטע געשטאַלטן אָט פון די אָרימע מענטשן מיט מער ערנסט און מיט מער ליבשאַפט, ווי צו די אין פראַקן און פרינץ־אַלבערטס מיט איידעלע מאַנירן און פריקרען האָניק אויפן צונג, וועלכע איך האָב אויך ניט ווייניק באַגעגנט אין מיין לעבנסוועג, און וועלכע טויגן איצט אויף פאַר מיר אין זייער גאַנצן עלעגאַנטן געשטאַלט. ממילא וועט איר שוין פאַרשטיין, אַז אויף מיין פעלד גייען אויף און צוואַקסן זיך אָרימע זאַנגען פון דעם פּראָסטן קאָרן, צווישן וועלכע

עס וואַרפֿן זיך דורך די בלוי־אינקע תמימותדיקע בלימעלעך — קאָרן בלימעלעך, וואָס דער רוס רופֿט — וואַסילקי.

אָט די זאַנגען פֿון מײַן פֿעלד וועלן אײַנצלנע און אין סנאָפּעס געבונדענע ערשײַנען איז מײַנע זכרונות פֿון א דורכגעלעבטן לעבן.

נאָר א סך פֿון די זאַנגען האָבן שוין לאַנג אויסגעדראָשן זייער קאָרן און אַליין אין שטויב צעריבן געוואָרן. א קלענערע־ טייל שטייען נאָך מוטיק, אָבער דער לעצטער פּראָצעס איז שוין אויך ניט ווייט. זיי אַלע זײַנען מיר ליב און טײַער, און איך בייג מײַן מיט שניי באַדעקטן קאָפּ פֿאַר זייער אָנדענק.

# א מענטש ווערט געבאָרן

א פראָסטיקע, ווינטיקע טבת־נאכט. דער ווינט בלאָזט פון צפון־מזרח ווינקל און שנייט ווי מיט מעסערס. ער קומט פון די ווייט־ווייטע פארשנייטע סיבירער סטעפּעס, רייסט זיך דורך דורך די שמאָלע טאָלן פון די אוראַלער בערג, טראָגט זיך מיט אימפּעט אי־בער די רחבותדיקע פליינען פון דער קאמא און וואָלגא, פארהאלט זיך און ווערט אָפּגעשוואכט אביסל פון דער נידעריקער געבירגקייט, וואָס שנייט דורך גאַנץ רוסלאַנד — פון די אוראַלן ביז די קארפּאטן, און וואָס רופט זיך — וואַלדאיער בערג, און קומט אָן צו אונז — אין די צפון מערבדיקע טיילן פון לאנד — נאָך מיט גענוג קאַלטער, פראָסטיקער גבורה צו פארקילן דאָס בלוט אין די אָדערן.

אָט אין אזא נאכט בין איך געקומען אויף דער נארישער וועלט.

מיין זעליקע מוטער פלעגט דערציילן, אז אין יענער נאכט איז דאָס וואסער אין שטוב פארפרוירן געוואָרן, אזוי קאלט איז געווען.

עס קען זיין, אז די קעלט איז מיר דאַן אריין אין די ביינער, און ביז היינטיקן טאָג פיל איך נאָך אזוי פראָסטיק־קאלט ארום...

אונזער הויז איז געשטאנען ביים סאמע ברעג טייך, און די קאַלטע ווינטן פלעגן טראָגן שטעכיקן שניי, וואָס זיי הויבן אויף פון דעם פארפראָרענעם און מיט שניי באדעקטן טייך, און שלײדערן אים אונזער הויז אין פּנים אריין. וויפל מען האָט ניט געהייצט איז אַלץ אין שטוב קאלט געווען.

דערפאַר אָבער, ווען עס פלעגט קומען דער פרילינג און נאָך אים דער ליבער זומער פלעגט אונזער שטוב פול ווערן מיט ליכט און פרייד, און די גרינע נאַטור פלעגט אָנפילן אַלע ווינקעלעך מיט אי־רע זיסע, שטילע מאָטיוון.

די אין פרילינג צושפּילטע וואסערן פלעגן זיך אָנשלאָגן אָן די

פּאַדרובעם פון אונזער הויז, און ניט איין מאָל פלעגן מיר הערן ביינאַכט, ווי די שווימענדע אייז־קריעס שטורעמען דאָס הויז מיט געשרייען און געפּילדער. און דערנאָך, אז דער טייך פלעגט זיך באַרויקן און אריין אין זיינע ברעגעס, איז דאָס וואסער אויך געווען אַזוי נאָענט פון שטוב, אז מען האָט כמעט געקענט שפּרינגען פון פענצטער גלייך אין טייך אריין.

דאָס סאַמע ערשטע, וואָס איך געדיינק פון מיין קינדהייט איז די פאָלגענדע סצענע: איך שווים אין א קליין פישער־שיפל, וואָס די דוסן רופן — „דושעגובקא" — נשמה־קיילערן, אין מיטן טייך. ביים ברעג שרייט די מאַמע מיט באַנומענע קולות און לויפט ארום הין און צוריק, אָט ווי א קוואָטשקע, וואָס האָט אויסגעבריט ענטל־אייער, און די ענטעלעך, דערשמעקנדיק וואסער, זיינען אוועקגעשווומען פון איר.

איך בין דאַן קאַרגע דריי יאָר אַלט געווען, און שפּילנדיק ביים וואסער בין איך אריינגעקראָכן אין דעם פישער־שיפל, וואָס איז געשטאַנען ביים ברעג. דאָס ווי א פעדער לייכטע שיפעלע האָט זיך פון מיינע באַרירונגען און וואָג פון מיין קליין קערפּערל אליין אָפּגעשטופּט פון ברעג און איז אוועקגעשווומען מיטן שטראָם.

עס איז געווען א געפאַר, אז פון מיינע באַוועגונגען זאָל זיך דאָס שיפל איבערקערן. איך בין אָבער רואיק געזעסן אין דעם שמאָלען שיפעלע, אָנהאַלטנדיק זיך מיט ביידע הענטלעך פאַר זיינע זייטען, ביז וואַנען מען איז צוגעפאָרן און מיך פון אים אַראָפּגענומען.

און אָט איז א צווייטער בילד, וואָס האָט זיך איינגעקריצט אין מיין זכרון.

עס איז א וואָך פאַר פּסח. דער דרויסן איז לינד און אָטעמט מיט פרילינג. דער טייך איז נאָך מיט אייז באַדעקט, אָבער די ריטשקעלעך, וואָס לויפן צו אים מיט א שטילן געזאַנג פון אלע זייטן, האָבן שוין פאַרפלייצט זיין פאַרשוואַרצטן פּנים און ער גייט אָט־אָט צוזאַמענברעכן. — פלאַכטעס פון שמוציקן צוזאַמענגעפּרעסטן שניי ליגען נאָך ווו ניט ווו אין פאַרשאָטנטע ווינקעלעך, אָבער אויף די העכערע ערטער איז שוין פון אים קיין זכר ניטאָ, און עס באַווייזן זיך שפּראָצונגען פון גרינעם גראָז, וואָס די זון די כשוף־מאַכערן האָט ארויסגעצויבערט פון דער טראָגעדיקער ערד. — די ביימער ארום שטייען נאָך שוואַרצע, נאַסע, מיט היילע צווייגן אויסגעשטרעקטע

צו די ווארעמע שטראלן, וואס גיסן אויף זיי זייער גאלדענעם רעגן. מיט עטלעכע טעג שפעטער וועט איר זיי ניט דערקענען, זיי וועלן שוין אנהויבן פוצן זיך אין גרינע קליידער און שמייכלען צו אונז מיט זיבן חנען.

אין דער איינציקער גאס פון דעם שטעטעלע שמאיען אידן אין אן ערב־פסחדיקן הוהא. ווער עס טראגט אין א ווייסן ליילעך מצות ערשט פון אויוון ארויס, און ווער עס לויפט מיט אן עוף, וואס ער האט געקויפט ביי א פויערטע, אויסדינגענדיק זיך ביזן הייזעריק ווערן.

דער טאטע פירט מיך פארן האנט און שפרייזט מיט גרויסע טריט איבער די קאלוזשעס אין גאס. איך שפרינג אים פריילעך נאך. ווען ניט ווען הויבט ער מיך אויף און טראגט מיך אריבער איבער א גרעסערע קאלוזשע. איך בין שוין פינפטער יאר, א גאנצער בגרות, און פירן פירט מיך דער טאטע צום ערשטן מאל אין חדר אריין.

דערוויילע, הייסט עס, וועט מען נאר מאכן א פרווו. איסר דער דרדקי־מלמד, א קליין דאר אידל, וואס הינקטאונטער אויף א פוס, וועט מיר ווייזן איין „אלף", וועט מיר געבן דעם ערשטן קליין זו־פעלע פון דעם אומאויסשעפלעכן לויטערן קוואל, פון דער תורה הקדו־שה. און אויב איך וועל עס גערן טועם־זיין, און אפשר גאר בעטן נאך, וועל איך נאך יום־טוב, אם ירצה השם, ווערן א רעגעלער תלמיד זיינער.

מיר גייען ניט צום רבין אהיים, נאר צום חזן ר' גדליה, ווו עס דארף פארקומען דער פרווו פון עטלעכע אינגלעך.

דער חזן, א איד — הויט און ביינער, מיט א שפיציק, קליין, רויטלעך בערדל, מיט א מאטן דורכזיכטיקן פנים האט אפגעגעבן פאר דעם צוועק די געבויטע סכה פון זיין הויז, אפנים דערפאר, וואס אין שטוב גופא האט מען געוואשן און געשייערט און דארט האט זיך געטאן חשך מצרים.

אין סכה איז קאלט און שמעקט מיט ווילגאטש, און מיך טרייסעלט אביסל סיי פון קעלט און סיי פון אויפרעגונג פארן פארשטייענדן פרווו.

ביים טיש זיצט א דיקלעכער אינגל פון א יאר פינף מיט אנגעבלאזענע באקן און ברוגזדיקן קוק. ביי זיין זייט שטייט דער רבי

מיט א טייטל, אָנגעבויגן איבערן טיש ווו עס ליגט צועפנט א פּאַר־מוגרעטער „אלף־בית".

דער רבי ווייזט אָן דעם אינגל אויף אן „אלף" און הייסט אים: זאָג „אלף". דאָס אינגל שווייגט און אָנגעכמורעטער. הינטער דעם אינגל שטייט זיין טאטע, דער גביר פון שטעטל, און בעט זיך ביי אים:

— זאָג, מיין קינד, וואָס דער רבי הייסט דיר, און דערפאַר וועט דיר דער מלאך אראָפּוואַרפן פון הימל אלע גוטע זאכן. — פון דער אין לעקאכער געפּלאָכטענער סטעליע פאַלט אויפן טיש א באָקסער מיט א פּאָר טרוקענע פייגן. דאָס אינגל כאַפּט די פּירות און שטופּט זיי גלייך אין מויל אריין. דער רבי וואַרט געדולדיק, ביז וואַנען ער וועט פאַרטיק מיט זיי, און בעט זיך הכנעהדיק: נו, זאָג־זשע: „אלף". דאָס אינגל בלאָזט אָן די ליפּן און צעוויינט זיך מיט אמאָל: — איך וויל אהיים צו דער מאמען! — דער טרייער טאטע נעמט אים אויף די הענט, ווישט אים די טרערן און גייט ארויס מיט אים פון סכה.

דער רבי רופט מיך צו: זעץ זיך, חיים־קע, דו וועסט זיין א וויל אינגעלע און וועסט מיר אלץ נאָכזאָגן, יע? — איך שווייג און קוק אריין אין דעם „אלף־בית". פאַר מיינע אויגן טאנצן א קאַרא־האָד שוואַרצע מענטשעלעך אין פאַרשידענע פּאָזעס. איך סטאַרע זיך אָבער צו באַרויקן, און דאָס געלינגט מיר.

דער רבי ציינט מיר די אותיות און זינגט אונטער מאָנאָטאָנע: זאָג אלף, זאָג בית. איך זאָג אים נאָך און קוק זיך גוט־איין אין די פיגורן פון די אותיות. אזוי פאָרן מיר ביז „יוד". דער רבי קערט זיך אום און הייבט אָן פון אָנהויב: — וואָס איז דאָס? — פרעגט ער. אלף — ענטפער איך שטיל. — און דאָס? — בית, ענטפער איך שוין האפערדיקער.

דורכגעגאנגען אלע צען אותיות, הייבט דער רבי אָן איבער־שפּרינגען איבער איינעם, איבער צוויי: — וואָס איז דאָס? — וואָס איז דאָס? — איך ענטפער.

ארום טיש האָבן זיך דערווייל ארומגעשטעלט: מיין שטראַלנ־דיקער טאטע, דער חזן מיט דער חזנטע און עפּעס א אידענע, וואָס האָט כסדר געווישט די אויגן מיטן שמוציקן פאַרטוך און געמורמלט: א געבענטשטער בויך...

מיין טאטע קושט מיך און איך זע ביי אים טרערן אין די אוי־גען. דער חזן גיט מיר א קניפ אין עקל: — גאר, גאר א ווויל אינגעלע...

איך פיל מיך אי אויפגערוימט, אי פארשעמט אביסל און רוף:

— קום, טאטע, אהיים.

גלייך ווערט דא אפגעמאכט, אז נאך פסח הייב איך אן גיין צום רבין איסרן אין חדר, און מיר גייען ארויס מיטן טאטן אין דרויסן.

נאך דער טונקעלער, קאלטער סכה, ווער איך פארבלענדט פון דער שיינענדער, ווארעמער זון, וואס פארפלייצט מיך גלייך מיט אירע גין־גאלדענע שטראלן. איך פארזשמורע די אויגן און קוק אויף גאטס ליכטיקער וועלט. מיין קינדיש הארץ איז פול מיט פרייד. די פיס הויבן זיך פון זיך אליין, און איך פלי אהיים, לאנג־דיק דעם טאטן העט ווייט הינטער זיך.

איך נורע איין מיין קאפ אין דער מאמעס פארמעלטן שוים און טאנץ שטיפעריש אונטער מיט די פיס. די מאמע פארשטייט שוין, וואס דא קומט פאר. און אז דער טאטע קומט אריין און דער־ציילט איר פון אלץ, כאפט זי מיך האלדזן און קושן און באגיסט זיך מיט טרערן. — איר איין איינציק קינד, איר איין אויג אין קאפ...

און אט אזוי האט מען דאס יונג־קעפל פון דעם גרינעם, צאר־טען מענטשן־צווייגעלע ארייגעשפארט אין דעם אידעשן כאמוט, און א פארצוימטן מיט דעם חדר־ציימל האט מען אים געהייסן: גיי, לערן און זיי א איד!...

# די חדר־יאָרן

אונזער שטוב איז צעטיילט געווען מיט א לאַנגן, קאַלטן קאָרידאָר אויף צוויי וווינונגען. אין דער לינקער העלפט — א גרויסער צימער, א היפּשן טייל פון וועלכן עס האָבן פאַרנומען די אויוון מיט דער הרובע, און קליינעם אַלקיר, וווּ עס זיינען געשטאַנען צוויי בעטן, א קאָמאָד און א שאַפע; פון דעם אַלקיר האָט זיך געעפנט א טיר אין גרויסן שפּייכלער, וווּ עס איז געלעגן, געפּוילט און געזשאַווערט אַלטוואַרג מכל המינים — האָבן מיר אליין געוווינט.

אין דער צווייטער — רעכטער העלפט פון הויז, — צוויי היפּשע נאָר שטאַרק אָפּגעלאָזענע צימערן, וועלכע מיר האָבן גערופן — איך ווייס אַליין ניט פאַרוואָס — די שטיבלעך, האָבן יאָרן־לאַנג געוווינט אברהם באַדאַנעס, א הויכער שלאַנקער איד מיט א שיוור־לעכער שיינער באָרד, מיט זיין ווייב באַדאַנע, אן אויסגעדאַרטע אידענע מיט א צעקנייטשטן, צערונצלטן פּנים, אויף וועלכן עס האָבן געלויכטן א פּאָר לעבעדיקע, קלוגע אויגן.

אברהם באַדאַנעס האָט געצויגן זיין חיונה פון דאָרפס־פּאַרעריי. מוצאי שבת ביינאַכט, אָדער זונטיק גאַנץ פרי, פלעגט ער איינשפּאַנען זיין פערד און וואָגן און אוועקלאָזן זיך איבער די נאָענטע און ווייטערע דערפער.

זיין סחורה, וואָס ער פלעגט צושטעלן צו די ווי די נאַכט אָרעמע ווייס־רוסישע פּויערים איז באַשטאַנען פון א פּאָר פעסלעך דיעגאַכץ פאַר רעדער שמירן און א זאַק בייגל, וואָס האָבן שטאַרק געשמעקט מיטן דיעגאַכץ.

א גאַנצע וואָך פלעגט ער זיך אַרומשלעפּן פון כאַטע צו כאַטע, פון דאָרף צו דאָרף און בייטן זיין סחורה אויף א מעסטל קאָרן, גערשטן, ווייץ, אויף א פּאָר אייער, אויף א האָן אָדער הון. פון א

פאַר ארשין לייוונט, וואָס די גויעם וועלן אליין אוים, פלעגט ער זיך אויך ניט אָפּזאָגן, און א זעקל קאַרטאָפל איז געווים געווען א סחורה.

אָפּגעקומען די וואָך מיט א טרוקן שטיקל ברויט מיט קעז אָדער הערינג, מיט אן אוגערקע זומער און ווינטער מיט א ציבעלע, אָן א טראָפּן געקעכץ, איז אברהם באדאנעם פריטיק פאר פרי אַנגע־פאָרן אהיים. באדאנע פלעגט שוין אליין אויסלאָדן דעם וואָגן, אַנ־פּאָיען דעם פערד און אריינפירן אים אין שטאָל. אברהם פלעגט אויף גיך כאפּן א ריינע העמד און לויפן אין מרחץ אריין. קומענ־דיק פון באָד אָן אויסגעפּארעטער, אָן אויסגעצוואַקטער, פלעגט ער זיך גלייך נעמען פארן שיר השירים. אויסזינגען דעם שיר השירים מיטן טראָפּ — אברהם איז ניט געווען אין גאנצן א פּראָסטער — פלעגט אים באדאנע אונטערטראָגן א טעלערל זודיקן צימעס. אָפּגע־פּאַרטיקט זיך, פלעגט אברהם אָנטאָן די אטלעסענע קאַפּאָטע, וואָס איז געווען צעהאקט און צעשניטן, ווי לאָקשן, און גיין אין שול דאַווענען.

באדאנע פלעגט דערווייל אָפּבענטשן ליכט, שעפּטשענדיק פרום די ברכה, און זעצן זיך איבער א דיקן קרבן־מנחה מקבל שבת זיין.

געקומען פון שול איז אברהם באדאנעם גאָר אן אנדער מענטש. די נשמה יתרה האָט ארויסגעלויכטן פון זיינע אויגן, אראָפּגעשיינט פון זיין צוקעמטער, ברייטער באָרד און געשמייכלט זיך אויף זיינע דינע, אויסגעמאָגערטע ליפּן.

די ליכט ביים עק פון געגרייטן טיש האָבן העל איבערגעבּרענט, גע־וואָרפן זייער אָפּשיין אין די פינצטערע ווינקלען פון צימער און געשפּיגלט זיך אין דעם געשליפענעם פלעשל מיט וויין אויף קדוש. וואָס באדאנע האָט קיינמאָל נישט פארפעלט צוגרייטן צי עס איז יאָ געווען צי ניט געווען פאר וואָס.

אברהם האָט מיט שטילע ווייכע טריט געשפּרייזט איבערן צי־מער און מיט א פרומער הייזעריקאבער שטימע געזונגען: שלום עליכם.

אָפּגעגעסן די שבתדיקע וועטשערע, האָט אברהם געהאט א גע־וויינהייט אריינקומען אליין אָדער ביידע מיט באדאנען, מיט א ברייטן גוט־שבת, צו אונז אין שטוב. און אָט וועגן אזא פריטיק צו

נאכט זיינען מיינע ערשטע עריענרונגען פון מיינע ערשטע חדר־טעג.

דער טאטע האָט געהאלטן אין „פארהערן" מיינע לומדות — איך האָב שוין געקענט צונויפלייגן ווערטער אין סידור — ווען אברהם באַדאַנעס איז אריינגעקומען מיט זיין געוויינלעכן גוטמוטיקן: גוט־שבת.

— נו, און דו משה חיים־קע, האָט ער זיך גלייך געווענדעט צו מיר מיט א ברייטן שמייכל אין זיין צוואַקסענער באָרד — ער איז געווען דער איינציקער, וואָס האָט מיך שטענדיק גערופן ביי ביידע נעמען, — ביזט דאָך עפעס גאָר א ווויל אינגעלע. אנו, ר" לייזער, האָט ער זיך געווענדעט צום טאַטן, מישט אויף, זייט מוחל, שלום עליכם מלאכי השרות, די אותיות זיינען דאָרטן גרויסע, און לאָמיך הערן, ווי דאָס קינד וועט זיך באַגריסן מיט די הייליקע שבתדיקע מלאכים.

דער טאטע האָט איבערגעמישט אין סידור עטלעכע בלעטלעך און האָט אים צוגערוקט צו מיר. אברהם איז געשטאַנען הינטער מיר. זיין פּנים האָב איך נישט געזען, איך האָב אָבער געפילט, אז ער איז דורכגענומען מיט עפעס א מאָדנעם ציטער, אָט ווי ער וואָלט טאקע געזען די מלאכים פאר זיך. זיין ציטער האָט זיך איבערגעגע־בען צו מיר און מיר האָט זיך געדאַכט, אז איך הער דאָס פלאטערן פון פליגלען פון די הייליקע מלאכים, וועלכע איך גיי שלום עליכם אָפּגעבן.

ווי אזוי איך בין דורכגעקראָכן דעם שלום־עליכם — געדיינק איך ניט. איך געדיינק נאָר, אז אברהם באַדאַנעס האָט מיך א קניפּ־געטאָן אין בעקל און שוויינגדיק אין קאָפּ געקושט. ביי דעם טאַטן זיינען טרערן אין די אויגן געשטאַנען, און די מאמע האָט זיי שוין געוווּשט מיטן שבתדיקן פארטוך.

בראָוער פון אלעמען האָט זיך געהאלטן די באָבע רחל, דעם טא־טענס מוטער. זי האָט מיך צוגערופן צו זיך, א גלעט־געטאָן מיך מיט איר קליין וואַרעם הענטל און אריינגעשאָטן אין קעשענע א הויפן טיקווע־יאדער.

די באָבע רחל האָט חתונה געהאט אקוראט צו דרייצן יאָר. פאר דער חופּה איז אַרויסגעפאלן א היפּשער רעגן, און דער עלטער־זיי־דע ישראל דער זינגער — אזוי האָט מען אים גערופן פאר זיין

גרוים ליבשאַפט צו נגינה און אויך דערפאַר, וואָס ער פלעגט שטענ־דיק עפּעס אונטערזינגען — האָט געמוזט דער כלה נעמען אויף די הענט און אריבערטראָגן זי איבער די וואסער־קאַלוזשעס.

צו דריי און צוואנציק יאָר איז די באָבע אַן אלמנה געבליבן. דער זיידע ר׳ מרדכי, אַ איד אַ למדן, שטענדיק געזעסן על התורה ועל העבודה ביי דעם שווער אויף קעסט, איז געשטאָרבן פון שווינד־זוכט צו זיבן און צוואנציק יאָר, לאָזנדיק דער באָבען מיט פינף קינדערלעך — דריי אינגלעך און צוויי מיידלעך — אויף די הענט.

די באָבע, אַ יונגע, בילד־שיינע אַלמנה, איז געבליבן ביי איר פאָטער אין הויז, דאָס זעלבע הויז, ווו איך בין געבאָרן געוואָרן, האָדעווען אירע קליינע יתומימלעך, און האָט מער נישט געוואָלט חתונה האָבן.

פון דעם איין איינציקן זמן ביי איסרן אין חדר געדיינק איך אבסאָלוט גאָרנישט. ווי דורך אַ נעפּל געדיינק איך נאָר, אז שבועות אין שול האָט מיר דער טאַטע געגעבן „אקדמות״ זאָגן אין מחזור. איך האָב מיר געבראָכן די ציין, אָבער ווי עס איז דורכגעבראדיעט עטלעכע שורות.

אויפן צווייטן זמן בין איך אָנגעקומען צו אַ רבין פון חומש מיט ר״שי. איך געדיינק אפילו ניט, ווי מען האָט איט גערופן, און פאַר די דריי זמנים, וואָס איך האָב ביי אים געלערנט, זיינען ביי מיר קיינע איינדרוקן ניט פארבליבן, אַט ווי אַ רויך פארשוואונדן פון מיין געדעכעניש.

דייטלעך קלאָר געדיינק איך זיך ביי דעם גמרא־מלמד ר׳ לייב. מיר איז שוין זעקס יאָר געוואָרן, און איך לערן תנ״ך און קליינע שטיקעלעך פון דער גמרא „ברכות״.

איידער איך גיי דערציילן וועגן מיין נייעם רבין און חברים, וואָס האָבן געהאט אַ ווירקונג אויף מיין ווייטערדיקער אנטוויקלונג, וויל איך פארצייכענען דעם לעצטן פורים, פאַר מיין אָנקומען צו ר׳ לייבן אין חדר, וועלכן איך געדיינק אַט ווי עס וואָלט נעכטן פאַסירט.

עס איז געווען אַן עיבור־יאָר. פורים איז אויסגעפאַלן זונטיק, און דער תענית־אסתר איז געווען אַ מוקדם, דאָנערשטיק הייסט עס.

פאַסטן אַ תענית ביי אונזער שטעטלדיקן אידן איז געווען אַ

קלייניקייט, ער איז אלע טעג פון א גאנץ יאר געוווינט געווען ניט עסן צו זאט, היינט וואס פאר א ווערט־ע האט עס געהאט ביי אים א טאג אין גאנצן ניט עסן?...

אבער דעם תענית־אסתר האט מען געפאסט מיט גאר א באזונדער צופרידנהייט; מען וועט גיין מיט א „פולן בויך" צו דער מגילה, און מען וועט קענען ניט געאיילטערהייט נקמה נעמען פון דעם צורר היהודים, אז ער זאל עס געדיינקען ביז איבער א יאר.

מיר, קינדער, האבן זיך געגרייט צום פורים אויף אונזער אייגענעם שטייגער.

עס איז געווען א סדרה פון קאלאקאטקעס, שריייערס און גראגערס. דער מסחר איז אנגעגאנגען געשמאק, — מען האט געקויפט, פארקויפט, געביטן, — און דער אינגלשער עולם איז געווען פארהאוועט ביז גאר.

דער רבי האט די וואך פאר פורים אביסל אפגעלאזט די לייצעס, און מיר האבן עס אויסגענוצט אין דער פולער מאס.

דער פרילינג האט זיך געשפארט פון אלע ווינקעלעך און מיט א ליבן שמייכל פאריאגט דעם בייזן ווינטער. די זון האט געארבעט מעשים און מיט יעדן טאג אלץ מער תל געמאכט פון דעם ווייסן אכזר. — אט איז שוין באלד קיין זכר פון אים ניט געבליבן.

און דארט, ווו ער פארשוואונדט נאר, באוויזן זיך באלד גרינגרינינקע, ווי ערשט אויסגעוואשענע, גרעזעלעך.

דער טייך האט זיך מיט קולי־קולות געריסן פון זיין ווינטער־תפיסה, געבראכן און געקרישלט דעם אייז אויף טויזנטער שטיקער און שטיקלעך און לסוף אין גאנצן באפרייט זיך פון אים.

עס איז אין אים שווער געווען צו דערקענען דעם שטילן, שלאפעדיקן טייך פון די זומער־חדשים, ווען ער רוט אזוי געמוטלעך אין זיינע גרינע ברעגעס. איצט איז עס א רוישנדער, ברייטער וואסער, וואס פארפלייצט גרויסע שטרעקעס פון דעם צווייטן נידעריקן ברעג, און דערגרייכט אזש ביז צום מאיעסטעטישן סאסנאוון וואלד, וואס זעט זיך דארט העט־ווייט פון שטעטל.

מיר, קינדער, האבן געקוקט אויף אונזער ליבלינג מיט א באזונדער יראת־הכבוד, — עס איז דאך שוין עפעס גאר קיין טייך נישט, נאר אן עכטער ים־הגדול.

שבתדיקן טאָג —ערב פּורים — האָבן מיר פאַרבראַכט אין די לעצטע האַוועניש פון אונזער גרויסן מסחר. אַזוי ווי אָבער שבת טאָר מען אַזעלכע זאַכן נישט טאָן, האָבן מיר עס געמאַכט אויף שטום־לשון און אויף באָרג.

אָט נויגט זיך שוין די זון צום מערב און פאַרפּלייצט מיט אירע רויטע שטראַלן די הויכע ביימער פון דעם אַלטן בית־עולם, הינטער וועלכע זי לאָזט זיך אַראָפּ אַלץ נידעריקער.

מיר זיינען אין שול, וו מען שטעלט זיך דאַווענען מעריב אין דער פינצטער. נאָך הבדלה ווערט די שול יום־טובדיק באַלויכטן. דער בעל־קריאה איז שוין אויפן בימה און הויבט אָן צו לייענען די מגילה.

מיר, קונדסים, קענען זיך נישט דערוואַרטן ביז וואַנען דער בעל־קריאה וועט צוקומען צו המן בן המדתא צורר היהודים, און מאַכן אַ געפּילדער מיט אונזערע גראַגערס און קלאַקאַטקעס וווּ און ווען איר ווילט נאָר אַליין. עס כאַפּן קלעפּ סיי אחשורש, דער מלך טפּש, סיי זיין רעוואָלוציאָנערע פּלוניתטע ושתי, און סיי אפילו מרדכי היהודי מיט אסתר המלכה.

אידן מיט בערד „ששיקען", — ריידן אָדער שרייען הארבע ווערטער קען מען דאָך ניט, מטאָר ניט מפסיק זיין — אָבער מיר הערן זיי, ווי דעם גראַגער, און אָרודעווען אויף וואָס די וועלט שטייט.

און מיט אַ מאָל איז אין שוהל שטיל געוואָרן, ווי אויף אַ בית־עלמן. דער גאַנצער עולם צוזאַמען מיטן בעל־קריאה האָבן זיך אומגעדרייט מיט די פּנימער צום אריינגאַנגס־טיר, צו די „פּאַפּיש".

דאָרט איז געשטאַנען דער פּריסטאַוו פון שטעטל, אין באַגלייטונג פון דעם אוריאַדניק און צוויי סאָטסקעס.

דער גבאי מיט יעקב יהושע דעם שרייבער, דער איינציקער „קענער" אין שטעטל, האָבן זיך אַ לאָז־געטאָן צום טיר.

נאַטשאַלסטוואַ — אָן היטלען — איז געשטאַנען אין אַ ראָד פון פּוסטקייט, ווייל דער פּאַליש־עולם האָט געמאַכט וואָרע. אפילו מיר — ווייסע חברהניקער, וואָס האָבן פאַר קיין זאַך קיין מורא ניט, האָבן זיך דאָ דערשראָקן פאַר דעם פּריסטאַווס בייזע וואָנצעס און פאַרטאָיעט זיך אין די ווינקלען.

נאָך לאַנגע בוקענישן און הכנעהדיקער גרייטקייט אויף אַלץ,

פון איין זייט, און הייזעריקע, האווקענדיקע אויסגעשרייען, פון דער צווייטער זייט, האט זיך ארויסגעוויזן אט וואס:

מיט אן עסטאפעט פון אויעזד איז ערשט געקומען א ידיעה, אז דעם ערשטן מערץ — מיט קארגע דריי וואכן צוריק — האט א באנדע „קראמאלניקעס" אין פעטערבורג מיט א באמבע דערהרגעט דעם אימפעראטאר אלעקסאנדער דעם צווייטן, דעם „בעפרייער". די „צארעאובייצעס" זענען כמעט אלע זשידעס, און דער נייער צאר — אלעקסאנדער דער דריטער — וועט זיך שוין אפרעכענען מיט אלע פארפלוכטע „זשידעס"!...

געקומען איז נאטשאלסטווא אין שול מאכן אן אונטערזוכונג, צי הינטער דער קלאפעריי, גראגעריי און פייפעריי גרייט מען דא אקארשט ניט צו באמבעס, אדער אן אנדער „קראמאלא"...

געענדיקט האט זיך די „אונטערזוכונג" דערמיט, וואס דער גבאי האט, נאך לאנגן געבעט, געפועלט בא נאטשאלסטווא טועם צו־זיין ביי אים אין הויז פון די פורימדיקע מעדני מלך, באגאסן מיט א גוט ביסל ספירט, און צונעמען א פאר רובל פאר די „קראנקע פון שטעטל"...

לייבע דער מלמד, א איד פון א יאר עטלעכע און דרייסיק, א מאגערער מיט א ציגן־בערדל, איז געווען א פרייליכע נשמה. ער האט ליב געהאט צו דערציילן פאנטאסטישע מעשיות, צוגעפראוועטע פון זיין אייגענעם שטייגער. פאר א גוטן וויץ וואלט ער אוועקגעגעבן מי יודע וואס. ער האט געקענט אים אויסהערן און אויך איבערדערציי־לען. א גרויסער בקי אין וועלט־פאליטיק, האט ער שטענדיק געזוכט פון וועמען ניט איז ארויסבאקומען אפעס נייעס אויף דעם פעלד. א נומער „המליץ" אדער „הצפירה" איז געווען ביי אים א גאנצער אוצר. און ער פלעגט וואכן נאכאנאנד האלטן אין איבערקייען די פאליטי־שע ארטיקלען פון דארט.

קיין גרויסער עושר איז לייבע דער מלמד ניט געווען, הגם — אויסער זיין מלמדות — האט ער נאך געקענט, אדער געמיינט אז ער קען, פאררעכטן זייגערס און זייגערלעך.

איין מאל אין א שמיטה פלעגט אים ווער ברענגען א קאליקן זיי־גער צורעכט מאכן. ער פלעגט זיך מיט אים פארען וואכן־לאנג.

אין די אוונטן, נאכן חדר, פלעגט ער זיך נעמען פאר דער איי־

דעלער מלאכה. גערייניקט און געפּיילט, און מיט א פּאַרקנייטשטן שטערן אריינגעקוקט אין יעדן רעדעלע, אין יעדן שרייפּעלע. ניט אלע מאָל פלעגט עס וועלן גיין.

— וואָס הערט זיך, ר' לייב, מיט מיין זייגער, איר האָט דאָך מיר צוגעזאָגט היינטיקע וואָך אים פאַרטיק מאכן? — פלעגט צום וויפלטן מאָל פרעגן עפּעס א יונגערמאַנטשיק אויף קעסט, וואָס האָט זיין זייגער באקומען א מתנה פון דער כלה.

— גוט, גוט, עס גייט שוין אויפן וועג. אייער זייגער איז אביסל אן עקשן, אָבער איך וועל אים בייקומען און ער וועט שוין ביי מיר אוועקגיין. געדולד, געדולד, מיין ליבינקער. דאָס איז אייך ניט א פּאָר שטיוול פאַרלאַטען; דאָ דאַרף מען צולייגן קאָפּ, פאַרשטייט איר מיך.

קיין גרויסער למדן איז לייבע דער מלמד אויך ניט געווען. די הונדערט מאָל איבערגעלערנטע מסיכתא „ברכות" און די ערשטע דפים פון „כתובות" און „קדושין" זיינען שוין געווען אזוי איינגע־שטודירט, אז עס איז געגאנגען ווי א מזמור. אָבער קיין חריפות האָט ר' לייב קיינמאָל נישט ארויסגעוויזן, און ער האָט עס ניט געדאַרפט אויך. זיינע תלמידים זיינען אלע געווען יונגע גענזעלעך, וואָס האָבן זיך ערשט געפּאַטשקעט ביים ברעג פון דעם גרויסן ים התלמוד. ווי נאָר זיי האָבן זיך אויסגעלערנט אביסל שווימען, פלעגט מען זיי גע־בען צו א גרעסערן רבין.

צו זיינע תלמידים איז לייבע דער מלמד געווען ווייך, ווי וואַקס. ווען א קלאַפּ איז אָפּגערעדט, אפילו א הויכן קול האָט פון אים א תלמיד קיינמאָל נישט געהערט. א גוטמוטיקער שמייכל האָט שטענ־דיק געשוועבט אויף זיינע דינע, אויסגעבלייכטע ליפּן.

ווען א אינגל האָט זיך פאַרהאַקט און ניט געקענט גיין ווייטער אין דעם קאַפּיטל תנ"ך אָדער עמוד גמרא, פלעגט ר' לייב אביסעלע פאַרקנייטשן דעם שטערן, מיט דער לינקער האַנט פאַנאַנדערנעמען די האָר פון זיין שפּיציק בערדל און מיט דער רעכטער — אָנווייזן דעם אינגל פון וואַנען ער זאָל אָנהויבן נאָכאַמאָל איבער זאָגן דאָס שווער שטיקל.

און אז דער תלמיד פלעגט זיך צושאָקלען און מיט א ניגון

אָנהויבן קריכן בארג־ארויף, פלעגט ר״ לייב פּאַטערל׳עך אים אונ־
טערשטופּן און ארויסהעלפן דורכקריכן בשלום.

ער פלעגט אונז אָפט דערציילן אגדות פון גמרא אָדער מדרש. און אזוי ווי אַלץ, וואָס איז ארויס פון זיין מויל, איז געווען אָנגע־הויבט מיט זיין דיכטערישער פאנטאזיע, פלעגן מיר עס פשוט שלינ־גען מיט אָפענע מיילער.

מיר האָבן אים אלע זייער ליב געהאַט און שטענדיק געהיט זיך ניט צו פארשאַפן אים עגמת־נפש.

די פיר זמנים, וואָס איך האָב ביי ר״ לייבן געלערנט, זייגען דורכגעלאָפן ווי איין טאָג.

דעם שווערן יאָך, וואָס אונזערע טאטעס פלעגן רופן — עול התורה, אָבער אין דער אמתן איז עס געווען דער בייזער, אמאָל אפילו דער ביזוויליקער דרוק פון די מלמדים, וועלכע, אליין פארביטערטע פון דעם קלאָגעדיקן לעבן, פלעגן אויסלאָזן זייער שווער־געמוט צו אונזערע קעפּ, האָבן מיר ביי ר״ לייבן ניט גע־פילט. אן עלטערער חבר איז ער געווען אונזערער.

איך געדיינק אזא צופאַל. ר״ לייב האָט געהאַט צוויי קינדער — א אינגל פון אכט יאָר און א מיידעלע פון פינף. ער האָט זיינע קינדער זייער שטארק ליב געהאַט און פלעגט זיך שפּיגלען אין זיי. דער אינגל האָט געלערנט מיט אונז צוזאמען.

דאָס איז געווען א שטיל, רויק קינד. ניט איבעריק פארשפּיצט, אָבער מיט זייער א מילדן און גוטן כאראקטער. לערנען האָט ער געוואָלט, און איז פון אונז ניט אָפּגעשטאנען. מיר האָבן גערן זיך נעחברט מיט אים.

ביי יעדן קינד זיינען אָבער דאָ קאפּריזנע מאָמענטן. עס הייגט געווים אָפּ פון זיין פיזישן צושטאנד — איבערהויפּט פון מאָגן.

יענע וואָך האָבן מיר געלערנט א הארבערע סוגיא. און ווען ר״ לייבס אינגל האָט געדאַרפט זאָגן די סוגיא, האָט ער זיך אָפּגע־שטעלט און ניט פון אָרט. וויפל דער רבי האָט אים ניט אונטער־געטריבן, איז ער אַלץ געווען איינגעשפּארט און ניט געעפנט דאָס מויל.

ר״ לייב איז ארויס פון די כלים, האָט אראָפּגענומען דעם פּאַ־סעק און מכבד געווען מיט אים זיין בן־יחיד.

דאָס אינגל האָט זיך ביטער צעוויינט, און בליפענדיק אויס־געראָפן: — מיט וואָס בין איך ערגער פון אלע אינגלעך?! — קיי־נעם שלאָגסטו ניט און העלפסט ארויס, און מיך האָסטו געשלאָגן און נאָר גענוקעט, אפילו מיט איין וואָרט ניט געהאָלפן...

— נארישער אינגל וואָס דו ביזט, האָט ר' לייב מיט א שמייכעל געענטפערט, פאָר וואָס פארשטייסטו נישט, אז פרעמדע קינדער האָב איך ניט דאָס רעכט צו שלאָגן; זייערע טאטעס צאָלן מיר שכר־לימוד, דאָס הייסט, — געצאָלט פאר לערנען און ניט פאר שלאָגן. נו, און דו ביזט מיין קינד און קיין שכר־לימוד צאָלט מען פאר דיר אויך ניט, איז מה רעש אויב איך האָב דיר א שמיץ געטאָן מיטן פאסעק?...

אין די פאָר ווערטער איז געווען דער גאנצער ר' לייב.

ווי דער שטייגער איז דאָן געווען אין די שטעטלעך, הייב איך אָן צום נייעם רבין גיין אין חדר באלד נאָך פורים.

מיין קליינינקע, מיין אָרימע שטעטעלע!...

פארשטעקט ערגעץ צווישן ווייס-רוסישע מאָגערע זאמדן און פאלעסיער צוקרימטע וועלדער, וויסטע העקן און פארפעסטעטע זומפן — גלאנצסטו נישט ניט מיט דיין אויסזען, ניט מיט דיין אנטוויקלונג.

א קליין הייפעלע פארהושטע, שטענדיק דערשלאָגענע אידן, און נאָך א קלענערער הייפעלע אָפגעריסענע, שטענדיק שיכורע גוים באוווינען דיין איין איינציקע לאנגע גאס, מיט א פאָר זייטיקע קורצע געסלעך.

מיט דעם אויסנאם פון אפשר א צענדליק הייזער, וואָס פארדינען דעם נאָמען, זיינען דיינע „פאלאצן" אָפגעלאָזענע חורבות מיט שטרייענע צעדרייטע דעכער, ווו די „איינגעטימער" ווערן געבאָרן, פינצטערן אָפ א קלאָגעדיקן לעבן, און פארענדיקן אים — צוגלייך מיט די גרעסטע עשירים — אויפן ווייטן בית עולם, צופוסענס פון א שווארצן וואלד, אדער אויף די נאָענטע מאהילקעס, וואָס ליגן הארט ביים שטעטל...

דער שטילער, פארחלומטער טייך, וואָס קומט פון טיפע וועלדער און ברייטע, אומעטיקע פעלדער, גיט זיך מיט אמאָל א קירעווע צי

דיר, שטעטעלע מיינס, אַט ווי ער וואָלט וועלן א קול טון, וואָס פאַר א בריאה האָט זיך עס צולייגט דאָ אויף זיינע ברעגעס.

נאָר אז ער — דער טייך — דערזעט דיין פארטרוויערטן גע־שטאַלט, ווערט אים אומעטיק צו בלייבן מיט דיר, און ער קערט אָפּ זיין ליכטיקן פּנים און פארשווינדט צווישן געדיכטע וועלדער און ברייטע, גרינע פליינען...

אז עס קומט דער ליבער פרילינג, צובליט זיך די נאַטור און טונקט דיך איין, מיין שטעטעלע, אין פריש־פרישינקע גרינס, און אין גן־עדן ריחות פון צעבליטן בעזש און סירען. אָבער — עס צעבליען און פארמערן זיך אויך כל־ערליי מאַסקיטן, וואָס קומען פון טייך, פון די נאָענטע וועלדער און ניט גאָר ווייטע זומפּן. זיי בייסן אָן רחמנות און זינגען דיר אריין אין אויער זייער נצחון־ליד...

זומער־צייט, אונטער די זודיקע שטראַלן פון דער צייטיקער זון, ווערסטו אנדרעמלט, מיין אָרים שטעטעלע. די פליגן זשומען און טרייבן אָן א פוילן אומעט, און דרעמלענדיק חלומט זיך דיר — א פארדינסטל אויף שבת. קיין גרעסערע השגות האָסטו נישט, מיין פארוואָרפן שטעטעלע.

אין הארבסט — ווי מען זאָגט נאָר אָפּ גשם — הויבן די הימ־לען אָן צו וויינען אויף דיין ביטערן מזל, און דו ווערסט פארטרונקען אין שוטערע בלאָטעס. דערפאַר אָבער ווינטער — ביסטו אן אמתע בת־מלכה. דער בן־מלך, וואָס פייערט צו דיר מיט א ברענענדער לי־בע פון א צוואַנציק־גראַדאָווען פראָסט, קלייט דיך אָן אין ווייסן, אַט ווי א כלה צו דער חופה. ער טריקנט פריער אוים אלע דיינע בלאָ־טעס, און דערנאָך וויקלט ער דיך איין אין א ווייסן שלייער, וואָס פארדעקט די קופּעס מיסט ביי אלע פלייטן, און מאַכט דיר אויס־זען ריין און אומשולדיק...

ריין, מיין ליבינקע, ביזטו נאָר ווינטער, אָבער אומשולדיק בים־טו א גאַנץ יאָר; ווארים, צי איז עס דען דיין שולד, וואָס דו ליגסט א דערדריקטע, א דערשלאָגענע און קענסט זיך ניט א ריר טאָן מיט קיין אבר?...

*

* *

פאַר די לאַנגע יאָרן, זינט איך בין אוועק פון דיר, מיין ווייט־

נאָענטע שטעטעלע, האָבן איך זיך אָנגעזען גאָר א סך גרויסע, מאָדערנע שטעט מיט זייער טומלדיקער ציוויליזאציע. איך בין אריינגעשלעפט געוואָרן אין זייער רוישיקן לעבן, און געדרייט זיך צוגלייך מיט אלעמען אויף דעם אומענדלכן ראָד, אָט ווי א פערד אויפן ראָד פון א טאָפטשאַק־מיל... דאָך אָבער מיין אָרימע, מיין הארציקע שטעטעלע, האָב איך קיינמאָל נישט פארגעסן. איך דערמאָן דיך מיט טיפער בייגקשאפט און עס ציט מיך צו דיר, ווי צו אן איינאיינציקער ערשטער און לעצטער ליבע:

— „צען האָב איך געליבט, ניין האָב איך פארגעסן, נאָר איינעם פארגעסן קען איך נישט!“...

איך דערמאָן דיך, מיין קלייניקע, און א וואָלקן ערינערונגען וויקלט איין מיין פארשנייטן קאָפּ, און טראָגט מיך אהין, ווו מיין וויגעלע איז געשטאַנען.

עס איז א לינדער נאָך־פּורים. די זון ווארימט צו בייטאָג, און אונטער איר פרילינג־שמייכל הייבן זיך אָן שמעלצן די קופּעס שניי, וואָס ליגן נאָך אומעטום. די שטיפערישע וואסערלעך ראַיען זיך אונטער די פארהילשטע שניי־הורבעס און גראָבן זיך דורך א וועג; אָבער ביינאכט קומט דער פרעסטל, פארגליווערט זיי און שטעלט אָפּ אויף א ווײַלע זייער דראַנג פאָרויס, — נאָר אויף א ווײַלע, ווייל דער ענדגילטיקער נצחון איז זייערער.

מיר אינגלעך לערנען נאָך כלומרשט אין חדר, אָבער עס איז שוין ניט דאָס וואָס פריער, עס איז זמן חירותנו.

די רביצן פארטרויט א סוד דעם רבין, אז מרדכי דער מלמד גייט שוין די טעג עפּענען זיין פאדריאד, און מען האָט געדאַרפט זען, אז מיר זאָלן באַקן אונזער מצה, אין די ערשטע אכט־צען טעג און ניט בלייבן צום לעצט מיט אלע קבצנים.

מרדכי דער מלמד, אָדער מרדכי דער ציִמעס, ווי מען רופט אים אין שטעטל, ווערט אלע יאָר פאַר פּסח א פאדריאטשיק אויף צוויידריי וואָכן. מיינט ניט חלילה, אז ווי אלע פאדריאטשיקעס קריגט ער א גראָבן בויך און אן אָפּגעפרעסענעם קארק. גאָט באהיט! — ער בלייבט דער זעלבער אביון, ווי געווען, נאָר וואָס דען? — דער פאדריאד העלפט אים צו האָבן מצה אויף פסח און נאָך אפשר ראַזשינקעס־ווײַן אויף ארבע כוסות. ווען ער איז ניט דער פאדריא-

משיק און ווערט אליין ניט פארשרפט ביים אויוון פון פארטאָג ביז שפּעט אין דער נאכט, ווי א זעצער, וואָלט ער פון זיין מלמדות אליין דאָס ניט געהאט.

פאר וואָס רופט מען אונזער פאדרואטשיק־מרדכי דער צימעס — איז דאָס אזא מעשה:

מיט יאָרן צוריק האָט די כאָלערע באזוכט דאָס שטעטעלע. ווי געוויינלעך, זומער־צייט. מענטשן זיינען געפאלן ווי פליגן. עס איז שוין סוף אלול, עס רוקן זיך אָן די ימים נוראים, און די מגפה בושע־וועט אָן רחמנות.

עס איז שוין סכות, אָבער ווי אויף צו להכעיס איז געווען א ווארימער הארבסט, און די ניט געבעטענע גאסט איז נאָך אלץ דאָ. דאן האָט דער רב געהייסן אויסרופן אין שול, אז מען זאָל צו די יום־טובדיקע מאָלצייטן נישט קאָכן קיין צימעס, ווייל מערן־צימעס איז א שווערער עסן און העלפט דער מגפה פאנגען אירע קרבנות.

געקומען שמחת־תורה — אז אָך און וויי וואָס פאר א שמחת־תורה דאָס איז שוין געווען — און חברה קונדוסים האָבן דער־שמעקט — טאקע בוכשטעבלעך — אז מרדכי דער מלמד האָט באַ־האלטן אויפן אויוון, אונטער א קישן, א גוט שמעקעדיקן צימעסל.

מרדכי איז געווען אין שול צום דאווענען, און חברה האָט זיך אריינגעריסן אין שטוב צום מלמד, געפונען דעם צימעס, נאָך מיט א לאנגער אָנגעפילטער קישקע, און פייערלעך געטראָגן עס אויפן שול־הויף כדי צו פארברענען צוזאמען מיטן סכך. — פון דאן אָן איז אוועק א סדרה: מרדכי דער צימעס.

מיר באקן מצה, פארשטייט זיך, אויף דעם ערשטן אויוון, כדרך כל הבעלי בתים חשובים.

דער ערשטער אויוון — דאָס מיינט פינף אזייגער פארטאָג, אָבער מיך האלט עס ניט אָפּ. איך בין דאָ און פּלאָנטער זיך ביי אלעמען אונטער די פיס. אז דער רעדלער פארקוקט זיך א ווײלע, כאפּ איך דעם רעדל — דאָס איינציקע איבערבלייבעכץ פון אן אָלטן וואנט־זייגער, וואָס האָט אָפּגעדינט ניט ווייניקער, ווי אמאָל א ניקאָלאיעווסקער סאָלדאט — און פיר איבער א מצה.

און אָט בין איך לעם דער קנעטערן און שטופּ מיינע הענטלעך אין דער מיירע אריין — איך וויל איר העלפן קנעטן. די קנעטערן

מאַכט אַ גוואַלד — איך וועל חמץ־דיק מאַכן די מיירע. איך קריג דערפאַר אַ רעכטן ברוך־הבא. מיך ענטמוטיקט עס אָבער ניט.

איך דריי זיך שוין אַרום דעם זעצער און פאַראינטערעסיר זיך שטאַרק מיט זיין אויסזען, מיט דעם שפּיל פון ליכט און שאָטן אויף זיין אויסגעדאַרטן, געלן פּנים: ווען ער קערט זיך אום צו די וועלגערינס אָנצונעמען די רייע מצות אויף זיין שטעקן, איז ער דער זעלבער אויסגעמאַטערטער און אויסגעדאַרטער מלמד, ווי אַלע טעג פון אַ גאַנץ יאָר. ווען ער דרייט זיך אום אָבער מיטן פּנים צום אויוון, דערקען איך אים ניט. איך זע פאַר זיך אַ פייער — מענטשן מיט אַ צולויכטענעם פּנים און פלאַמענדן בערדל.

די איינציקע, וואָס ליידן פון מיר ניט, זענען די וועלגערינס. דאָס איז דערפאַר, וואָס מיינע אַקסלען דערגרייכן קוים צום ברעט, אויף וועלכע די אָרעמע פרויען וועלגערן די מצות מיט די הענט, און אַרודעווען איינצייטיק מיטן צונג אויף אַלע כלים. לאַנג אָבער האַלט עס ניט אָן. איך דערטאַפּ ערגעץ אַ ליידיקן קעהטל, וועלכער העלפט מיר „דערהויבן" זיך צו דעם הויך פון אַ דערוואַקסענער וועלגערן. ביי דער קנעטערן האָב איך נאָך פריער צוגעשלעפּט אַ שטיקל טייג, קאַצילקעס זענען דאָ געוונג איבעריקע, און קיינער זעט זיך ניט אַרום, ווי איך האָב שוין באַלד אויסגעוועלגערט אַ גאַנצע מצה.

עס ווערט, פאַרשטייט זיך, אַ ויצעקו, און איך ווער אויס מצה־וועלגערער.

איך וויל העלפן דעם טרעגער, וואָס טראָגט די מצות אין אַ ווייסן „פּסחדיקן" ליילעך צו אונז אהיים, עס גייט אָבער ניט. וואָס הייסט — איך קען נאָך, חלילה, פאַלן מיט די מצות און פאַרנעצן זיי, אַמתער חמץ.

אַ ביסל אַ באַליידיקטער פון די „גרויסע", שלינג איך אויף שנעל־איין מיין אָנבייסן און גיי אַוועק אין חדר אַריין.

דאָרטן, פאַרשטייט זיך, ווער איך גלייך אַ גאַנצער העלד. איך פאַרכליניע זיך דערציילנדיק די נייע חברים, ווי אַזוי איך האָב גע־קנאָטן, געוועלגערט און גערעדלט מצות, און אפילו איין מאָל האָט מיר דער זעצער געלאָזן אַרויסנעמען פון אויוון אַ לעבעדיקע, אויס־געבאַקענע מצה.

די חברים זיינען מיר מקנא, און די טעמע פון מצה־באקן דינט מיר אויף היפש עטלעכע טעג.

מיר לערנען מיטן רבין די הגדה עפעס מיט א פירוש. דער רבי מאטערט זיך אונז געבן צו פארשטיין דעם חילוק צווישן דעם רשע און דעם תם פון די ארבעה בנים. עס קריכט אונז אבער גאר אין קאפ ניט אריין. אין דער היים האט מען שוין היינט אלץ ארויסגע־טראגן פון שטוב, און מען וואשט. און מען שייערט. די זון מאכט מיט יעדן טאג אלץ שטארקער אירע אטאקעס אויף דעם אפשטארבנ־דען ווינטער. דער אייז אויפן טייך קרעכצט ווי א חולה מסוכן. זיינע טעג און אפשר שעהן זיינען געציילטע. מיר שפרינגען ארום אין די פולע לוזשעס און פארנעצן זיך ביזן האלדז. קיינער קוקט זיך אויף אונז ניט אום. די מאמעס זיינען פארנומען מיט אריינברייננגען דעם פעמער פסח אין שטוב אריין, און די טאטעס — מיטן פרובירן די וויינען פון פרשידענע פעסער און פעסלעך און זאגן מבינות; מיט מכירת חמץ צום רב, וועלכער — פון זיין זייט — פארקויפט די גאנצע האב און גוטס פון שטעטל צו מיקיטקע דעם שיכורן האלאדרא־ניעץ פאר א — גאנצן רובל, און מיטן צוגרייטן מרור און חרוסת; עס איז פאר אונז א לעבעדיקע וועלט.

דער רבי שלעפט אונז נאך אמאל אריין אויף א ישעה, און סטא־רעט זיך מאכן דעם סך הכל פון די מכות, וואס די מצרים האבן דאן ארייננעכאפט אויף זייער חלק. ער פארפלאנטערט זיך אבער אין רעכנונג, און גיט א מאך מיטן האנט, ווי איינער זאגט: הלואי אויף אלע אידישע שונאים ניט ווייניקער געזאגט געווארן.

דעם בכל דור ודור עומדים עלינו לכלותנו — באנעמען מיר זייער גוט: וואס איז — ווינציק שטיינער האבן אויף אונז די שקצים געווארפן, ווינציק הינט אנגערייצט!...

אבער ניט געדאגהט — הקדוש ברוך הוא מצילנו מידם — מיר האבן א גרויסן גאט און ער וועט זיי שוין באצאלן מיט אזויפיל מכות, וויפל נאר עס וועט זיי אין האלדז ארייגקריכן!...

עס איז שוין ערב פסח. און אז מען קערט־אויס די שטרוי, מיט וועלכער דער פאל פון שטוב איז געווען באדעקט א גאנצע וואך, מען זאל חלילה וחס ניט אנטראגן חמץ אויפן אויסגעוואשענעם „פסח־דיקן" דיל, און אז מען טראגט אריין די אויסגעצוואגענע טישן און

ביינקלעך, ווערט אין שטוב ליכטיק אין אַלע ווינקעלעך, און דער פּסח מעלדט מיט אַמאָל: איך בין דאָ!

יענע פּאַר פּסחדיקע טעג געדיינק איך שאַרף און קלאָר. שטי־פּענדיק און האַווענדיק אָט אין די האַלב־פּרייע טעג, בין איך אַרומ־געגאַנגען מיט גדלות און מיט אַ געהויבענעם קאָפּ. עס איז ניט קיין קלייניקייט — איך לערן שוין ביי לייבע דעם גמרא מלמד, איך — דער זעקסיאָריקער שנעק, ווען מיינע חברים אין חדר זיי־נען אַלע מיט צוויי־דריי יאָר עלטער פון מיר.

ווי לעבעדיקע שטייען פאַר מיינע אויגן יענע האַפּערדיקע טעג.

עס איז די נאַכט פאַר ערב פּסח. געקומען פון שול נאָך מעריב זאָגט דער טאַטע: איצט וועלן מיר בודק חמץ זיין.

די מאַמע דערלאַנגט אים אַ הילצערנע לעפל, וואָס האָט שוין אָפּגעדינט איר טערמין, און טויג מער נישט, ווי צום פאַרברע־נען, און אַ פּאָר גאַנזענע פעדערן.

דער טאַטע מאַכט זיך ניט־זעענדיק, ווי די מאַמע גייט פון פענצטער צו פענצטער און צעלייגט אויף יעדן פון זיי שטיקלעך האַרטן ברויט.

מיט אַ פרומער מינע און אַ ברכה אויף די ליפּן לאָזט זיך דער טאַטע זוכן דעם חמץ, און שאַרט אים פאַרזיכטיק מיט די פעדערן אין לעפל אַריין.

ער גיט כלומרשט אַ שאַר אויך אויפן פּריפּעטשיק פון דעם גרוי־סען אויוון, כדי צו ווייזן, אַז ער הויבט ניט אָן צו וויסן, דאָס דעם חמץ אויף די פענצטער האָט אים די מאַמע ניט לאַנג אונטערגע־לייגט.

אויפן פּריפּעטשיק געפינט ער נאָר אַ ביסל קאַלטן אַש, און דאָס גייט אויך אַריין אין לעפל פאַר דעם קומענדן אַאוטאָ־דע־פע.

פאַרבונדן די לעפל מיט אַ ריינער שמאַטקעלע, באַהאַלט זי דער טאַטע אויפן באַלקן אונטער דער סטעליע.

אויף מאָרגן — ערב פּסח — געקומען פון דאַווענען און אָפּגע־געסן די בולקעס מיט מילך, דעם לעצטן חמצדיקן מאָלצייט, נעמט זיך דער טאַטע צוגרייטן דעם „שייטערהויפן“.

אַ פּאָר שטיינדלעך און עטלעכע טרוקענע אָנגעצונדענע קינע־לעך אויף זיי צעפלאַקערן זיך שנעל. דער מזבח איז גרייט.

מיט ערנסטע טריט גייט דער טאטע נאָכן קרבן, און מיט א ברכה לייגט ער אים אויפן פייער.

דער ווינט צוטראָגט דאָס ביסעלע אש — פאַרברענט דעם חמץ. איצט איז שוין פסחדיק אין אַלע ווינקעלעך.

און אָט איז די ערשטע סדר־נאכט. מיר זיינען געזעסן און געזונגען די הגדה מיט התלהבות. דער טאטע אין ווייסן קיטל, אויף דער היסב־בעט; די מאמע און די אַלטע באָבע, יום־טובדיק געקליידט, זיצן איבער זייערע סידורים און זאָגן־נאָך די הגדה וואָרט ביי וואָרט, און איך — דער יונגער פּרינץ, אויף וועמעס פיר האַבע קשיות דער טאטע גיט דעם אַלטן ענטפער — עבדים היינו...

ביז היינט קען איך ניט פארשטיין פון וואנען פלעגט זיך נעמען דער גלאַנץ און די פּינקטלעכע שיינקייט פון אונזער אָרעמער הויז, וואָס זי פלעגט ווי דורך א כישוף באַקומען ביים סדר־טיש. אין מיינע קינדערשע אויגן האָט עס אויסגעזען, אז קיין הערלעכערע און שענערס איז גאָר אויף דער וועלט ניטאָ.

היינט די ליל שמורים פון דער סדר־נאכט, ווען מען דאַרף אפילו קיין קריאת־שמע ניט לייענען, ווייל אין דער נאכט האָט קיין שד, קיין רוח, קיין טייוול ניט די שליטה צו טאָן שלעכטס דעם מענטשן...

„די רעדער דרייען זיך,
די יאָרן גייען זיך“...
זינגט זיך אין א פאָלקס־לידל.

עס זיינען אוועק א סך יאָרן, און די רעדער — אָי, אָי, ווי זיי דרייען זיך.

איצט ווייס איך שוין גאָר גוט, אז פאַרן טייוול איז ניטאָ קיין ליל־שמורים. אָבער דאַן בין איך זיכער געווען, אז אין דער סדר־נאכט קען מען ניט ניזק־ווערן.

ווי ביטער איך בין טאקע אין דער זעלבער נאכט אנטוישט געוואָרן אין דעם.

מיטן טייך, מיין ליבסטן חבר און איבערגעגעבנסטן פריינט, וועמען איך פלעג פארטרויען אַלע מיינע קינדערשע סודות, זיינען פארבונדן מיינע וואַרימסטע זכרונות, מיינע טיפסטע איבערלעבונגען.

פון די פריסטע קינדער־יאָרן פלעג איך אָפזיצן שעהנווייז און

צוקוקן, ווי עס רינען זיינע שטילע וואסערן, ווי עס גרינען און באַדען זיך אין גאָלדענע שטראַלן זיינע בליענדע ברעגן; ווי די בונטע וואסער־שמעטערלינגען — לאנגע און דינע — מיט כמעט אומזעבארע פליגלען, רירן־אָן דאָס וואסער אין זייער לוסטיקן שפּיל און טויכן גלייך אויף כדי ווידער און ווידער באווייזן זייערע שטיפערישע קונצן.

איך האָב ליב געהאט אוועקלאָזן זיך אין א קליין פּישער־שיפל העט־ווייט פון שטעטל, אזש ביז לאנגן און ברייטן „פּליאַש", ווו מיין ליבלינג ווערט אזוי חשוב און ערנסט, ניט צו דערקענען. דאָרט פלעג איך זיך צושיפן צום פארוואקסענעם ברעג, ווו מיין שיפל פלעגט זיך אין גאנצן באהאלטן אין די הויכע גראָזן, און צונויפגיסנדיק זיך מיט דער וואונדערבארער רו, מיט דער הייליקער שטילקייט, וואָס האָט געהערשט ארום, פלעג איך חלומען מיינע זיסע קינדער־טרוימען.

וועלן־ניט־וועלן פלעגט א פישער דורכפאָרן אין מיטן פון דעם ברייטן „פּליאַש". שטייענדיק האָט ער געטריבן זיין לייכט־שיפל צום געפאנג, אָדער צום שטעטל. אָבער מיט זיין דורכפאָר האָט ער ניט געשטערט די שטילקייט פון טייך און ברעג. שטיל און שטילער צעגיסט זיך די נאטור אין איר אומהערבארן געזאנג, און עס דוכט זיך, אז אָט דאָ — אין דעם וואסער, אין די שמעקעדיקע גראָזן, אין דעם בלויען, ווארימען הימל ליגט דער גרויסער סוד פון באשאף...

צווישן די פישער, וואָס האָבן געצויגן זייער אָרימע חיונה פון דעם טייך, איז געווען איינער א קינצלער אין זיין פאך, — ער פלעגט כאפן מער פון אלעמען. דער גוי איז אָבער געווען א גרויסער שיכור, און וויפל ער האָט פארדינט, האָט ער עס באלד פארטרונקען.

ניכטערערהייט איז אָט דער פישער געווען א שוויגנדיקער, אין זיך באהאלטענער. אן אויסגעטרונקענער אָבער איז עס געווען א קריגערישער וואלף און א בייזער שונא ישראל.

ער פלעגט אונז אָפט ברענגען זיין געפאנג, און דאָס געלט שנעל פארשיכורן...

צו סדר פֿארשליטם קיין איד ניט טיר און טויער. עס איז דאָך א — ליל־שמורים...

מיר זינגען די הגדה מיט מתיקות און שרייען־אויס: לשנה הבאה — בני חורין! — איבער א יאָר, הייסט עס, וועלן מיר שוין זיין קינדער פון א פרייען פֿאָלק.

מיט אמאָל עפנט זיך די טיר און עס וואַגערט זיך אריין דער פישער, מיט א נאסער טארבע אויף די פלייצעס, שיכור ווי לוט.

ער שלייכט זיך־צו צום סדר־טיש, פאלט אנידער אויף א באנק, קוקט זיך־אום אויף דעם פינקלדיקן וויין פון די ארבע כוסות, אויף די מצות, איינגעוויקלטע אין א ווייסן טישטעכל, און הויבט־אָן מיט א הייזעריקער, שיכורער שטימע:

עס איז פאסקע ביי אייך, פארפלוכטע זשידעס, געקוילעט אוודאי א כלאָפּטשיק אונזערן און זיין בלוט אריינגעטאָן אין אייערע מצות... און דאָס רויטע אין פלעשל — אויך בלוט, הא?... אָ, פארשאָלטענע זשידעס!... און דער שיכור האָט מיטן פויסט א זעץ־געטאָן דעם סדר־טיש.

פון דעם קלאָפּ זענען צופאלן די כוסות, און דער וויין האָט פארגאָסן דעם שניי־ווייסן טישטוך.

די מאמע מיט דער באָבען זיינען אויפגעשפרונגען אין שרעק און אָנגעהויבן רופן נאָך הילף.

מיט שטארע אויגן האָב איך געקוקט אויף דעם שיכורן בויאן און נים פארשטאנען, וואָס דאָ קומט פאָר.

דער טאטע איז שנעל אויפגעשטאנען פון היסב־בעט, אָנגעגאָסן א גרויס גלעזל פסחדיקן שנאפס, פארשטאָפּט מיט דעם דעם זידלדיקן מויל פון שיכור, אריינגעשפארט אים אין האנט א פאָר מצות און ארויסגעשטופּט אויפן גאס, פארקייטלענדיק די טיר הינטער אים.

די סצענע האָט אויף מיר געמאכט אזא שווערן איינדרוק, אז פון דאן אָן האָב איך אן אינסטינקטיוון עקל פאר א שיכורן מענטשען און זוך אים אויסצומיידן.

איך געדיינק שוין ניט אקוראט, דאכט זיך ניין אינגלעך האָבען מיר געלערנט ביי ר׳ לייבן, און זיין אייגענער איז געווען א צענטער.

צווישן דעם מנין אינגלעך זיינען געווען פארשידענע טיפּן. א צוויי־דריי פון זיי זענען געווען גוטע חברים, אויפריכטיקע און איבערגעגעבענע. איינער איז געווען א נגידס א זינדל. ער האָט שטענדיק געבלאָזן פון זיך און געוואָלט דאָמינירן דעם גאנצן חדר. געלערנט האָט ער זיך ערגער פון אלעמען. עטלעכע זענען געמאכט געווען פון ווייכן ליים, — ווער עס האָט געוואָלט האָט זיי געקנאָטען. אָרימע, דערשלאָגענע קינדער — האָבן זיי קיינמאָל ניט געהאָט קיין אייגענע מיינונג און קיין אייגענעם ווילן.

נאָר איינער צווישן אונז איז געווען אן אמתער פּאָעט, וואָס פלעגט מיט זיינע צויבער־מעשהלעך עקזאלטירן אונזער פאנטאזיע, און אָפט אָפּרייסן אונז פון דער ערד, אוועקטראָגנדיק אין די ווייטע הימלען, אין גהינום און אין גן־עדן.

ער איז געווע א יתום פון א וויטן חסידישן שטעטל, און האָט זיך אויפגעהאלטן ביי א קרוב, וואָס האָט אויך געצאָלט פאר אים שכר־לימוד.

דער עלטסטער אין חדר — א הויכער, דארער אינגל פון א יאָר עלף, מיט א ביסל אן אויסגעבויגענער פּלייצע, פלעגט ער ארומגיין מיט שטילע טריט שטענדיק א פארטראכטער, א ניט־דאָאיקער. זיינע אויגן פארחלומטע פלעגן קוקן אין דער ווייט ווו זיי פלעגן זען אנדערע, פאנטאסטישע וועלטן.

זיינע וווּנדער־מעשהלעך, אממייסטן פון חסידישן פאָלקלאָר, פלעגט ער אָנהויבן לאנגזאם, ניזשענדיק די ווערטער, ווי פערל, און אז ער פלעגט זיך צוווארימען, מאָלנדיק פאר אונז בילדער איינער צויבערנדער פון דעם אנדערן, האָבן זיך פון זיין מויל געשאָטן בלומען; גאנצע וואסערפאלן פון זיי פלעגן אונז פארפלייצן מיט זייערע פּראכטפולע קאָלירן, מיט זייער שיינקייט און אראָמאט. די אויגן זיינע פלעגן זיך דאן צוגלאנצן מיט א הימלשן שיין, און מיר פלעגן זיך טוליען צו אים מיט אָפענע מיילער פארכשופטע און אביסל דערשראָקענע, ווייל דאָס רוב מעשיות זיינע פלעגט ער אונז דערציילן צווישן מנחה און מעריב, אין די טונקעלע בין השמשות שעהן.

איך געדיינק — מיר זיינען איין שבת געגאנגען שפּאצירן, א גאנצע כאָפּטע אינגלעך. ער איז מיט אונז מיטגעגאנגען.

דורכגייענדיק א קורצע הרעבליע האבן מיר זיך פארטיפט אין א סאסנאוון וואלד, וואס האט זיך געצויגן מיילן ווייט. דארטן האבן מיר זיך אויסגעלייגט אויף א פאליאנקע, און ער האט גענד־מען וועבן פאר אונז זיינע כשוף־מעשהלעך.

דער זיסער געזאנג פון די פייגעלעך אויף די ביימער; די גאל־דענע שטראלן פון דער זון, וואס איז שוין אריבער דעם זעניט, האַ־בען געשפילט צווישן די צווייגן אין ליכט און שאטן; דער שטילער, אומעטיקער זשומען פון זשוקעלעך אין גראז, וואס דערמאנט שטענ־דיק אן טויט, האבן הפנים געמאכט גאר א באזונדער איינדרוק אויף זיין פילנדער נשמה, און ער האט זיך אליין אריבערגעשטיגן.

פערל פון רעגנבויגנדיקע קאלירן האבן זיך געשאטן פון זיין מויל, און מיר האבן מיט אים צוזאמען געטראגן זיך אין די ווײַ־טע הימלען...

גייענדיק צוריק שוין מנחה־צייט שווייגנדיקע, פארחלומטע, איז פלוצלונג פון די קוסטעס ארויסגעקראבן עפעס א משונהדיקע, האַ־ריקע בריאה און האט זיך מיט א מוראדיקן ברומען געווארפן צו אונזערע פיס...

דערנאך האבן מיר אויסגעפונען, אז דאס האט א שייגעץ א פאסטוך, וואס האט דארט ניט ווייט געפיטערט זיינע בהמות, אונז אפגעטאן א שפיצל. ער האט איבערגעקערט זיין פעלץ און פויזנ־דיק אויף אלע פיר פארשטעלט זיך מיט זיין ברומען פאר עפעס א ווילדע חיה, כדי צו דערשרעקן די „זשידקעס“ אויף כוויט.

אבער אין דעם מאמענט, און אונטער דעם איינדרוק פון דעם אשמדאי, שדים, רוחות און ווילדע פיפערנאטערס, וואס האבן אנ־געפילט די מעשיות פון אונזער חבר, באלויבטענע מיט דעם סומנעם ליכט פון בין־השמשות, האבן מיר ניט אויף א גלעכעזער זיך אי־בערגעשראקן, און פייל פון בוינן געלאזן זיך לויפן אין שטעטל אריין.

איך האב זיך לייגער אפגעשטעלט אויף דעם חבר דערפאר, וואס ער האט געהאט א ווירקונג אויף מיין קינדערשע נשמה, האט זי אפגעריסן פון דער וואכעדיקער סביבה און געטראגן זיך מיט איר אין זיינע אויסגעחלומטע הימלען.

ווען די „פרנסה־שטוב“ אונזערע, וואס פלעגט אפט פול זיין מיט שיכורע גוים, אדער מיט ווייבער, וואס פלעגן קומען קויפן פאר א

קאפיקע צוקער און אפשטיין א שעה און ריידן, פלעגט מיך פאר־טרייבן אין דער פרייער שעה אין גאס אריין, פלעג איך גלייך אפ־זוכן יענעם חבר מיינעם און לעם אים פארגעסן אן דער גאנצער וועלט.

פאר די פיר זמנים, וואס איך האב געלערנט ביי ר״ לייבן, בין איך געווען צוגעקלעפט צו אים מיט לייב און לעבן. און ווען ער איז דערנאך אוועקגעפארן אין זיין שטעטל און מער צוריק ניט געקומען, בין איך א שטיק צייט ארומגעגאנגען, ווי אין עולם התוהו.

איך האב שוין דאן געלערנט ביי רפאל דעם גמרא־מלמד, וועל־כער האט אונז — זיינע אכט תלמידים — אלץ טיפער און טיפער געפירט אין דעם געדיכטן תלמוד־וואלד, איבער זיינע געדרייטע און פארפלאנטערטע סטעזשקעס.

באפרייענדיק זיך ביסלעכווייז פון בענקעניש נאך מיין צויבער־חבר, האב איך — אן אכטיאריקער בחורעץ — גענומען ארומקוקן זיך, וואס עס טוט זיך דא אויף דער ערד.

רפאל איז געווען א מלמד פון קאפ ביז די פיס. ער האט גע־ווסט נאר זיין חדר מיט די אינגלעך, מיט די גמראס, איבער וועל־כע ער און זיי האבן זיך געשאקלט דעם גאנצן טאג. די איבעריקע וועלט איז אים ניט אנגעגאנגען.

איך בין זיכער, ווען מען קומט און מען זאגט אים: — ר״ רפאל, עס האט אויסגעבראכן א מלחמה, און דער שונא איז שוין דאביים שטעטל, וואלט ער נאר א זאג געטאן: — אי, אי, אי — און גלייך א קער טאן זיך צו אונז: — נו, איז ווו האלטן מיר?...

א שיינער, געוויקסיקער איד, מיט א שווארצער, ניט קיין לאנ־גער, אבער זייער געדיכטער בארד, פון וועלכער ער פלעגט כסדר ארויסציען האר און באהאלטן אין דער גמרא, מיט א ווייצענעם מאטאוון פנים, אויף וועלכן עס איז געזעסן א פלאטשיקע נאז מיט זייער צעשפרייטע פליגלען, ווהין ער פלעגט אפט ארייןפארן מיטן קליינעם פינגער פון זיינע ווייסע, אויסגעכאליעטע הענט...

מיר האבן אים ניט פיינט געהאט, אבער אויך ניט ליב געהאט — עס איז ניט געווען פאר וואס אים ליב צו האבן. טרוקן ווי ביין — פלעגן ביי אים אפילו די אגדתאס אויך ארויסקומען טרוי־קענע און איינגעשרומפענע.

די רביצן חיה דבורה מיט דער פאָדקאָווע — אויפן שטערן איז ביי איר געווען אָפּגעפּרעסט די פאָרמע פון א פאָדקאָווע, — דאָס האָט איר קינדווייז א פערד א זעץ געטאָן אין שטערן מיטן הינ־טערשטן פוס, — איז דוקא געווען א צוגעלאָזענע און בארעדעוודי־קע אידענע, זי פלעגט ביי אונז אויספרעגן אלץ פון אונטערן נאָ־געל, און אז עס פלעגט זיך מאכן עפּעס א סכסוך מיטן רבין, איז זי שטענדיק געווען אויף אונזער זייט.

אין אלגעמיין, איז דער לערנען ביי ר' רפאלן אין חדר געווען א היפּש־ביסל נודנע און זייערע פארעווו. זיין שטיבל איז געשטאַ־נען אויף א בערגל, ביים סאמע ברעג טייך, מיט די פענצטער צו מזרח, דאָס הייסט צום טייך. זומער־צייט פלעגן מיר מיט ביינק־שאפט און טיפן אומעט קוקן אויף די שטילע וואסערן און אויף דעם גרין־גרינעם ברעג פון יענעם זייט טייך. די „זון־זייטשיקלעך" האָבן זיך געשפּילט מיטן וואסער, געשפּרייט איבער אים ווארימן גאָלד, געמאניעט און גערופן: קומט ארויס, נארישע קינדער, וואָס זיצט איר דאָרטן אין דעם איינגן, דושנעם חדר?...

קיין ברעקל פארשטענדעניש האָט ר' רפאל ניט געהאט פאר דער פראכטפולער נאטור, וואָס קלאפּט צו אים אין פענצטער. ער פלעגט אפילו קיינמאָל ניט ארויסקוקן צום טייך. דאגעגן מיר אינג־לעך פלעגן ניט אָפּרייסן די אויגן פון דאָרטן, איבערהויפּט ווען די זון פלעגט זיך נייגן צו מערב, און דער שפּיציקער שאָטן פון דעם רבינס שטיבל האָט שוין אריבערגעשפּרייזט דעם טייך און דער־גרייכט די קוסטעס אויף יענעם זייט, — א סימן, אז מען וועט אונז באלד ארויסלאָזן פון געפענגעניש...

ווי די קאָזעס פלעגן מיר זיך א לאָז־טאָן פון חדר. געצווינגן האָט, ווי מיט צוואנגען, צום טייך, צו די שיפלעך, וואָס זיינען ביים ברעג געשטאנען... עס איז אָבער איצט א פארבאָטענער פרוכט — מען דארף גיין אין שול דאווענען מנחה און מעריב.

בין מנחה למעריב האָבן מיר געהאט א קארגע שעה פאר זיך אליין. מיר פלעגן זי אויסנוצן ווי ווער. אייניקע האָבן געשטיפט אויפן שול־הויף, געראנגלט זיך, געמאכט „לעבעדיקע קופּעס" און געריסן די הויזלעך מיט די קאפּאָטקעלעך, אז גאָט זאָל שומר ומציל זיין.

אנדערע האָבן בעסער ליב געהאַט פאַרקלייבן זיך הינטערן אויוון אין דער האַלב־פינצטערער שול, און דרציילן מעשיות פון סמאל וכל כת שלו; פון צדיקים און זייערע וווּנדער, וואָס זיי פלעגן אויפטאָן, ראַנגלענדיק זיך מיט דער סטרא אחרא; פון טויטע, וואָס שטייען אויף נאָך האַלבע נאַכט פון זייערע קברים און קומען אין דער קאַלטער שול עולה לתורה זיין; פון א בעל־עגלה, וואָס האָט געפונען אויפן וועג א געבונדענעם שעפּס, און ווען ער האָט אים געוואָלט ארויפנעמען צו זיך אויפן וואָגן, האָט דער שעפּס זיך צולאַכט און איז פאַרשוווּנדן...

נאָך מעריב זיינען מיר זיך צוגאַנגען אהיים, — ווער אויסגעמאַטערט, פאַרשוויצט און אויסגעשמירט פון שטיפן און וואַלגערן זיך אין זאַמד פון שול־הויף, און ווער — פאַרטשאַדעט און אביסעל צושראָקן פון די שרעקלעכע אונטער אויוון־מעשיות. די לעצטע פלעגן וואַרפן ציטערדיקע בליקן אויפן בית־עולם, וואָס האָט זיך געצוגן באַלד ביים ארויסגאַנג פון בית־המדרש — לינקס, און אויף דער קאַלטער שול, וואָס האָט, ווי א געשפּענסט געבלאַנקט אויף דער רעכטער זייט...

אין שטעטל איז יענעם זומער אָנגעגאַנגען א היפּשע מחלוקת וועגן — דעם שמש פון בית־המדרש.

לאַנגע יאָרן איז דאָרט געווען שמש דער אַלטער יאַנקעלע — א קליין איינגעהויקערט אידל, וואָס פלעגט מיט א שוואַכן קול פאַרקויפן די עליות און אויפרופן צו דער תורה. אל מלא רחמים״ס פלעגט ער מאַכן מיט א דין ציגן־שטימעלע, און ווען עס פלעגט קומען צום נאָמען פון נפטר אָדער נפטרת, פלעגט ער אָפּט פאַרהאַקן זיך — פאַרגעסן ווי מען רופט...

ער האָט אַזוי לאַנג גערופן פרעמדע נעמען, ביז וואַנען מען האָט אים אליין א רוף געטאָן: יעמוד ר״ יעקב בר״ ניסן!... דאָ העלפן שוין ניט קיין טענות, — מען מוז גיין — און דער בית־המדרש איז געבליבן אָן א שמש.

צוויי זין האָט יאַנקעלע געלאָזן: דאַרזשען, המכונה — דאַרזשע די גאָמלקע, און ניסנן — א יונגן „היינטיקן״ מלמד, וואָס האָט שוין געלערנט מיט זיינע תלמידים דקדוק, און — ווי שלעכטע צינגער

האָבן געטעדט — געליִיענט מיט זיי שטילערהייט סמאָלענסקינס „התועה בדרכי החיים".

דאַדזשע — אַ איד פון אַ יאָר עטלעכע און פערציק, מיט אַ בייזן פּנים און שפּיציק, שיטער בערדל, וואָס איז שטענדיק געווען פאַריסן צום הימל.

אַ הויכער, דאַר ווי אַ שטעקן, איז ער אַרומגעגאַנגען אָנגעלאָדען מיט רציחה אויף דער גאַנצער וועלט. גאַמלקע האָבן אים די שטעטלשע לצים אַ נאָמען געגעבן דערפאַר, וואָס ער פלעגט פון קאַרגשאַפט איינטענהן מיט ווייב און קינדער, אַז אַ גאַמלקע קעז איז אַ טייערער ביסן, און מען דאַרף דעריבער אַ ביס טאָן ברויט און אַ שמעק טאָן גאַמלקע...

אויפן מאַרק, ווו דאַדזשעס שטיבל איז געשטאַנען, האָט ער געהאַט טאַקע אין זיין הייזקע גופא אַ שטיקל געוועלבל פון קובעבע און לאַקריצע, וואָס האָט אים געגעבן מסתמא וואַסער אויף קאַשע. אַז די קונים בסך הכל האָבן גאָר מורא געהאַט אַריינצוקומען אַהין, אין שרעק פאַר דאַדזשעס רוצחישן קוק.

אַז יאַנקעלע איז געשטאָרבן, איז, פאַרשטייט זיך, די חזקה איבערגעגאַנגען צום עלטערן זון, צום רשעותדיקן דאַדזשען. דער שטעטלדיקער עולם האָט אָבער קיין חשק ניט געהאַט צו האָבן אויף דער בית־המדרש־בימה אַזאַ בייזן דראַנג. אַלץ העכער און אַלץ אָפטער האָט מען אָנגערופן דעם נאָמען פון מאָשע נעמיס אַלעם קאַנדידאַט פאַר שמשות, און זיין פּאַרטיע האָט זיך געשטאַרקט פון טאָג צו טאָג.

אויף מאָרגן נאָך שבעה, איז דאַדזשע געקומען אין שול דאַווענען און האָט גלייך פאַרנומען זיין טאַטנס פּלאַץ אויף דער בימה.

חזקה ביי אידן איז אַן אַלטע, פון דורות פאַרפעסטיקטע אינסטיטוציע, און דער עולם האָט אונטערגעבורטשעט און — געשוויגן. הינטער די קוליסן אָבער האָט עס געקאָכט, ווי אין אַ קעסל.

מאָשע נעמיס איז געווען אַ איד אַ לערנער. מען האָט געזאָגט, אַז ער האָט סמיכה אויף רבנות. אַ גרויסער שווייגער און ווייט אויך ניט קיין מזג טוב, האָט ער שטענדיק — אָדער געלערנט, אָדער עפּעס געזאָגט פאַר זיך אויסווייניק. געלערנט האָט ער אָן אַ ניגון, טרוקן, מיט אַ האַרטער שטימע.

אינדערפרי, נאָכן דאַוונען, פלעגט ער זאָגן א פּרק משניות פאַרן עולם, און בין מנחה למעריב — עין יעקב.

אַט דער פאַרהעלטנמעסיק קליינער עולם פון זיינע צוהערער האָבן עס ארויסגעשטעלט זיין קאַנדידאַטור פאַר שמשות.

עס איז געוועזן נאָך א פּאַרטיע, וואָס האָט געפּאָדערט, אַז די חזקה זאָל אריבערגיין צום פאַרשטאָרבענעמס צווייטן זון — צו ניסנען, און די פּאַרטיע האָט טאַקע אויסגעפירט. דאַדזשע איז אראָפּ פון דער בימה מיט שרעקלעכער רוגזה און גיפטיקער שנאה צום גאַנצן שטעטל, און ניסן איז ארויף אויף דער בימה מיט א גוטמוטיקן שמייכל און ווייכע, לאַכנדיקע אויגן.

אָבער לאַנג איז ניסן דאָרט ניט פאַרבליבן. דער יונגערמאַן איז שוין געוועזן אָנגעשטעקט מיט א היפּש ביסל השכלה, און אים — ווייזט אויס — איז געוועזן דערווידער דאָס חנפענען און די הכנעהדי־קייט, וואָס א שמש האָט געמוזט זיין צו יעדן איינעם פון די באַ־לעבאַטים.

אין איין שיינעם טאָג איז מאָשע נעמים דערשינען אויפן בי־מה און איז שוין דאָרט פאַרבליבן זיין גאַנצן לעבן.

קיין גרויסע פרייד ביי אונז איינגלעך האָט עס ניט ארויסגערו־פן, ווייל מיר האָבן מאָשען — פאַר זיין טרוקענקייט — ניט שטאַרק ליב געהאַט, אָבער דאָך זיינען מיר געוועזן צופרידן, וואָס דער רשעותדיקער דאַדזשע, וועלכער פלעגט אונז ממש דורכשטע־כען מיט זיינע קליינע, סם־המותדיקע אויגעלעך פאַר דער קורצער צייט, וואָס ער איז געוועזן שמש, איז געבליבן מיט א לאַנגע נאָז.

מיר פלעגן זיך מחיה זיין צוקוקנדיק, ווי דער ־ישע וואַרפט פון צייט צו צייט אזעלכע בליקן צו דער בימה, אַז אויב עס וואָלט מעגלעך געוועזן דערהרגענען א מענטשן מיטן קוק, וואָלט מאָשע נעמים שוין לאַנג געוועזן א מת.

מען דאַרף ניט פאַרגעסן, אַז דער בית־המדרש איז פאַר אונז קינדער געוועזן דאָס צווייטע היים, און אפשר גאָר דאָס ערשטע, און דערפאַר האָבן מיר ניט געקענט בלייבן גלייכגילטיק צו דעם, ווער עס באַלעבאַטעוועט אין אונזער היים. ביסלעכווייז האָבן מיר זיך צוגעוויינט צו מאָשען, און שלום געמאַכט מיט זיין טרוקנקייט

פאר זיין אבסאָלוטע אמתדיקייט און ערלעכקייט. — איך האָב אפי־לו דערנאָך געהערט ביי אים א שיעור. אָבער וועגן דעם שפּעטער.

אָט אין די מחלוקת און נצחונות איז אריבער דער זומער. עס דערנענטערן זיך די ימים נוראים.

ימים נוראים — די מוראדיקע, די פורכטיקע טעג.

איצט, אין אונזערע צייטן, זענען עס במעט פּוסטע ווערטער, אָן א אינעווייניקסטן אינהאלט. אָבער מיט א דור צוריק, אין דער אַלטער היים, זיינען די ווערטער געווען פול מיט פורכט און אימה. יעדער איד, ווי פארהאוועט און פארשמאיעט ער זאָל נים זיין דעם גאַנצן יאָר, האָט אין די טעג געמאכט מיט זיך א שטיקל חשבון הנפש, פול מיט שרעק פאר דעם יום הדין, וואָס וועט צעגלידערן אלע זיינע מעשים פארן פארגאנגענעם יאָר און וועט אים געוויס נים שאנעווען, האָט יעדער איינער געזוכט ראטעווען זיך און זיי־נע נאָענטע. תשובה, תפילה און צדקה — דאָס זיינען אויסגעפּרוווטע ראדיקאלע מיטלען, מיט וועלכע מען קאָן עפענען אלע שערי רחמים.

צדקה — מ״שטיינס געזאָגט, וואָס די אביונים אין די פאר־וואָרפענע שטעטלעך האָבן געקאָנט געבן. זיי זענען אליין געשטאַר־בען דריי מאָל א טאָג פון הונגער, און דאָך האָט מען אָפּגעריסן פון זיך און פון די קינדער דעם לעצטן ביסן און אוועקגעגעבן עס דעם מער הונגעריקן.

אָבער תשובה ותפילה — אָ, דאָ איז געווען אן אומבאגרעניצ־טער פעלד, ווו די אָרימע מענטשן האָבן א סך געקאָנט אויפטאָן. און זיי האָבן טאקע אויפגעטאָן.

יללות פארטאָג צו סליחות, ווען גאָט אליין שלאָפט נאָך. האָ־בען אים — דעם אל רחום וחנון — געוויס גערארפט אויפוועקן און דערוועקן רחמנות צו די פון לעבן צעטראָטענע, פון אלץ בארויבטע.

סליחות — דאָס איז געווען נאָר א פרעלודיע, א פאָרשפּיל צו דעם הויפּט־קאָנצערט, וואָס מען האָט געגעבן פאר דעם בורא אום ראש השנה און יום־כיפור.

די סאָליסטקעס אין דעם קאָנצערט זיינען געווען די וויסטע אלמנות, די פארטרויערטע מאמעס, וואָס האָבן אין דעם פארגאנ־גענעם יאָר פארלוירן א קינד, דאָס אויג פון קאָפּ, און גלאט ווייבער

מיט אָנגעלאָדענע הערצער. און ווען די סאָליסטקעס פלעגן זיך צע־יאָמערן און דער גאַנעצר כאָר פארביטערטע נשמות פלעגט אונ־טערכאַפּן דעם וויי־געשריי און צוטראָגן אים צום כסא הכבוד, האָט דאָס הארץ פון כביכול געדארפט זיין שטארקער פון אייזן ניט ווייך צו ווערן פון צער און רחמנות...

די מאנסבילן אונטן, איינגעהילטע איבערן קאָפּ אין די טלי־תים, פלעגן זיך אויך שטילערהייט צעבליפּען מיט געדערבטע טענות צו אים, צו דעם כול יכול — פארוואָס קומט עס זיי אָפּפינסטערן א לעבן אין צרות און יסורים, ניט זעענדיק פאר זיך קיין איין ליכ־טיקן שטראַל...

און ווען די אַלע אין טרערן אויסגעווייקטע תפילות זיינען שוין אָפּגעזאָגט און דער חזן, אַן אויסגעמאַטערטער, גייט אַרויף אויפן ברייטן שליאַך, געבנדיק דעם עולם די מעגלעכקייט אָפּכאַפּן דעם אָטעם, פלעגן מידע אויגן לייכטן מיט האָפנונג, אַז אָפּגעווישט זיינען די שווערע זינד און א גוט יאָר ווארט אויף זיי אין די הימלען...

זעלבסטפארשטענדלעך, אַז אויף אונז קינדער, פלעגן די ימים נוראים אויך אָנוואַרפן א שרעק. שוין פון אָנפאַנג אלול, ווען יעדן אינדערפרי נאָכן דאַווענען פלעגט מען בלאָזן א תקיעה, האָט זיך אונז געדאַכט, אַז דאָס איז דער אָנהויב פון געראַנגל, וואָס אידן גייען האָבן מיטן שטן. ער, ימח שמו, זוכט צו דערטרינקען דאָס פאָלק ישראל, פארמסרנדיק אים פאר דעם הויכן טריבונאל, אָבער מיר דערגייען אים די יאָרן מיטן שופר־בלאָזן און סוף כל סוף וועלן מיר אים מנצח זיין...

אין אלול זיינען די פרימאָרגנס גאַנץ קאַלטע און אַמאָל באַ־ווייזט זיך שוין א ווייסער פרעסטל. די ביימער, מיט גאָלד באַציר־טע, שטייען, ווי פארזונקן אין מחשבות, אין טרויעריקע געדאַנקען וועגן דעם ווינטער, וואָס רוקט זיך אָן. פון דעם טייך טראָגט זיך א לייכטע קעלט; גרויע נעפּלען פארדעקן אָפּט זיין ליכטיקן פנים, און זעענדיק אונזער ליבלינג אין אַזאַ טרויעריקן צושטאַנד, ווערט אונז נאָך מער סמוטנע אויפן הארצן.

עס דערנענטערן זיך די בין הזמנים, אָבער אונז איז ניט ניחא די פרייהייט, ווען די נאַטור, וואָס רינגלט אונז אַרום און האָט אונז דעם גאַנצן ליבן זומער געוואַרימט אין איר שויס, שטאַרבט־

אָפּ לאַנגזאַם. גאָר גיך וועלן קומען די רעגנס — קאַלטע רעגנס, וואָס קריכן אריין אין די ביינער, — טאָ צו וואָס טויג אונז די פריי־הייט, וואָס וועלן מיר טאָן מיט איר?

אָט איז שוין באַלד ראש השנה. אין הדר לערנען מיר נאָר א האַלבן טאָג, אָבער דעם צווייטן פרייען האַלבן טאָג האָבן מיר ניט מיט וואָס אָנפילן. אמאָל ווילט זיך אונז ארויסגיין הינטערן שטעטל, אויפן גראָז און ווייטער צום וואַלד, וואָס פלעגט אונז אין די זו־מער־טעג אזוי פיל פרייד פארשאפן. אונזער וועג ליגט פארביי דעם בית־עולם, וואָס איז יעדן טאָג פון דעם טרויעריקן חודש אלול פול מיט קברים־רייסנדיקע ווייבער. זייערע געשרייען טראָגן זיך צום גלייכגילטיקן הימל, וואָס קוקט פון אויבן און זעט גאָרנישט.

דער הימל שווייגט, אָבער די צעווייטיקטע ווייבער שרייען און נעמען ביי אונז אָפּ דאָס לעצטע ביסל חשק צו שפאצירן. מיר קו־קען זיך ארום, ווי פארלוירנע, און באגרייפן, אז צוזאמען מיטן הארציקן זומער איז אויך אוועק אונזער ביסעלע פרייד. דער גרי־נער, ווי א גרין־סאמעטענער טעפּיך אויסגעשפּרייטער גראָז, איז פאר־דארט און געל געוואָרן. ער רופט שוין מער ניט צו ווארפן זיך אין זיינע אָרעמס, קייקלען זיך מיט דעם ליבן קינדער־געלעכטער און איינאָטעמען דעם זיסן ריח פון דער זוניקער ערד. פארשוווּנדן איז דער בליענדיקער געמויזעכץ, און די בונטע כּאָראָוואָדן שעמטערלינ־גען וואָס פלעגן זיך שפּילעוודיק טראָגן איבער אים, באַדנדיק זיך אין זונען־שטראַלן, ליגן שוין לאַנג טויט מיט אָפּגעפאַלענע פלי־געלעך.

מיט באטריבטע געמיטער און טרויעריקע הערצער קערן מיר זיך אום צוריק אין שטעטל.

הינטער אונז שלעפּן זיך פארוויינטע, פארחושכטע ווייבער. זיי זיפצן און שאָקלען צו מיט די קעפּ: א גוטער בעטער, א מליץ יושר זאָל ער דאָרטן זיין פאר אונז, און זאָל אויסבעטן פאר מיינע יתומימ־לעך א גוט יאָר, א גליקלעכס... ווייסט ווער אפשר וואָסערע גליקן עס דערוואַרטן אירע יתומים אין דעם אָרימען פארוואָרלאָזטן שטע־טעל?...

ערב ראש השנה דערפילן מיר, קינדער, דעם טיפן ערנסט פון דעם אנטשטייענדיקן יום־הדין. מיר זעען און פילן זיין אָנקום, אין

לופטן שוועבט דער פחד פארן: מי לחיים ומי למות — ווער צום לעבן און ווער צום טויט. טוט תשובה, אידן, בעט צום בורא עולם, אולי ירחם — אפשר וועט איר אפשרייען דעם גזר דין. אין אונזערע יונגינקע הערצעלעך פארגנבעט זיך א שרעק פאר דער שווארצער כמארע וואס רוקט זיך אלץ נענטער, אט איז זי שוין דא — מיטן האנט אנצוטאפן. ווער ווייסט, וואס אונז דערווארט? ווינציק דען האבן מיר „אפגעזופט" גאנצע שטיקער פון דאווגען, אבי גיכער קענען ארויסכאפן זיך פון שול אויפן שול־הויף, ווו מיר האבען אינגאנצן פארגעסן אן דער שול מיט אירע דאווגער?... און וויפל מאל האבן מיר דעם רבין אויסגעגעסן די גאל, יוען אונזערע אויערן האבן ניט געהערט וואס דער מויל רעדט, און אונזערע אויגן, אנשטאט דער גמרא, זיינען געוועגדעט געווען צום טייך און צו די שאטנס פון די הייזער, וואס זיינען געקראכן איבער אים און דערגרייכט מיט זייערע שפיצן דעם צווייטן ברעג — א סימן, אז מען וועט אונז באלד אפלאזן אהיים? — א, זינדיק זיינער מיר, זייער זינדיק!...

און מיר באשליסן פעסט נעמען זיך אין די הענט אריין און תשובה טאן פאר אונזערע גרויסע זינד.

און אט איז שוין ראש השנה. איך שטיי אין שול ביים טאטנס סטענדער און דאוון מיט כונה.

א וואלד פון מענטשן שאקלט זיך, ווי בוימער אין א שטורם. זיפצען, קרעכצן, וויינענדיקע אויסגעשרייען הערן זיך פון אלע זייטן.

פון די ארימע מענטשן שרייט־ארויס דער ביטערער דלות, דער שפלדיקער לעבן, די אימה פארן מארגנדיקן טאג.

אט האלט מען שוין ביים לייענען. מיר זיינען דאך אבער פארט אינגלעך און עס ווילט זיך א שטיק־טאן אויך. שטילינקערהייט רוקן מיר זיך ארוים פון שול און צושיטן זיך שטיפנדיק הינטערן בית־המדרש, מען זאל אונז חלילה ניט דערזען פון פענצטער...

לאנג בלייבן מיר ניט אין דרויסן. די קריאת התורה איז שוין פארענדיקט און מען גרייט זיך צו תקיעות.

אבא חיים דער בעל קריאה און אויך דער בעל־תקיעה שרייט אוים דעם למנצח. און דער עולם כאפט אונטער מיטן סקארבאוון

ניגון און חזרט אים איבער זיבן מאָל נאָכאַנאַנד, שטייענדיק אויף די פיס און אויסזינגענדיק יעדעס וואָרט מיט התלהבות.

נאָכן למנצח — מן המצר קראתי יה און די איבעריקע פסו־קים; און ווען דער בעל־תקיעה שרייט אויס: עלה אלוהים בתרועה... פאַלט־אָן אן אימה. עס דאַכט זיך, אז אָט באַלד וועט עפּעס פאָר־קומען,אויסערגעוויינלעכעס, מיסטישעס... עס הערט זיך דאָס פלאַ־טערן פון פליגלען, און דער עולם ציטערט, ווי א פיש אין וואַסער...

אבא חיים מאַכט די ברכות, טראָגט צו דעם שופר צו די ליי־פּען. דער רב — דער פאָרזאָגער — צושאָקלט זיך און רופט אויס שטיל: תקיעה!... דער בעל־תקיעה בלאָזט אין שופר, מאַטערט זיך ארויסבאַקומען פון אים דעם קלאַנג פון תקיעה, עס גייט אָבער נישט. עס קומען ארויס אלערליי משונהדיקע קלאַנגען, אָבער נישט קיין תקיעה... דער עולם שטייט שטיל, דערשלאָגן — א שלעכטער סימן. אָבער מיר קונדוסים נעמען די זאַך אויף גאַנץ אנדערש — מיר זעען אין דעם די לעכערלעכע זייט, און שטיקנדיק זיך א ווייַ־לע, שיסן מיר ארויס אין א הילכיקן געלעכטער...

אָט ווי א באָמבע וואָלט אויפגעריסן אין מיטן שול — אזא וויר־קונג האָט געהאַט אונזער געלעכטער. די טאַטעס האָבן מיט כעס א בייזן קוק געטאָן אויף אונז, און מיר — פאַרשעמטע און דער־שלאָגענע האָבן נישט געוווסט ווו אהינצוטאָן זיך פון חרפה און שרעק...

דאָס לעבן איז ווי א מוזיק־סימפאָניע. און אזוי ווי אין א סימפאָניע זענען דאָ מאָטיוון פריילעכע און טרויעריקע, שנעלע און לאַנגזאַמע, אזוי אויך אין דער לעבן־סינפאָניע. די נפקא־מינה צווישן זיי איז נאָר אין דעם, וואָס אין דער מוזיק־סינפאָניע זענען די טייַ־לען מיט זייערע באַזונדערע מאָטיוון שאַרף אָפּגעגרענעצט איינע פון די אנדערע: אָט דאָס איז אדאַזשיאָ, דאָס איז אללעגראָ, דאָס איז לאַרגאָ און אזוי ווייטער; נישט אזוי אָבער איז אין דער לעבן־סינפאָ־ניע. כמעט אלע מאָל מישן זיך דאָרטן אויס פאַרשידענע מאָטיוון: די מאַיעסטעטישע לאַרגאָ פון תפילה־שטימונגען קלינגט איינציי־טיק מיט א פריילעכן מאַרש, און אין די זוניקע קלאַנגען פון בליענדן יוגנט רייסן זיך אריין וויי־געשרייען פון ווייטיק און ליידן.

איך האָב שוין דערציילט, ווי דער יצר הרע האָט אונז, קינ־

דער, געטריבן אַריינגרייסן זיך מיט אונזער געלעכטער אין רעכטן מיטן פון דעם גרויסן מאָמענט פון דערהויבענער תפילה און הערא־אישן געראנגל. אונזער קינדערשער פולבלוטיקער געלעכטער האָט אַריינגעטראָגן אַ שרעקלעכן דיסאָנאַנס, פאַר וועלכן מיר האָבן זיך אַליין שטאַרק דערשראָקן.

אויב דאָקטוירים זאָגן — אַז לאַכן איז געזונט, קאָן איך — פאַרזיכערן, אַז עס הויבט זיך גאָר ניט אָן. אונזער לאַכן האָט אונז דאַן זייער ווייניק געזונט געבראַכט, און פאַר אונז וואָלט אַ סך געזינטער געווען, ווען מיר לאַכן ניט...

נאָר גאָרניט, אַזוי איז דאָך דאָס לעבן־סימפּאָניע — צוזאַמען מיטן פרישן, געזונטן געלעכטער הערן זיך טענער פון האַרצרייסנ־דיקן געיאָמער; זיי מישן זיך אויס און שאַפן דאָס, וואָס מיר רופן לעבן.

אָט שטייט אַן ערה אידן ביים טייך. זיי זאָגן שטיל זייערע תפילות: כי תשליך במצולות ים — אין די טיפענישן פון ים זאָלסטו אַלע אונזערע זינד אַריינוואַרפן...

די זעלבע „זינדיקע" יידן, וואָס האָבן היינט פרי געשטורעמט דעם כסא הכבוד מיט קולות און געוויינען, וואָס האָבן געפאָדערט פון אים, פון דעם אב הרחמים, מחילה, סליחה וכפרה, שטייען איצט ביים ברעג פון די רואיקע וואַסערן און בעטן, אַז אַלע זייערע עבירות זאָלן אָפּגעווישט ווערן. זיי בעטן רואיק, אָן טרערן, אָן געשרייען, ווייל זיי ווייסן, אַז זייערע יללות זיינען ניט געווען אומזיסט, אַז דער אל רחום וחנון האָט פאַרנומען זייערע טרערן, און אַז די איצטיקע אידיליע ביים שלעפעריקן טייך איז טאַקע ניט מער ווי אַן אידיליע.

אידן זאָגן געמיטלעך זייערע תפילות און דער טייך ליגט צע־שפרייט אין זיינע ברעגעס, קוים וואָס ער רירט זיך. און הערט זיך איין און קוקט זיך צו צו דעם, וואָס עס קומט דאָ פאָר.

אונז, קונדוסים, קאָן ער גוט, מיר זיינען פאַר אים ניט קיין פּנים חדשות, אָבער אָט די אידן מיט בערד — זיי זעט ער ניט־אָן אַ גאַנץ יאָר אין די אויגן. ווען ניט ראש השנה צום תשליך, וואָלטן די אָרימע מענטשן ניט געוווּסט אפילו, אַז זיי האָבן אָפּ־געלעבט זייער גאַנצן לעבן ביים ברעג פון אַ טייך.

מיט אַ פרומער מינע טרייסלען זיי אָפּ די פּאָלעס, וואַרפן

אריין אין וואסער דאס לעצטע ביסל זינד, וואס האט זיך נאך דארט פארטשעפעט, קושן זייערע מחזורים אדער סידורים און גייען לאנג־זאם אוועק, ביז איבער א יאר אמירצעשעם.

זייערע זינד!... ווער זאגט עס, אז זיי זיינען זינדיק?... ער, דער טייך, פאלגט נאך זייערע לעבנס פון וויג ביזן קבר. דאס זיינען לעבנס פון מאטערניש און שטענדיקן פיין, פון ליידן און יסורים, פון טרערן און יאוש. דערשלאגענע און פארפייניקטע שטופן זיי אפ דאס ביסל יארן און פארשווינדן אין דער פינסטערניש, פון וואנען זיי זיינען געקומען.

זיי — זינדיק?... ניין, ניט אין די איינגעהויקערטע חורבות, ווו זיי לעבן און שטארבן, ווו זייערע קינדער דערזעען צום ערשטן מאל די ליכטיקע שיין און ווו זיי פארמאכן אויף אייביק זייערע אויגעלעך, ניט דארטן וואקסט און בליט די זינד...

אין די געדיכטע וועלדער, וועלכע דער טייך שניידט דורך מיט דרעמלענדיקע טריט, הערט ער אפט דאס בילן פון יאגד־הינט. נאך הינט איז אים פארבייגעלאפן א פרייליכע קאוואלקאדע פון רייטער, — פרויען אמאזאנקעס און קאוואליערן מיט פארדרייטע, שפיציקע וואנסעס. פארוים זיינען געשפרונגען די צעווילדעוועטע יאגד־הינט, און הינטער די רייטער איז געפארן א וואגן אנגעלאדן פון אלעם גוטן — מיט שפייזן און וויינען. אויסגעזוכט א פאסיקן ארט האט מען זיך צעלייגט אויף זיין ברעג. די פערד מיט די הינט האבן די דינער אפגעפירט אן א זייט, און די האנאראווע קאמפאניע האט זיך גענומען פאר אכילה ושתיה. און וואס מער מען האט געטרונקען, אלץ לוסטיקער איז מען געווארן. די קוויטשערייען פון די נשים צנועות און די הירזשערייען פון די שיכורע קאוואליערן האבן פאר־הילכט דעם וואלד...

דער אלטער טייך זעט די אויסגעמאטערטע מענטשן, וואס בעטן אזוי הכנעהדיק, אז מען זאל זיי פארגעבן זייערע זינד, וועלכע זיי זיינען ניט באגאנגען, און טראכט וועגן יענע יעגער — אנגעפרעסענע, אנגעזויפטע... א, יענע ריידן ניט וועגן זינד, זיי זיינען די זינד אליין און דאך, און דאך... און טרויעריק ווערט דעם אלטן, און ער פארדעקט זיך מיט א שלייער פון גרויען נעפל...

אזוי איז די סינפאניע פון לעבן — מי לחיים ומי למות — ווער

עס לעבט און בליט, און ווער עס וועלקט און שטאַרבט, ניט וויני־ציק וואַסערן זיינען אָפּגעלאָפן אין דעם טייך, זינט ער ליגט דאָ אויף דער וואַך ביים אָרימען שטעטל, און געגנוג סינפּאָניעס האָט ער זיך אָנגעהערט. סינפּאָניעס פון עלנט און טרויער, איינגעפלאָכטן אין שיכורע געזאַנגען אַרום, סינפּאָניעס פון הונגער און נויט ביים זייט פון איבערגעפרעסענעם זאַט...

מיר, קינדער, זיינען אויך געקומען צום טייך. מיט געבויגענע קעפּ האָבן מיר זיך גענומען פאַר די סידורימלעך, ניט א קוק טוענ־דיק אפילו אויף אונזער ליבלינג: מיר האָבן זיך געשעמט קוקן אים גלייך אין פּנים אריין. אונזער גרויסע זינד איז ווי א שווערע משא געהאַנגען אויף אונז און געצויגן צו דער ערד.

די טאַטעס האָבן אויף אונז געהאַלטן אַן אויג — א קשיא אויף א מעשה — די באָד־יינגען קענען נאָך דאָ אויך אָפּטון עפּעס א שפּיצל. מיר זיינען אָבער געווען זייער ווייט דערפון. דאָס איינצי־קע, וואָס מיר האָבן געוואָלט מיטן גאַנצן האַרצן איז, אַז די וואַסערן פון אונזער ליבן טייך זאָלן אָפּשווענקען אונזער חטא און אוועק־טראָגן אים מיטן שטראָם אין דעם וויטן ים אריין.

תשובה — דאָס איז דער בעסטער און ווירקזאַמסטער מיטל קעגן אַזעלכע חטאים, מיר האָבן עס געוווּסט. און איצט אין דער גרויזאַמער שעה זיינען מיר פול געווען מיט חרטה. גאָטעניו, זיי אונז מוחל, פאַרגיב אונזער גרויסע זינד און מיר וועלן שוין קיינ־מאָל, קיינמאָל ניט טאָן זאַכן, וואָס זיינען ניט גוט אין דיינע אויגן!

באַרואיקטע זיינען מיר אוועק פון טייך. באַרואיקטע און שטאָלצע. מיר האָבן בלב שלם תשובה געטאָן אויף אונזערע זינד, און דאָס איז דאָך ידוע, אַז „אויף דער הויך ווו דער בעל־תשובה שטייט, קען אפילו דער צדיק גמור ניט שטיין“.

באַרואיקטע, אָבער ניט אינגאַנצן רואיקע. אין די טיפענישן פון אונזער נשמה איז פאַרבליבן א שווערער נאָכגעפיל, אַז מיר האָבן מיט אונזער געלעכטער פאַרשוועכט דעם ערהויבענעם, הייליקן מאָמענט פון געראַנגל מיטן שטן, מיט דער טומאה...

און ביז וואַנען מיר זיינען ניט דורכגעגאַנגען די עשרת ימי תשובה און דעם ציטער־אָנוואַרפנדיקן יום־כפור, האָבן מיר נאָך אַלץ געפילט א טיפע ווונד אין האַרצן.

*
*　　*

ערב יום־כפור.

די זון נייגט זיך צו מערב. אירע קרומע שטראלן פאלן אויפן שטילן, ווי פארגליווערטן, וואסער פון טייך, שלאגן זיך אפ פון אים מיט שטיקער גאלד און צעשיטן זיך אין הויפנס־גין־גאלדענע פונ־קען. אידן איילן זיך פון שול. נאך דער וואכעדיקער מנחה מיט דער לאנגער, ווי דער אידישער גלות, שמונה עשרה, אין וועלכער זיי האבן זיך שוין אביסל אויסגעוויינט ביים על חטא, לויפן זיי אהיים פארפאסטן זיך אויף גיך און ווידער גיין אין שול אריין צו כל נדרי.

ביים ארויסגאנג פון שול שטייט דער שמש מיט די רצועות אין האנט. יעדער פארהייראטער מאן לייגט זיך בהכנעה, מיט דעם פולן באוווסטזיין, אז ער האט עס כשר פארדינט, און באקומט פער־ציק מלכות. דער שמש שמייסט אים מיט דער רצועה און ציילט שטילערהייט, ער זאל, חלילה, קיין טעות ניט מאכן אין צאל, און דער געשמיסענער שלאגט זיך בשעת מעשה אשמנו און איז מקבל באהבה די „עקזעקוציע".

באצאלט דעם „הענקער" א פאר קאפיקעך פאר זיין ארבעט, פאלט אריין דער געשטראפטער אין א שווערער לאגע: ער מוז דורכגיין „דורכן סטראי" פון א גאנצער רייע בכבודיקע אידן, וואס שטייען מיט טעלער פאר פארשידענע צדקה־אינסטיטוציעס. דא זענען: בקור חולים, מלביש ערומים, הכנסת אורחים, גמילות חסי־דים, הכנסת כלה, לינת הצדק און נאך און נאך. היינט ווו זענען גלאט ארימעלייט שטעטלדיקע און אנגעקומענע, וואס רייסן ביי די פאלעס און לאזן אים ניט דורכגיין. ער צעטיילט די מאגערע עטלעכע גראשן און א פארשעמטער, וואס ער האט ניט קיין סך פארטיילט, לאזט ער זיך אהיים.

אפגעגעסן די „כפרה" און פארטרונקען מיט א גלעזל טיי, נעמט מען זיך קלייבן אין שול אריין.

דער טאטע אנגעטאן אין קיטל, די פיס אין זאקן אן שיך, גייט

צו מיט אַ געבויגענעם קאָפּ צו דער אַלטער באָבען — זיין מוטער — בענטשן זיך.

די באָבע לייגט אַרויף די הענט אויפן טאַטנס קאָפּ, שעפּטשעט שטיל דעם „יברך” און ביידע באַגיסן זיך מיט הייסע טרערן.

— אַ געזונטן, אַ רואיקן יאָר זאָלן מיר אַלע אויסבעטן ביי גאָט — פאַרענדיקט די באָבע שוין הויך אויפן קול.

די זון האָט זיך שוין געזעצט. אין בלויליכן דעמערונג פון דעם שטילן בין־השמשות קלינגט הילכיק דאָס מעקען פון דער הונ־געריקער טשערעדע וואָס קערט זיך אום פון פעלד. אידן שלייכן זיך אין שול אריין און נעמען זיך גלייך פאַרן תפילת זכאי. ביז וואַנען מ׳וועט זיך שטעלן זאָגן כל נדרי כאַפּט מען אריין אַ היפּשן שטיק פון דער געהויבענער תפילה. ווער עס פאַרשטייט דעם פּירוש המילות, פאַרטיפט זיך אין דעם וואונדערבאַרן ווידוי, וואָס עס שטעלט מיט זיך פאָר אָט די איינגאַרטיקע, פשוטע און דערפאַר טאַקע דירנדע תפילה.

די שול פילט זיך שנעל אָן. דער חזן גייט צו צום עמוד. ביי ביידע זייטן פון אים שטעלן זיך צוויי עלטערע חשובע אידן מיט ספרי תורות אין די הענט. אַ וועלכע קאַליקע דער חזן זאָל ניט זיין, פאַרכאַפּן דאָך די הערלעכע טענער פון דעם אוראַלטן כל־נדרי־ניגון און שאַפן גלייך ביים אָנפאַנג אַ פייערלעכע שטימונג. דער עולם ברומט מיט און העלפט צו דעם חזן. די שמונה עשרה, וואָס הייסט תפילה בלחש — די שטילע תפילה — איז היינט ניט קיין שטילע. די מתפללים שאָקלען זיך און רוישן, ווי די ביימער אין וואַלד ביי אַ שטאַרקן ווינט. ווען ניט ווען רייסט זיך דורך אַ געוויין פון אַ צעווייטיקטער ברוסט, אַ צערפולער אויסגעשריי, אַ קרעכץ...

פון די פיל וועקסענע ליכט, וואָס ברענען אומעטום, פון דעם גרויסן עולם, וואָס פילט אָן די שול, איז היים — דערשטיקט צו ווערן. נאָר די אָרימע מענטשן פילן ניט די היץ. דער מאָמענט איז צו דערהויבן, אַז מען זאָל איבערהויפּט קענען האָבן וועלכע עס איז גשמי־געפילן. אידן גיסן אויס זייערע הערצער פאַר דעם בורא עולם און פאָדערן פון אים, אַז ניט שפּעטער ווי אין פיר און צוואַנציק שעה זאָל ער זיי מודיע זיין, אַז זייערע טרערן זיינען אויפגעזאַמלט

געוואָרן אין דעם לאַגל פון רחמנות און אז א גוט יאָר איז פאַר זיי אָנגעשריבן געוואָרן אין די הימלען. זיי רופן אויס מיט עקסטאז: יעלה אנקתנו מערב — זאָל ארויפגיין אונזער געשריי פון אָוונט, ויבוא אליך מבוקר — און זאָל דערגרייכן צו דיר אין דער פרי, ויראה אלינו עד ערב — און די רעזולטאטן זאָלן אָנקומען צו אונז אין אָוונט. — ווי איר זעט, איז די צייט, וואָס די דעפעשע ברויכט ביז זי וועט דערגרייכן דעם כסא הכבוד, גענוי אויסגערעכנט — צוועלף שעה. און אזוי פיל — פארשטייט זיך — פאָדערט זיך פאַרן ענט־פער צו דערגרייכן צוריק די זינדיקע ערד. אידן זיינען זיכער, אז כביכול וועט ניט פארהאלטן זיין ענטפער קיין איבעריקע רגע, דער־טאָ מער, אז דער ענטפער איז שוין פאָרויס באצאָלט מיט תשובה, תפילה וצדקה.

ווען איר קוקט זיך צו צו די פנימער פון די פארמאטערטע מענטשן, ווען איר פארגעסט דעם פיין פון זייער מרעיש עולם זיין, זעט איר פאר זיך אין דעם אָוונט אן ערדה א געריייניקטע, א געליי־טערטע.

פארשוווּנדן זיינען קנאה, שנאה; דאגת הפרנסה — מאן דכר שמם? — אלע ווי איינער גלייך באטריבטע שטייען זיי און רופן, און מאָנען ביי די הימלען... אָ, ניין, זיי מאָנען ניט — עס קומט זיי דען עפעס? — זיי זיינען דאָך אזוי זינדיק! זיי בעטן מיט צע־בראָכענע הערצער און צעוויינטע געמיטער און האָפן, אז זייער געבעט וועט דערהערט ווערן...

* *
*

יענע ימים נוראים האָבן מיר זיך איינגעשניטן אין זכרון — ערשטנס, צוליב דעם זינדיקן גֶעלעכטער, וואָס האָט זיך ביי מיר מיט מיינע חברים ארויסגעריסן אין אזא הייליקן מאָמענט. און צוויי־טענס דערפאר, וואָס צום ערשטן מאָל האָבן זיך דאן אין מיין קינדערשן מח גענומען וועבן געדאנקען און פראגן, פאר וועלכע איך האָב זיך אליין דערשראָקן — אזוי אפיקורסיש האָבן זיי מיר זיך אויסגעוויזן.

עס איז יום־כפור צו ונתנה תקף. בראש השנה יכתבון, וביום צום כפור יחתמון — ראש השנה ווערט פארשריבן דער גזר־דין אויף יעדע באשעפעניש, און אום יום־כיפור ווערט ער פארחתמעט. און איך טראכט: ווי מעג מען עס שרייבן ראש השנה און חתמ׳ענען יום־כפור? — אויב פאר אונז דאָ אויף דער ערד איז עס א גרויסע זינד, איז עס דאָך דאָרטן אויפן הימל אוודאי און אוודאי.

און נאָך: אזויפיל מילע־מיליאסן לעבעדיקע ברוא׳ים אויף דער וועלט, ווי קען מען עס אין צוויי טעג ראש השנה אויספאָרשן סיי די גוטע, סיי די שלעכטע מעשים פון יעדן, און אָנשרייבן זיין גזר־דין?... און אויב אפילו די מלאכי השרות דארפן ניט עסן און ניט שלאָפן, און ארבעטן אלע אכט און פערציק שעה פון ביידע טעג ראש השנה, וועט זיי אלץ ניט גענוג זיין אָפּצוטאָן אזא קאָלאָסאַלע ארבעט. היינט גלאט, ווי קענען זיי עס מחלל יום־טוב זיין?...

איך געפין ניט קיין ענטפער אויף מיינע פראגן, און האלט אין איין איינטענהן מיט זיך אליין, אז מען טאָר ניט פרעגן, און נאָך ווען? — יום כפור צו ונתנה תקף...

דער אומרו פון ספקות האָט מיך באוועלטיקט נאָך פון כל־נדרי־אָן, און נאָך פריער.

איך געדיינק — אָפּגעדאַווּנט די ערב־יום־כפורדיקע מנחה מיט די על חטאס, האָב איך א טראכט געטאָן: רבונו של עולם, וואָס טוט זיך דאָ? — ווי קומען צו די אָרימע קליינשטעטלדיקע אידן, שטענדיק דערשלאָגענע און באטריבטע, אזעלכע משונהדיקע עבירות ווי די, וואָס זיינען אויסגערעכנט אין די על חטאס? — גלוי עריות, ועידת זנות, בכפת שוחד, מאכל ומשתה... עס איז דאָך גאָר לעכער־לעך צו דיינקען אפילו, אז זיי קענען דאָס טאָן. פונדעסטוועגן — באַגלייטן זיי יעדן על־חטא מיט א זעץ אין הארצן און באגיסן אים מיט ביטערע טרערן.

טרערן זיינען ביי אידן א גאנץ יאָר זייער א גאנגבארער אר־טיקל, אָבער אין די ימים נוראים פארפלייצט מען ממש מיט זיי די הימלען. יעדער פרומער, גאָטס־פּאָכטיקער איד איז זיכער, אז וואָס מער ער וועט טרערן פארגיסן, אלץ זיכער וועט זיין תפילה אויפגענומען ווערן. און איך טראכט: אויף וואָס דארף גאָט ברוך הוא אזויפיל אידישע טרערן, און וואָס טוט ער מיט זיי, ווען זיי זאמ־

לען זיך אַן גאַנצע ימים? — ניט גלייכער וואָלט געווען, ווען ער טיילט צו זיינע אידן אביסל וויניקער צרות, און זיי דינען אים מתוך שמחה?...

איך טרייב אָפּ פון זיך די זינדיקע געדאַנקען, ווי זלידנע פליגען, און לאָז זיך ארויסגיין פון שול.

איך כאַפּ א קוק אויף לינקס און רעכטס.

לינקס — נידערט די זון צום מערב און באַגיסט מיט גינגאָלד די הויכע בעריאַזעס פון דעם אַלטן בית־עולם.

די אַלטע, פאַרוואַקסענע, מיט דער ערד אויסגעגלייכטע קברים, א סך פון זיי — אָן מצבות, זשומען מיט לעבן פון די טויזנטער פליגעלעך און אינזעקטן, וואָס איילן זיך פאַרענדיקן אין פרייד די עטלעכע טעג, וואָס איז זיי נאָך פאַרבליבן צו הוליען אונטער די וואַרימע זון־שטראַלן. — אונטן — פוילן די ביינער פון די, וואָס האָבן זיך ביים לעבן אויך געשלאָגן על־חטא אויף די זינד, וועלכע זיי זיינען ניט באַגאַנגען, און אויבן — רוישט דאָס לעבן פון באַשעפענישן, וואָס וועלן מאָרגן שוין ניט עקזיסטירן. א סודותדיקער געמיש פון לעבן און טויט!...

א טרויער נעמט אַרום מיין קינדיש האַרץ, און אין מוח פּיקט א פראַגע — צוליב וואָס?...

איך ווענד זיך רעכטס. דאָרט רוט אין זיינע ברעגן דער שטילער, פאַרשלאָפענער טייך. איצט אָבער איז דאָס גאָר ניט דער זעלבער טייך. מען זעט בעשיינפערלעך, אז אויך אים האָט פאַרכאַפּט די יום כפּור־שטימונג, און ער גרייט זיך צו כל נדרי...

די זון האַלט זיך אין זעצן, און די געדיכטע, לאַנגע שאָטנס פון די הייזער, וואָס שטייען אויפן מערב־ברעג, הילן־איין אין חשך זיין שטענדיק־מונטערן פנים. לאַנגזאַם דעקט ער זיך־איבער איבערן קאָפּ מיט דעם נעפּל־טלית, און שאָקלט זיך, און וויגט זיך ריטמיש אין זיין שטילער תפילה צום בורא עולם.

דריי יונגע לעבנס האָט ער דעם זומער פאַרשלונגען, און איצט, אין דער שטילקייט און איינזאַמקייט פון דער כל־נדרי נאַכט, איז ער זיך מתודה אויף זיין פאַרברעכן...

און אפשר בעט ער אויך פאַר דער עדה אָרימע אידן, וואָס ווערן געבאָרן, שטופּן דורך דאָס גרויע, געמאַטערטע לעבן און

שטאַרבן אויף זיינע ברעגעס, אוועקטראָגנדיק מיט זיך אין דער אייביקייט דעם שטומען סוד פון זייער דאָ זיין. ווער ווייס?...

און ווידער שטעלט זיך אויף פאַר מיר די זעלבע זינדיקע פראַגע — צוליב וואָס?...

איך טרייסל זיך אָפּ פון די געדאַנקען, וואָס מאַטערן מיך, און קוק זיך אַרום אין אַלע זייטן.

מיר דוכט זיך, אַז אַן אימה האָט זיך צעלייגט איבער דער וועלט, און אַז דאָס מינדסטע גרעזעלע פּלאַטערט פאַרן יום הדין. אפילו די גוים, וואָס שלייכן זיך אַרום, ווי פינצטערע שאָטנס, זענען אויך פאַרשטומט געוואָרן, און האָבן מורא אַ מויל עפענען...

אַך, ווי זינדיק איך בין מיט מיינע זינדיקע מחשבות!...

*    *
*

איך מיין, אַז עס איז שוין צייט צו זאָגן אַ פּאָר ווערטער וועגן דער היים, ווו איך האָב פאַרבראַכט מיינע קינדער־יאָרן.

מיין מוטער איז געווען די צווייטע פרוי ביי מיין פאָטער. פון דער ערשטער יונג־פאַרשטאָרבענער פרוי האָט ער געהאַט אַ זון מיט צוויי טעכטער.

די עלטסטע טאָכטער פייגל האָט חתונה געהאַט, ווען איך בין אַלט געווען פינף יאָר.

פון דער חתונה זיינען ביי מיר פאַרבליבן בילדער, אָן אַ המשך צווישן זיך. די חופּה געדיינק איך, ווי דורך אַ נעפּל. די חופּה־וועטשערע מיט די כלי־זמרים, מיטן ברחן, מיט די דרשה־געשאַנק זיינען מיר אין גאַנצן אַרויס פון זינען. דערפאַר געדיינק איך קלאָר, ווי אויף מאָרגן אחר החופּה, אַרום מיטאָג־צייט, איז דער חתן — אַ כוואַטסקער בחור פון אַ שטעטל ניט ווייט פון אונז, אַביסעלע בגילופין — אַרויף אויף אַ ניט אָנגעזאָטלטן פערד, אָן אַ ציימל אפילו, און האָט זיך געלאָזן גאַלאָפּ איבערן שטעטל, אָנהאַלטנדיק זיך אָן דעם פערדס גריווע.

דער יונג איז געווען אַן אויסגעצייכנטער רייטער, און פון אַלע

הייזער איז מען ארוים קוקן אויפן בייז־ווונדער — א איד זאָל גאָר רייטן אויף א פערד, און ווען? — אין זיין חתונה־טאָג!...

אלע מחותנים זיינען געווען אביסל שאָקירט, אָבער איך האָב גאָר אָנגעקוואָלן פון דעם עסק, און האָב דערפאר באלד ליב באַקומען מיין העלדישן שוואָגער, וועלכער איז טאקע געווען זייער א ליבער און קלוגער יונגערמאן.

מיין שוועסטער איז אוועק מיט איר מאן וווינען אין זיין שטעטעלע, ווו ער האָט מיט עפעס געהאנדלט, און איך פלעג זי זען זייער זעלטן.

מיין ברודער בנימין יוסף, אָדער פראָסט יאָסל, ווי מען האָט אים גערופן, איז עלטער פאר מיר מיט א ניין יאָר. צו יענער צייט, ווען איך בין אכט יאָר אלט געווען, איז ער שוין געווען א בחור פון זיבעצן־אכצן יאָר, און האָט מיר ניט געקענט זיין קיין חבר. אגב איז ער זעלטן געווען אין דער היים — ער פלעגט קנעלן מיט די ישובניקעס פויערשע זינדלעך, דאָ אין דעם דאָ אין אן אנדער דאָרף, און קומען א היים נאָר אויף יום טוב.

מיין פאָטערס דריטע קינד פון דער ערשטער פרוי, מיין שוועסטער שרה, איז עלטער פון מיר מיט א זעקס יאָר. מיט איר בין איך געוואָקסן אין הויז צוזאמען. דאָס איז געווען א מיידל א שווייגנדיקע, א פארהאָרעוועטע אין דעם הור־הא פון אונזער „פרנסה־שטוב", ווו צוזאמען מיט דער מאמען זי פלעגט זיך דרייען פון פרי ביז נאכט.

אזוי, אז מיין קינדהייט איז דורכגעגאנגען איינזאם, אין א שטוב פול מיט טומל און האָוועניש.

ביי מיין מוטער בין איך געווען א בן־יחיד. אן עלטערע שוועסטערל חנהלע, זייער א געראָטן דריי־יאָריק קינד, איז דערטרונקען געוואָרן אין א צעבער־וויסער, ווען איך בין אלט געווען זיבן וואָכן. שבת נאָך וואָרמעס, ווען אין שטוב איז אלעס געשלאָפן, איז דאָס קינד צוגעגאנגען צום צעבער וואסער און גענומען וואשן איר פאַרטוכל. זי האָט זיך, הפנים, אויסגעגליטשט און איז מיטן קעפעלע אונטער זיך ארייגעפאלן אין צעבער, ווו זי איז דערשטיקט געוואָרן.

די טראגעדיע איז געווען אזוי שרעקלעך, אז די מאמע איז

דערפון שיר פון דער וועלט ניט אוועק. יאָרנלאַנג איז זי ניט גע־קומען צו זיך פון דעם אומגליק.

די אַלטע באָבע רחל, דעם פּאַטערס מוטער, וועלכע איך האָב שוין דערמאָנט, האָט געוווינט מיט אונז. איך האָב זי זייער ליב געהאַט פאַר איר טיפן פּראַקטישן פאַרשטאַנד און פאַר איר גוטן ווייכן כאַראַקטער. קיין סך אָפּגעבן זיך מיט מיר האָט זי אָבער קיין צייט ניט געהאַט. זי פלעגט אַמאָל צוהעלפן אין שטוב, און שטענדיק גריזשען זיך מיטן טאַטן, פאַרוואָס ער געטרויט אַלע שיכורים און שטאָפּט זיי אָן מיט זיין פּראַצע.

פאַרשטייט זיך, אַז צו אַזא טומלדיקע „פּרנסה־שטוב" האָב איך געהאַט זייער ווייניק סענטימענטן, און פלעג זי ווי ווייט־מעגלעך אויסמיידן.

נאָר אין די אָוונטן, ווען דער „יאַריד" אין שטוב פלעגט זיין פאַרענדיקט, האָב איך ליב געהאַט צו זיצן זומער ביי אַן אָפענעם פענסטער און שפּינען מיינע קינדערשע חלומות.

דער איינגעשלאָפענער טייך פלעגט אָטעמען מיט זיסע ריחות און אָנוויייען אויף מיר רו און דרעמאָטע. אין די געדיכטע קוסטעס פון זיין צווייטן ברעג פלעגן זיך צוזינגען די נאַכטעגאַלן, די בעס־טע זינגער פון וואַלד. און נאָך ווייטער — פון הינטער דעם געדיכ־טען סאָסנאָוון וואַלד — פלעגט לאַנגזאַם אַרויסקריכן אַ רויטע לבנה, פויזנדיק אַלץ העכער איבערן הימל. פלעגט זי — שוין אַ שטיק קאַלטער זילבער — קיצלען מיט אירע שטראַלן דעם שלעפע־ריקן טייך און צעשפּילן זיך מיט זיינע שטילע וואַסערן...

ווינטער — פלעג איך זיך אויסציען אויף מיין האַרטן געלע־גער, אַ ברייטע הילצערנע קאַנאַפּע, מיט מאַפּוס „אשמת שומרון", אָדער סמאָלענסקינס „קבורת המור" אין האַנט.

אַ פאַרטראַכטער אין אַנדערע וועלטן, פלעג איך אַריינלייע־נען שפּעט אין דער נאַכט אַריין, און ניט הערן, ווי דער ווינט וואָ־יעט אין דרויסן, און רייסט זיך מיט זיינע פּראַסטיקע נעגל אין שטוב אַריין, ביז וואַנען דער טאַטע, אָדער די מאַמע, אָדער ביידע צוזאַמען פלעגן זיך צובייזערן, אַז עס איז שוין באַלד טאָג, און ביז וואַנען איז דער שיעור צו לייענען!...

אויסער יענעם חבר, וועלכן איך האָב שוין דערמאָנט, וואָס

פלעגט מיך פארכשופען מיט זיינע דיכטערישע מעשיות פון חסי־דישן און רעליגיעזן פאלקסלאָר, האָב איך געהאט נאָך דריי נאָענ־טע חברים. אלע דריי זיינען עלטער געווען פון מיר מיט צוויי — דריי יאָר.

משה אהרן יאנקל איסרס — האָט געהייסן דער ערשטער פון זיי. א אינגל א גדלן, גאָר א קליינער לערנער און א האַרטער רע־אַליסט. זיין טאַטע, איסר משה אהרנס אן איידים, א יוסטער באַ־לעבאָס, ניט קיין נארישער איד, אָבער א בייזלעכער מיט א שאַר־פען, שלעכטן צונג. פלעגט אונז, אינגלעך, שטענדיק אויפנעמען מיט עפּעס א שטעכיקער הלצהלע. — דאנעגן, זיין מאַמע שרה פריידע, וואָס האָט זיך געהאָדעוועט אין א פּאַטריאַרכאַליש־נגידישער הויז, האָט אונז שטענדיק באַגעגנט מיט א ווייכן, א ביסעלע גאוהדיקן, גבירישן שמייכל אויף די ליפּן, און אָפּטמאָל מכבד געווען מיט טיי.

מיר פלעגן זיך פילן דאָרטן ווי געפּענטעט און זוכן וואָס גיכער ארויסבאַקומען זיך פון דעם אייז־קאַלטן גבירישן אָנשטעל.

משה אהרן איז געווען ניט קיין איבערגעגעבענער, טרייער חבר, נאָר א היפּשער דעספּאָט. גרויס מיט זיין גבירישן יחוס, האָט ער אין באַצוג צו זיינע חברים זיך ערלויבט ניט קיין חברי־שע האנדלונגען. א טרוקענער קאַריעריסט, וואָס פלעגט שוין אלס קינד חלומען פון א רייכער כלה און גרויסע געשעפטן, האָט גע־קוקט אויף אונז — טרוימער און וועבער פון לופט־שלעסער — מיט א ביטול־שמייכעלע. ווען מען פלעגט ריידן פון לערנען, פלעגט ער זיך ציניש אויסלאַכן פון די אלע נארישקייטן.

זיין ציניזם האָט ער געירשנט פון זיין טאַטן, און פון דער מאַמען — גבירישע גדלות. דיביידע עלעמענטן פּאַסן זיך זייער גוט אריין אין א דעספּאָטישן כאַראַקטער.

זיינע למדנות האָט א שוואַלב געקענט אויפן עק פאַרטראָגן. ער האָט אָבער דערגרייכט זיינס — שפּעטער חתונה געהאט מיט א מיאוסער, אומוויסנדער, היפּש פון אים עלטערער טאָכטער פון א שטיין־רייכן פאַרגרעבטן ישובניק...

פאַרוואָס איך האָב זיך מיט אים נאָענט געחברט — ווייס איך אליין ניט. אפשר דערפאַר, וואָס מיר זיינען געווען דער היפוך

איינער פון דעם אנדערן, און קאָנטראסטן — ווי באַוווסט — קו־מען זיך צונויף.

מיין צווייטער חבר — יעקב זרחס, זרח דעם רופאס זון, איז געווען אן אינטעליגענטנער אינגל. צום לערנען האָט ער ניט שטארק חשק געהאט, אָבער דערפאר האָט עס אים געצויגן צום וועלטלעכן וויסן.

זרחס שטוב איז געווען די איינציקע אין שטעטל, וווּ מען האָט געקענט הערן א פרייען וואָרט און אליין ארויסזאָגן א פרייען געדאנק. ווי א אינזל אין ים איז זי געשטאנען איינזאם, ארומגע־רינגלט מיט אידישע הייזער, ווו מען האָט ניט געטאָרט אָפּטרעטן אויף א האָר פון די רעליגיעזע טראדיציעס. עס זיינען אפילו גע־ווען נאָך א פּאָר הייזער — צווישן זיי משה אהרנס פּאָטערס הויז — ווו מען האָט זיך שוין אויפגעפירט אביסל היינט־וועלטיסער, אָבער דאָס איז געווען ניט פון פרייען געדאנק, נאָר פון גבירישן שטייגער און אָנשטעל. אין זרחס שטוב אָבער האָבן געווייעט פריי־שע ווינטלעך, און יעדער פרייער וואָרט איז געזאָגט געוואָרן לשמה.

די שטוב איז פול געווען מיט יונגווארג. פון זיינע צוויי ווייבער האָט זרח געהאט צען קינדער — זיבן זין און דריי טעכטער. מיין חבר יעקב, אין יענער צייט — א אינגל פון א יאָר צוועלף, איז געווען דער פערטער פון די זין.

זרח איז געווען א איד אן אויפגעקלערטער, א גריבלער. קיין איין געדאנק פלעגט ער ניט ארויסזאָגן גלאט און פשוט, ווי אלע מענטשן, נאָר שטענדיק מיט אלערליי ווייקרוטאסן און אומוועגן, און ביז וואנען ער פלעגט צוקומען צום עצם געדאנק פלעגט ער פארלירן דעם פאָדים, און זיינע צוהערער פלעגן איינגאנצן פארגע־סען, וועגן וואָס עס האנדלט זיך.

ער פלעגט מיך אָפט אוועקזעצן לעם זיך, אָנקוקן מיט זיינע כמעט בלינדע אויגן און באטאפּן מיט די הענט, ווי דאָס טוען אלע בלינדע.

אים האָט ניט אויסגעמאכט, וואָס דער צוהערער זיינער איז א צען־יאָריקער אינגל. ער פלעגט גלייך אָנהייבן ארויסלייגן פאר מיר זיינע מאָדנע געדאנקען אין אזא פילאָזאָפישער, כמעט נביאי־שער פאָרם, אז איך פלעג צועפענען מויל און אויערן, און כסדר

נאָר טראַכטן ווי אַזוי איידערלערהייט אַרויסקריגן זיך פון זיינע הענט.

אַלע זיינע ריידערייען זיינען געווען אַ געמיש פון דעם רמ"בםס „מורה נבוכים", פסוקים פון ישעיה, ברעקלעך און אָפּגעריסענע שטיקלעך פון פאַרשידענע מדרשים, משלים און אַפאָריזמען פון לערן־ביכלאַך און פאַבעלן אויך פון דאָרטן.

דאָס אַלעס איז געווען אָנגעהויכט מיט אַ קליין טראָפּעלע פריי־ען געדאַנק און פאַרמישט אין אַזאַ משונהדיקער קאַשע, אַז יעל־טען ווער עס האָט געקענט פון איר געניסן.

פירן מיט זרחן אַ געוויינלעכן שמועס איז געווען כמעט אומ־מעגלעך. ער פלעגט באַלד אַראָפּ פון די רעלסן און פאַרקירעווען זיך אויף זייטיקע פאַרדרייטע און קרומע סטעזשקעס. אַפילו ביי אַ קראַנקנס בעט פלעגט ער שטעלן דעם „דיגנאָז" אין אַזעלכע ווער־טער, אַז די נאָענטע האָבן לחלוטין גאָרנישט ניט פאַרשטאַנען, און דערפאַר טאַקע אַרויפגעקוקט צו זרחן מיט יראת הכבוד — אַ גע־לערנטער מענטש, ווייס מער פון אַ דאָקטאָר.

ווען ער איז דערנאָך שוין אין גאַנצן בלינד געוואָרן, און אין שטעטל איז שוין געווען אַ שטענדיקער קריסטלעכער דאָקטאָר, האָט מען נאָך אַלץ גערופן זרח דעם רופא צו אַ קראַנקן. איינער פון די קלענערע קינדער פלעגט אים פירן פאַרן האַנט, און אַז ער פלעגט קומען צום חולה, איז די שטוביקע גרינגער געוואָרן אויפן האַרצן: זרח ווייס, זרח וועט העלפן.

די רפואות פאַר די חולאים פלעגן געמאַכט ווערן טאַקע אין שטוב ביי זרחן גופא. נחמה — זרחס ווייב — מיט די קינדער פלעג־גען רייבן און שטויסן און קאָכן, און אין אַלע חדרים האָט גע־שמעקט מיט רפואות. דאָס אַליין פלעגט צוגעבן חשיבות, און דער עולם, קומענדיק נאָך די רפואות, פלעגט זיך פילן, ווי אין אַן אַפּ־טייק, וווּ מען דאַרף אַראָפּנעמען די היטל פון קאָפּ.

דער דאָקטאָר און דער אַפּטייקער פון שטעטל האָבן געפּרוּווט מסרן. דאָס האָט נאָר געבראַכט דערצו, אַז מען האָט זיך אָנגעהויבן באַהאַלטן און ניט טאָן עס אַזוי בפרהסיא, אָבער נאָך רפואות — אַפילו מיטן דאָקטאָרס רעצעפּט — איז מען אַלץ געגאַנגען צו זרחן.

די קינדער האָבן אים פאַרגעטערט; און הגם זיי האָבן פון זיין „פילאָזאָפיע" פאַרשטאַנען פונקט אַזויפיל, וויפל אַנדערע, זיינען

זיי דאָך זיכער געווען, אז זייער טאַטע איז אַן אויפגעקלערטער מענטש, וואָס פאַרשטייט זאַכן טיפער ווי אַנדערע. און ווי באַלד דער טאַטע איז אַזאַ, זיינען שוין די קינדער געגאַנגען אין זיינע דרכים, און די לופט פון זרחם שטוב איז ממש פול געווען מיט הויכע ווערטער, פרייע געדאַנקען, פּאָליטישע דיסקוסיעס און אידיינע רייסערייען...

איך האָב זייער ליב געהאַט אַריינוואַרפן זיך אָט אין דעם שוימיקן שטראָם, אָפּט שווימען קענען אים, און ראַנגלען זיך ביז הייזעריק ווערן...

אין אַלגעמיין, האָט זרחם שטוב געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויף מיין גייסטיקער אַנטוויקלונג, און האָט מיר געהאָלפן אַראָפּשאָבן פון זיך דעם קליינשטעטלדיקן שימל...

דער דריטער חבר מיינער — משהקע שלמהס איז נאָך אַלעם קליין קינד אַ יתום געבליבן. זיין טאַטע שלמה — אַ איד אַ ביי־זער און אַ גרויסער שווייגער — האָט ווידער אַמאָל חתונה געהאַט מיט אַ ווייבל אַ סך אינגער פון אים, און משהקע האָט באַקומען אַ יונגינטשקע שטיף־מאַמע מיט זייער גוטינקע און האַניק־זיסע רייד־עלעך, פון וועלכע ער האָט שוין גאָר קיין האָניק ניט געלעקט. אַ סברא, אַז שטילינקערהייט פּלעגט זי מיט אירע איידעלע הענטעלעך אַזוי קנייפּן דאָס קינד, אַז ער פּלעגט דערזען דער מאַמען פון יענער וועלט.

מיט שלמה אייזיקס — משהקעס טאַטן — זיינען מיר געווען שכנים אין בית המדרש, אַ שטאָט לעם אַ שטאָט, און פון דאַנען אונזער נאָענטע חברשאַפט מיט משהקען.

ווי געזאָגט, איז שלמה אייזיקס געווען אַ בייזער איד. ער מיט מיין טאַטן פּלעגן אָפּטמאָל לערנען צוזאַמען משניות, און פּלעגן ניט זעלטן שטיין אויף אַ שווערן שליאַך, ווו עס האָט זיך נישט געפּאָרן אַזוי לייכט. דער טאַטע פּלעגט זיך נעמען „אויסריידן" הויך אויפן קול און פּרווון דורכשטופּן דעם וואָגן; שלמה אָבער פּלעגט פאַרקנייטשן דעם שטערן, וואָס איז סיי ווי שטענדיק פאַרקנייטשט געווען, צונויפציען די ברעמען, אַז אַ גרויל פּלעגט אָננעמען, און שאָקלענדיק זיך פּאַמעלעכקע כמעט נאָר מיטן קאָפּ, פּלעגט ער אָנשטעלן די בייזע אויגן אויף דער שווערער הרעבליע, טייטנדיק אויף

איר מיט א פינגער. איז אויב דעם טאטן פלעגט געלונגען אריבער־צופאָרן בשלום, פלעגט שלמה אָפּלאָזן די ברעמען, ווייכער מאכן די קנייטשן אויפן שטערן און פאָרן ווייטער. אויב אָבער דער טאטע פלעגט זיך ווידער פארהאקן — ני טפרו, ני נו, פלעגט שלמה בייז ארויסשרייען אָפּגעריסענע ווערטער, און צושאָקלענדיק זיך שוין מיטן גאנצן קערפּער, אָפּשטופּן דעם וואָגן אויף צוריק און פון דאָר־טען פרווון זיך אים דורכשלעפּן.

ניט איינמאָל פלעגן ביידע לערנער זיך גוט צווווערטלען ביי אזעלכע פאלן, נאָר אלץ אין א גוטמוטיקן שטייגער — לשם שמים.

פון טאטן פלעגט משהקע אויך אמאָל האָבן קאלט און ווארים, און דער אָרימער יתום, נעבעך, האָט פיל געליטן.

דאָס האָט גורם געווען נאָך א גרעסערע פריינטשאפט צווישן אונז, און מיר זיינען געוואָרן זייער נאָענט.

מיט א פּאָר יאָר איז משהקע עלטער געווען פון מיר. זיין פאריתומטע מערכה האָט געבראכט דערצו, אז ער האָט זיך גע־פילט אביסל דערשלאָגן. איך פלעג אים אָבער שטענדיק דערמוטי־קען און ניט לאָזן אראָפּפאָלן ביי זיך.

אין חדר איז משהקע געווען פון די גאָר מיטלמעסיקע תלמידים, א גוטמוטיקער חבר און א גרויסער פאָלגער — געגאנגען און געטאָן געהאָרכזאם אלץ, וואָס חברה שטיפער האָט געוואָלט.

אז מען האָט געדאַרפט א פערד צום שפּיל, האָט מען גלייך „אָנגעזאָטלט" משהקען, און ווער עס האָט נאָר גאָט אין הארצן געהאט האָט אויף אים געריטן.

אז מען האָט געשפּילט אין „באפּיטשענאס" האָט מען דעם ערשטן — משהקען פארבונדן די אויגן, געשלעפּט אים פאָרן קאָ־פּאָטקע, געצויגן פאר די נאָז און געקייקלט זיך פון געלעכטער, ווען משהקע האָט זיך א יאָג־געטאָן כאפּן וועמען און געכאפּט — פולע הויפּנס מיט גאָרנישט.

און דערפאר האָבן אים אלע ליב געהאט.

קיין באזונדערן איינפלוס האָט משהקע אויף מיר ניט געהאט און ניט געקענט האָבן, ווייל ער איז אייגנטלעך געווען א גוטמוטי־קע „גאָטס־בהמהלע" און ניט מער...

זיין קלאָגעדיקער מזל איז אים נאָכגעגאַנגען, דעם אָרימען בחור. ער האָט שפּעטער חתונה געהאַט און איז אין א פּאָר יאָר אַרום געשטאָרבן.

אָט אַזוי זיינען געלאָפן די יאָרן. איך בין שוין באַלד א בר־מצוה בחור און „הער א שיעור" ביי מאָשע נעמיס, ביי אונזער שמש, וואָס האָט סמיכה אויף רבנות.

מאָשע איז געווען אן ערלעכער איד, א גרויסער ירא שמים און א גרויסער למדן, אָבער זייער א טרוקענער מענטש. קיינער האָט קיינמאָל נים געזען א שמייכל אויף זיינע ליפּן. קיינער האָט קיינמאָל נים געהערט מאָשען לערנען מיט א ניגון. ער האָט שטענ־דיק געזאָגט.

צי ער האָט געלערנט גמרא, יורה דעה, חשן משפּט אָדער עין יעקב, צי ער האָט געדאווענט אָדער תהילים געזאָגט — איז דאָס אַלץ אַרויס פון זיין דאַרן מויל מיט דינע בלייכע ליפּן אין דעם זעלבן מאָנאָטאָנעם טרוקענעם קול, אָן דעם מינדסטן סימן פון וועלכער עס איז מאָדולאַציע אָדער געפיל.

א גאָטספאַרכטיקער, טרוקענער שטעקן, וואָס האָט זיך אָבער פון עם־הארצות — מיט זיין שטאַרקן ווילן און גלויבן — דער־שלאָגן צו למדנות. געבליבן איז ער דער זעלבער אויסגעטריקנטער שטעקן, וואָס האָט זיך קיינמאָל שוין נים צובלים.

און אָט ביי דעם פאַרהאַרטעוועטן, טרוקענעם מענטשן, האָב איך העכער א יאָר צייט „געהערט א שיעור".

אַלץ מיט דעם זעלבן פאַרדאַרטן רעטשיטאַטיוו האָט ער „גע־לייענט זיין שיעור", געריסן בערג, פאַרשאָטן טיפע אָפּגרונטן, גע־וואָרפן מיט גמראָס, מיט תוספותן און אַנדערע מפרשים. מיר, זיי־נע צוהערער, זיינען אָבער געבליבן קאַלט צו די אַלע קונצן, ווייל טרוקן און טויט איז געווען דאָס וואָרט, וואָס איז אַרויסגעבראַכט געוואָרן פון זיין מויל, און האָט נים געפונען קיין אָפּקלאַנג אין אונזערע הערצער.

צו יענער צייט געהערט דער אָנהויב פון מיין וועלטלעכן ווי־סען, וואָס האָט מיך סוף כל סוף אין גאַנצן אָפּגעריסן פון לערנען.

דער אָנהויב איז געווען זייער א טשעקאַווער.

ביי דעם שטעטלשן סטאנאָוואָי־פּריסטאוו אין קאנצעלאריע האָט געארבעט א האָרבאטער שרייבער, קוזנעצאָוו. דאכט זיך, האָט ער געהייסן.

ווי אזוי איך האָב זיך באקאנט מיט דעם שרייבער — געדיינק איך נישט. ער פלעגט,הפּנים, אריינקומען צו אונז אין שטוב פון צייט צו צייט נאָך — „לאפּקע־געלט”, און אויף דעם אופן האָבן מיר זיך באקאנט.

איינמאָל האָט ער מיר געוויזן א רוסישן ביכל און מיך געפרעגט צי איך קען עס לייענען. איך האָב זיך — אביסל א פארשעמטער — מודה געווען, אז איך ווייס ניט אין דער שפּראך אפילו קיין צורה פון איין אות.

— אויב דו ווילסט וועל איך דיר ווייזן די אזבוקא, האָט ער מיר פאָרגעלייגט. — קריג דאָס לערן־ביכל „רוסקאיא רעטש” און קום צו מיר, וועל איך דיך אויסלערנען לייענען און שרייבן.

איך האָב דעם האָרבאטן געבעטן ער זאָל עס האלטן בסוד, איבערהויפּט פון טאטע־מאמע, און איך וועל שוין דאָס ביכל קריגן.

דאָס ביכל האָב איך ווירקלעך — הגם מיט גרויסע שוועריקייטן — געקראָגן, און אין א בית־השמשות, קיינער זאָל ניט זען, אריינגעשארט זיך צום שרייבער אין זיין צימערל, ווו ער האָט געוווינט.

דאָס הארץ האָט געפלאטערט, ווי א געפאַנגענער פייגל, און איך האָב קוים געפונען די טיר.

דער האָרבאטער האָט געהאלטן וואָרט, און האָט מיר בוכשטאב נאָך בוכשטאב אין דער רוסישער אזבוקא אָנגערופן מיטן נאָמען. איך האָב איבער יעדן אות אָנגעשריבן זיין נאָמען אויף יידיש, און די ערשטע און לעצטע לעקציע מיינע ביי דעם הארבאטן לע־רער האָט זיך דערמיט פארענדיקט.

איך בין גלייך אוועק אין בית המדרש חזרן מיין „שיעור” און איבער דער גמרא האָב איך געהאלטן די „רוסקאיא רעטש” אויסגע־לערנט די אזבוקא און ניט אָפּגעריסן זיך פון מיין סטענדער, ביז וואנען איך האָב זיך ניט איינגעאיבט צונויפלייגן ווערטער און גאנ־צע פראזן.

נאכט נאָך נאכט האָב איך געלייענט מיין „רוסקאיא רעטש“, און האָב שוין א סך מעשהלעך פון דאָרטן געקענט אויף אויסנווייניק.

איינצייטיק האָב איך איינגעשריבן די האנט אויף רוסישע גע־שריבענע בוכשטאבן, וועלכע זיינען געווען אויסגעצאצקעט אין דעם וועלבן ביכל אונטער יעדן געדרוקטן אות.

און אָט אזוי בין איך אריין אין דעם „היבל“ פון וועלטלעכן ווי־סען מיט ניט זיבערע וואָלקנדיקע טריט, גאנץ אליין, באהאלטן פון דער גאנצער וועלט...

# ד יהשכלה יארן

נאָך די פּאָגראָמען וואָס האָבן אין אָנהויב פון די אַכציקער יאָ־רען פארפלייצט דעם תחום המושב מיט א בלוטיקן שטראָם, איז אויף דער אידישער גאס אנטשטאנען א השכלה באוועגונג. די פאר־צווייפלטע יידישע מאסן האָבן זיך א וואָרף־ געטאָן אָנצוטרינקען זיך פון דעם ברונעם פון וועלטלעכער וויסנשאפט, זייענדיק זיכער, אז דאָס וועט זיי דערנענטערן צום רוסישן פאָלק און צו דער רוסישער אינטעליגענץ, וועלכע וועט זיי דאן בעסער פארשטיין, און פּאָגראָ־מען וועלן ווערן א קאשמארנע פארגאנגענהייט.

אידישע קינדער האָבן זיך גענומען לערנען די שפּראַך פון לאנד, איר ליטעראטור. מען האָט זיך געריסן אָנצוקומען אין די גימנאַ־זיעס, וואָס איז, צו ליב דער „פּראָצענט־נאָרמע", געלונגען נאָר יחי־די סגולה.

אידישע בחורים האָבן אוועקגעוואָרפן די גמראס און צו אכצן שעה אין מעת לעת געזעסן איבער די ביכלעך. מען האָט „עקסטער־ניטשעט" אויף גאָלדענע מעדאלן, און נישט קוקנדיק אויף אלע רשע־עותדיקע באשריינקונגען, רוכגעזיים זיך אין די אוניווערזיטעטן.

א סך האָבן איבערגעצויגן דעם פּאָדים און אין גאנצן אראָפּ געוואָרפן פון זיך דאָס אידישקיים, ווי אן אלטן מלבוש. און אפילו די, וואָס האָבן נישט געוואגט אָדער נישט געוואָלט עס טאָן, האָבן אויך געוואָרפן דעם לאָזונג: זיי א איד אין שטוב און א מענטש אין גאס.

אונטער דעם באגריף „מענטש" איז פארשטאנען געוואָרן — נישט אויסטיילן זיך מיט דער באזונדער קליידונג, נישט ריידן אין גאס קיין אידיש וואָרט און אין אלגעמיין — נישט לאָזן מערקן, אז דו ביזט א איד.

צו אונז אין שטעטל איז אָט די כוואַליע אָנגעקומען מיט אַ פאַרשפּעטיקונג פון עטלעכע יאָר, און סוף כל סוף אָנגעשלאָגן זיך אויך אָן אונזערע פאַרוואָרפענע ברעגן.

מיר — דריי בחורימלעך — 12-15 יאָריקע — האָבן פאַרנאַכ־לעסיקט דעם לערנען און גענומען זיך פאַר די „טריף־פּסלען״.

אין אַ קורצער צייט זענען מיר שוין מיט נדלות געגאַנגען גע־אַרימט איבער דער איינציקער שטעטלשער גאַס און געקנאַקט רו־סיש אויף וואָס די וועלט שטייט. וואָס פאַר אַ טעם אונזער רוסיש האָט געהאַט — איז לייכט זיך פאָרצושטעלן.

אידן האָבן געקוקט אויף אונז מיט באַהאַלטענעם צאָרן, אָבער אויך מיט אביסל רעספּעקט — פאָרט־וויל־געלערנטע אינגלעך.

איך האָב געפּרוווט אַריינוואָרפן אַ וואָרט אין שטוב וועגן גימ־נאַזיע, אָבער דער טאַטע האָט מיך גלייך אָפּגעגאָסן מיט אַן עמער קאַלטע וואַסער: — איך וויל דיך בעסער זען אַ טויטן, איידער אין גימנאַזיע מחלל שבת זיין בפרהסיא!...

נאָך לאַנגן וואַיעווען, און מיט דער הילף פון דער מאַמען, וואָס איז געווען אויף מיין זייט, איז מיר געלונגען פועלן, אַז מען זאָל מיך שיקן אין אויעזד — 35 וויאָרסט פון אונזער שטעטל.

דאָרטן דאַרף איך אַ האַלבן טאָג לערנען אין קלויז, און דעם אַנדער האַלבן טאָג גרייטן זיך אָנצוקומען אין „יעווריעיסקאַיע או־טשילישטשע״ און צופאַרדינען אביסל, געבנדיק אוראָקן פון לשון קודש, כדי לייכטער מאַכן די משא פון אויסהאַלטן מיך אין שטאָט.

דער אַטעסטאַט פון דער אוטשילישטשע דאַרף מיר דינען אַלס אַ פאַרלייכטערונגס־מיטל אָנצוקומען דערנאָך אין ווילנער לערער־אינסטיטוט, ווו עס ווערן „פאַבריצירט״ לערער פאַר אַזעלכע או־טשילישטשעס.

דער ווילנער לערער־אינסטיטוט איז געווען דער איינציקער לע־רען־אַנשטאַלט ספּעציעל פאַר אידן, וווהין אידישע קינדער האָבן זיך געריסן פון אַלע עקן פון דער אומענדלעכער רוסלאַנד, אפילו פון סיביר.

די פּראָצענט־נאָרמע פון איין זייט און דאָס, וואָס די אויסגע־שטודירטע לערער האָבן נישט געדאַרפט דינען דעם קיסר, פון דער

אנדער זייט, האָבן געטריבן אידישע עלטערן אריינצושטופּן זייערע קינדער אין דעם אינסטיטוט, וווהין אָנצוקומען זענען געווען זייער און זייער שוואכע מעגלעכקייטן.

דער אינסטיטוט האָט געהאַט פיר קלאַסן. מער ווי אכציק תלמידים האָבן זיך אין אלע פיר קלאַסן נישט געטאָרט געפינען, ווייל ווי א „פארמאכטער" לערן־אנשטאַלט, ווו די תלמידים האָבן געקראָגן וווינונג, עסן, קליידן און נאָך א פּאָר קאָפּיקעס אין קעשענע אויף קליינע אויסגאַבן, האָט דער אינסטיטוט געהאַט זיין „סמעטע" נאָר אויף אכציק תלמידים און אזויפיל לערער פאר די פיר קלאַסן. מער האָט די רעגירונג נישט געגעבן — נישט קיין געלט און נישט קיין פּלאַץ.

יעדן יאָר האָבן אמהעבסטן צוואַנציק „גליקלעכע" געקענט אריינגענומען ווערן אין דעם געגאַרטן „היכל". אממייסטן זענען עס געווען תלמידים פון דער אזוי־גערופענער וואָלפערס אוטשילישטשע ביים אינסטיטוט.

וואָלפער איז געווען באוווסט מיט זיין רוסישער גראַמאַטיקע פון די „אויסנאַם־גלאָגאָלן". וואָס מען האָט געלערנט אין אלע גימנאַזיעס, און איז געווען א לערער אין דעם אינסטיטוט.

אין זיין אוטשילישטשע פלעגט ער די תלמידים ספּעציעל צוגרייטען פארן אינסטיטוט, און בּאָטש זיי האָבן געדאַרפט האַלטן דעם אריינטריט־עקזאַמען, גלייך מיט אנדערע, האָבן זיי אים אָבער שטענדיק גלענצנד אויסגעהאַלטן, און אפילו ביי גלייכע באַלן מיט די איבעריקע עקזאַמינירנדע האָבן זיי געהאַט א פאָרצוג.

ביי אזעלכע באדינגונגען קען מען פארשטיין וויפל שאַנסן אָנצוקומען אין אינסטיטוט האָבן געהאַט די קרוב צו צוויי הונדערט יעדן יאָר אָנגעפאָרענע, ווי געזאָגט פון אלע עקן, „דורשטיקע" בחורימלעך.

יעדערער האָט אָבער געהאָפט: אולי — אפשר וועט ער זיין פון די צוויי־דריי זכים בגורל, וואָס פלעגן צוגענומען ווערן פון די צוויי הונדערט „פרעמדע".

אין סלוצק, אונזער אויעזד האָט מיר די מאַמע אָנגעדונגען קעסט און א בעטל צום שלאָפן ביי א נייטערן — א וויטע קרובה.

דער קליין אַלקירל, וווּ מיין בעטל איז געשטאַנען, האָט געהאַט זיין אַריינגאַנג דורך אַ גרויסן לאַנגן צימער, וווּ פון גאַנץ פרי ביז שפּעט אין דער נאַכט האָבן געקלאַפּט אַ פיר־פינף ניי־מאַשינען, און איבערגעוואָרפן זיך אויף הייכע טענער איבערן גאַנצן לייענג פון צי־מער מיט ווערטלעך, פּליאַטקעס און גלאַט פּוסטע זאַכן אַ צענדליק מיידלעך־נייטערקעס מיט זייערע אַרויסהעלפעריננס. אַמאָל פלעגט די ווייבערשע מלוכה צווזינגען זיך און ממש פאַרטויבן די לופט.

פאַרשטייט זיך, אַז דאָס האָט נישט געשאַפן קיין איבעריק־באַקוועמע באַדינגונגען פאַר מיין גרייטן זיך צום עקזאַמען. אויסער דעם, האָב איך געמוזט האָבן כאָטש אויף אַ קורצער צייט אַ לערער. וואָס זאָל מיר — דעם צוועלף־יאָריקן אינגל ווייזן דעם וועג, לויט דעם פּראָגראַם וואָס האָט זיך געפאָדערט ביים אָנקומען אין אוטשילישטשע. דאָ האָב איך מיר שוין אַליין אַן עצה געגעבן.

דורך אַ באַקאַנטן האָב איך געקראָגן אַ רעקאָמענדאַציע־בריוו צו אַ לערער פון דער זעלבער אוטשילישטשע, און ער האָט מיך אונ־טערגעריכטעט אין משך פון אַ חודש צייט, אַ האַלבע שעה טעגלעך.

מיין לערער, בעליקאָוו, האָט ער געהייסן, אַן אַביטורענט פון דעם ווילנער לערער־אינסטיטוט, נאָך גאָר אַ יונגערמאַן, נישט לאַנג אַ גע־ענדיקטער.

קוקנדיק אויף דעם טרוקענעם, מרה־שחורהדיקן, אַזוי יונג פאַר־וועלקטן יונגנמאַן, פלעגט מיך אָפּט אַ שרעק אַרומכאַפּן: אָט דאָס מאַכט דער ווילנער אינסטיטוט פון זיינע תּלמידים!...

פאַר דעם חודש, וואָס ער האָט מיט מיר געלערנט, האָט ער קיין איין וואָרט, אויסער די עטלעכע באַמערקונגען, וואָס זענען נויטיק געווען ביים אויסהערן מיך און געבן אַ נייעם „אוראָק", נישט אויס־גערערדט.

מיט אַ קול, ווי פון קבר אַרויס, פלעגט ער פאַרריכטן מיינע גרייזן און אָנווייזן מיר — פון דאַנען ביז דאַנען וועט איר נעמען אויף מאָרגן.

ער האָט מיך „געאירצט", און דאָס האָט נאָך צוגעגעבן היפּש עטלעכע גראַדן פראָסט צו אונזערע אַזוי אויך פּאַליאַרנע באַציאונ־גען.

ווען איך בין מיט פיר חדשים שפעטער אנגעקומען אין לעצטן קלאס פון דער אוטשילישטשע און פלעג אים באגעגענען אַרויסגייענדיק פון איינעם פון די אינגערע קלאסן, פלעגט אויף מיר, יעדעס מאָל א בלאָז טאָן אן אייז־קאַלטער צפון־ווינט...

איך האָב געענדיקט די אוטשילישטשע מיט אן אויסצייכענונג און האָב באקומען א „נאגראדע" — א בוך פון עפּעס אן ארכייאישן שרייבער, וועמעס נאָמען איך געדיינק נישט; א בוך, וואָס איז גע־דרוקט געווען אויף דיקן פראַסטן פּאפּיר מיט אלט־פריינקישן שריפט.

איצט האָב איך זיך ווייטער געדאַרפט צוגרייטן צום עקזאַמען אין ווילנער אינסטיטוט, ווו עס האָט זיך געפאָדערט נאָר א ברייטער פּראָגראם. דאָס האָב איך געקענט טאָן ביי זיך אין שטעטל, און איך בין אוועקגעפאָרן אהיים.

פאר דעם יאָר, וואָס איך האָב פארבראכט אין סלוצק, בין איך במעט אינגאנצן אוועק פון דער גמרא. געדיינקענדיק מיין צוזאָג צום טאַטן, אז איך וועל א האלבן טאָג לערנען אין קלויז, פלעג איך זיך ווען נישט ווען אריינכאפּן אהין, עס האָט זיך אָבער נישט געלע־רענט. דער קאָפּ איז פול געווען מיט געאָגראפיע, געשיכטע - - ביי־דע לימודים האָב איך זייער ליב געהאט — און אביי מיט רבאן זע־נען שוין אהין נישט געקראָכן.

איך האָב אויך געהאט א פּאָר גראָשענע „אוראָקן" אויף לשון קודש און תנ״ך. מיינע תלמידים זענען אלע געווען עלטער פון מיר און האָבן ביי מיר קיין גרויסע פעולה נישט געהאט; איך האָב פּשוט נישט געוואגט צו פאָדערן פון אזעלכע גרויסע בחורים, איז פלעג א סך דורכלאָזן.

די נייטערן מיט איר מיידלשער כאַפּטע זענען מיר דערגאנגען די יאָרן מיט זייער פּלאַפּלען און שטענדיקן טומל. איך פלעג אָפט אנטלויפן פון שטוב מיט מיינע ביכלעך אין האנט. זומער — אויסערן שטאָט, ערגעץ אונטער א בוים — פלעגט זיך אזוי געשמאַק שטודירן. און ווינטער — אין קלויז, מיטן ביכל איבער דער אָפּע־נער גמרא, און נישט זעלטן מיטן גמרא־ניגון, פלעגט וולאדימיר מאַר נאָמאך, אָדער איוואן דער גרויזאמער גאנץ גוט אריינפּאסן זיך אהין.

בר־מצוה בין איך געוואָרן אין סלוצק. דער טאַטע האָט מיר

מיט אברהם משה דעם בעל־עגלה צוגעשיקט אַ פּאָר נייע תפילין מיט אַ גרויסן געציקלטן לשון־קודשדיקן בריוו, אַז הייסט עס — איצט מיין זון, ווערסטו שוין אַ פאַראַנטוואָרטלעכער איד און גייסט אַרויס אויף אייגענע גייסטיקע קעסט, אַזוי צו זאָגן. געדיינק זשע, אַז תּפי־לין איז יעדער איד מחויב צו לייגן אַלע טאָג, אויסער שבת און יום־טוב, און גאָט אַליין, כּביכול, זיצט אין טלית און תּפילין אויפן כּסא הכּבוד און לערנט תּורה. דער ראש ישיבה פון קלויז — שרייבט מיר דער טאַטע ווייטער — וועט דיר ווייזן ווי מען דאַרף על פּי דין לייגן תפילין. אודאי וואָלט זיך מיין האַרץ מער פרייען, ווען דו וואָלסט קומען אַהיים און איך זאָל עס אַליין טאָן, אָבער מסתּמא וויל דאָס גאָט נישט, און די מצווה איז באַשערט אַ פרעמדן אידן...

צוריק אין מיין שטעטעלע סטאַראַבין, וואָס האָט, לויט דער לע־גענדע, אַזוי געהייסן, ווייל אויף איר אַלטן בית־עולם רוען הונדערט רבנים, בין איך געקומען שוין אַ רעספּאָנסאַבלער איד מיט אַלע זיי־נע פאַראַנטוואָרטלעכקייטן פאַר גאָט און לייט, און אָן קיין שום רעכט פאַר זיך אַליין... אַ איד מיט אַלע אידן גלייך.

געפאָרן אַהיים בין איך נישט מיט אברהם־משהן, נאָר מיט אַבאַ דעם בעל־עגלה.

אברהם משהן האָב איך פאַרראַטן דערפאַר, וואָס ביי אים איז געווען דאָן אַ סוס — אַן אמתע פּגירה, וואָס פלעגט זיך שלעפּן די פינף מייל צען־צוועלף שעה, און גאַנץ אָפט אויף די זאַמדן, אַ האַלב־מייל ביים שטעטל — פלעגט אויסקומען אַראָפּקריכן פון וואָגן און, במחילה, עולה רגל זיין, אָדער נאָך אונטערשטופּן דעם וואָגן אויך.

און אגב איז אַבאַ געווען — אין געגנשטאַנד צו דעם שטענ־דיק פאַרכמורעטן אברהם משהן מיט די גרויסע ציין — אַ פריילע־כע נשמה, און פלעגט פאַרהילכן די בויד מיט סקאַרבאַווע נגונים, אָדער גאָר מיט זיין אייגן־לידל וועגן זיין ווייב חיה, וואָס איז געווען נישט קיין גרויסע פאַרשוין און האָט דערצו נאָך שטענדיק אונטער־געקריינקט. די ערשטע צוויי סטראָפן פון דעם לידל געדיינק איך נאָך. זיי זענען געגאַנגען אַזוי:

— ווער עס וויל ניט חתונה האָבן, אָבער חתונה האָבן מוז,
— זאָל נעמען אַזאַ ווייבעלע, ווי מיין חיהלע איז.

— אָי, אָי, מיין חיהלע,
— זי איז דאָך זייער שיין
— מיט אירע גלעלע ציין...
— און באָטש מיין חיהלע איז דאָך אזוי שיין,
— פונדעסטוועגן נאָך איר לויהלע וואָלט איך וועלן גיין.
— אָי, אָי, מיין חיהלע,
— זי איז דאָך זייער זיס
— מיט אירע קרומע פיס...

אבא איז געווען א פרומער איד. ווען דער פרימאָרגן פלעגט אים טרעפן אונטערוועגנס, פלעגט ער אראָפּקריכן פון וואָגן, וואשן די הענט אָן די מיט טוי באנעצטע גראָזן, לייגן טלית און תפילין און נאָכגיין נאָכן וואָגן זאָגנדיק די תפילות.

אָבער דער זעלבער אבא האָט געהאט א שטיקל פארגאנגענהייט. ווען ער איז שוין געווען א בר־מצוה בחור, האָט אים זיין טאטע באַשטראָפט פאר עפּעס מיט א שטריק.

דער בחור, נישט לאַנג טראכטנדיק, האָט זיך ארויסגעריסן פון טאטנס הענט און איז אנטלאָפן — צום גלח ער זאָל אים אָפּשמדן.

עס האָט געקאָסט נישט ווייניק מי און געלט ארויסנעמען דעם יונג פון שמד...

גיי פארשטיי א אידישע נשמה.

ווען מיט עטלעכע יאָר שפּעטער איז אבא טאקע אויף אָן אמת געגאנגען נאָך חיהלעס לויה, האָט ער ביטער געוויינט און געקלאָגט, און פון דאן אָן איז פון זיין רעפּערטואר פארשוואונדן דאָס לידל וועגן חיהלען מיט אירע קרומע פיס. ער האָט א צווייטן מאָל חתונה גע־האט מיט א געזונטער יונגער יתומה, און איז זיין גאנצן לעבן גע־ווען פאר איר דער אידעאלסטער מאַן.

אין דער היים בין איך אָבער לאַנג נים איינגעזעסן. ערשטנס, בין איך שוין געוויינט געוואָרן צו דער גרעסערער שטאָט און צו אי־רע רעלאטיווע פרייהייטן. און צווייטנס, האָבן מיר אָפט געפעלט אייניקע לערן־ביכער, און ביז וואנען איך פלעג זיי באקומען פון סלוצק דורך די בעלי־עגלות פלעגן מיר די אויגן ארויסקריכן פון שטערן.

דער טאטע האָט אוודאי ניט געוואָלט, אז איך זאָל ווידער אוועק פון דער היים, ווו איך פלעג זיך נײַן־נײַן, און פּאַרט אריינכאפּן אמאָל אין בית המדרש און אָפּלערנען געשמאַק א בלאט גמרא.

א קאָרנן יאָר האָב איך פארבראכט אין דער היים און לסוף ווי־דער ארויסגעריסן זיך קיין סלוצק.

דאָרט בין איך געבליבן א יאָר צייט, אין וועלכן איך האָב פאַ־רענדיקט מײַן צוגרייטן זיך צום עקזאמען אין אינסטיטוט.

פארענדיקט מײַן צוגרייטן זיך צום עקזאמען... מאָלט אײַך, אז קיין באצאָלטע לערערס זענען נישט געשטאנען גרייט צו מײַן דינסט. און אַלץ, וואָס איך האָב געדאַרפט וויסן, האָבן איך געמוזט ארויס־צאפּן און ארויסקריגן טראָפּנווייז, ברעקלעך און שטיקלעך פון די גע־ציילטע גליקלעכע יידישע בחורימלעך, וואָס האָבן זיך געפונען אין זיבעטן און לעצטן — אכטן קלאַס גימנאזיע.

אממייסטן זענען עס געווען רייכע זינדלעך, וואָס האָבן מוראדיק שטאָלצירט מיט זייערע מונדירן מיט די בלישטשענדע קנעפּ, און גע־בלאָזן פון זיך מיט גאוה... איך פלעג שעהן גאנצע נאָכגיין נאָך זיי מיט דער גרעסטער הכנעה, ביז וואנען ווער פון זיי פלעגט מיט א האַלבן מויל צוזוואַרפן מיר, ווי א נדבה, אן אנטפער אויף מײַנער א פראגע. ווען ניט דער איין־איינציקער אָרימער ישיבה־בחור, וואָס האָט „עקסטערנישעט" פאר אכט קלאסן גימנאזיע, און איז פון פרי ביז שפּעט אין דער נאכט ארומגעלאָפן איבערן שטאָט אויף זײַנע גראָשענע אוראָקן, כדי אויפקלייבן א פאר רובל אויף הוצאות צו פאָ־רען אין אוניווערסיטעט, וואָלט איך גאָר געווען אויף צרות.

ער פלעגט אָפּט אָפּריסן עטלעכע מינוט פאר מיר, און אים האָב איך א סך צו פארדאנקען פאר דעם, וואָס עס איז מיר געלונגען.

איצט בין איך געפאָרן אהיים, איידער איך האָב געוואָלט לאָזן זיך אין וועג־ארײַן, קיין ירושלים דליטא.

פארן לעצטן יאָר, וואָס איך האָב פארבראכט אין סלוצק, האָב איך זיך אינגאנצן אָפּגעריסן פון דער גמרא; און אז איך בין געקו־מען אהיים, האָט דער טאטע געקוקט אויף מיר מיט טרויעריקע אויגן, און שטיל, מיט געבעט אין קול אמאָל דערמאָנט מיר: אפשר, מײַן זון, וואָלסטו זיך אריינכאפּן אין בית המדרש אָפּלערנען א בלאט גמ־

ראַ, נים פאַרגעסן אינגאַנצן... דו ווייסט דאָך — אם תעזבני יום, אעזבך יומים...

מיר פלעגט פאַרקוועטשן דאָס האַרץ פון רחמנות צום טאַטן — צושמעטערט זיינע גרויסע האָפנונגען אויף מיר — און פלעגן אים צוליב טאָן.

עס האָט זיך אָבער נים געלערנט. דער קאָפּ איז פול געווען מיט מאַטעמאַטישע פאָרמולעס, מיטן לעגיאָן יוצאים מן הכלל פון דער האַרבער רוסישער גראַמאַטיק, מיט די הונדערטער נעמען פון בערג, טייכן, ימים, אויסגוסן, לענדער און שטעט פון דער גאַנצער וועלט, און מיט די פאַרפּלאָנטערטע געשיכטעס, מלחמות און גלאַט רייסע־רייען פון פאַרשידענע פעלקער און עפּאָכעס.

מאָשע נעמי״ס, מיין געוועזענער רבי, ביי וועמען איך האָב גע־הערט אַ שיעור, האָט מיך באַגעגנט קאַלט, ווי אייז: שלום עליכם, וואָס מאַכסטו? —

אמת, אפילו אין די גוטע יאָרן, ווען איך האָב געלערנט מיט התמדה האָט מען אויך פון אים מער ווי טרוקענע צוויי־דריי ווער־טער נים געהערט; אָבער איצט האָבן פון די זעלבע ווערטער געטראָגן זיך פּראָסטיקע ווינטן, און געקוקט האָט ער אויף מיר, ווי ער וואָלט מיך נים געזען, אָדער ווי איך וואָלט געווען פון גלאָז — דורך מיר אין חלל פון בית המדרש.

פאַרקערט, לייבע דער מלמד האָט זיך שטאַרק דערפרייט מיט מיר. ער האָט מיך פאַרשלעפּט אין אַ נאָך מעריב צו זיך אהיים, און באַלד פאַרפירט אַ שמועס וועגן פּאָליטיק. ווי באַלד, הייסט עס, איך לערן אין די ספרים חצוניים, מוז איך דאָך שוין ווייסן, וואָס עס טוט זיך אין דער וועלט־פּאָליטיק.

איך האָב אים, הפנים, שטאַרק ענטוישט אין דעם הינזיכט, ווייל ער איז שנעל אַריבער אויף אַ פערזענלעכער טעמע, און אין אַ האַר־ציקן, אינטימען טאָן גענומען אויספרעגן וועגן מיין לערנען זיך אין שטאָט און וועגן מיינע ווייטערדיקע צילן.

זיין האַרציקע באַנעמונג האָט דערוואַרימט מיין נשמה, און איך בין אוועק פון אים אינגאַנצן אַ צעשטראַלטער.

די שטעטלדיקע באַלעבאַטים האָבן מיך אין אַלגעמיין באַגעגנט

גוטמוטיק און אנדערע אפילו מיט רעספעקט: אוודאי א שאָד, וואָס ער האָט זיך אָפגעריסן פון דער גמרא, אָבער פאָרט א בחור׳ל האָט געלערנט אין די קלאַסן און גייט ווייטער...

דער טאטע, ווייזט אויס, האָט געפונען א שטיקל טרייסט אין דעם, און איך פלעג אמאָל באמערקן א שטאָלצן אויפבליץ אין זיינע אויגן.

פאר די לעצטע פאר יאָר האָט דער נייער שטראָם פארכאפּט אפילו די אָפגעשטאַנענסטע, און מיין שטעטעלע איז געווען ניט צו דערקענען. טאטעס האָבן געזוכט תכלית פאר די קינדער, און עפּעס א בלונדער בחור מיט צעפאטלטע האָר, וואָס האָט פארבלאָנדזשעט צו אונז, גאָט ווייס ווי אזוי, האָט געלערנט אידישע קינדער לייענען און שרייבן רוסיש.

איך האָב זיך געגרייט אין וועג אריין. דער פּלאַן איז געווען אזוא:

די מאמע האָט געשטאמט פון באברויסק, דאָרטן האָט זי געהאט א ברודער און א סך קרובים. צווישן די לעצטע איז געווען א געוועזענער ישראל׳ פאפערנא, דער מאמעס א געשוועסטערקינד, א איד א משׂכיל און א זייער אָנגעזעענער אין שטאָט. דער פאפערנא האָט געהאט אין ווילנע א זון מיטן נאָמען קליאטשקא, — א געוויינלעכע ערשיינונג פאר יענע צייטן, אז א טאטע מיט א זון זאָלן צוליבן פריזיוו טראָגן פארשידענע פאמיליען־נעמען, — א רייכער און באוווסטער סוחר. האָב איך עס פריער געדארפט פאָרן קיין באברויסק נעמען א בריוו פון ישראל׳ פאפערנא צו זיין זון, אז ער זאָל מיך — דעם פּופּצן־יאָריקן אינגל מקרב זיין, און פון דאָרטן פאָרן קיין ווילנע.

דעם אמת געזאָגט — האָט מיך די רייזע אביסעלע געשראָקן. איינער אליין, אזא ווייטער וועג און אזא כרך גדול ווי ווילנע. איך האָב נאָך דאן ניט נאָר ניט געפאָרן, נאָר אפילו ניט געזען קיין באן אין מיין לעבן...

און אָט איז געקומען דער טאָג פון מיין אָפּפאָרן. די מאמע האָט פון אינדערפרי נאָך געגאָסן מיט טרערן, צונויפלייגנדיק מיין אָרעם פעקעלע, וואָס איך האָב געדארפט נעמען מיט זיך. איך האָב זיך געשטארקט און געמאכט קוראזש. אז וויים איך־וואָס — א גרויסע זאך דורכפאָרן זיך קיין ווילנע! — נו, און דאָרטן וועט דער קרוב קליאטשקא שוין מיר אלץ ווייזן, וואָס איך האָב צו טאָן... אָבער טיף

אין הארצן האָט געטאַטשעט א ווערימל — ווער ווייסט צי איך וועל דאָס אַלץ קענען דורכמאַכן!...

די בויד שטייט שוין לעם אונזער שטוב. שכנים און פריינט שלעפּען מיך פון אַלע זייטן — געזעגענען זיך. איך בין צוטומלט און ווייס ניט אויף וואָסער וועלט איך בין. די מאַמע וויינט הויך אויפן קול, און דער טאַטע באַגיסט זיך שטיל מיט טרערן: — פאַרגעס ניט, מיין זון, לייגן תפילין אַלע טאָג; געדיינק, אז דו ביזט א איד...

אָפּגעריסן זיך מיט גוואַלד און אריין אין בויד.

— פאַרליר ניט מיין זון, דאָס בייטעלע מיט די פּאָר רובל, שרייט מיר נאָך די מאַמע, און היט זיך פאַר גנבים און שלעכטע מענטשן... פּאָר געזונט, מיין קינד, און גאָט זאָל זיין דיין היטער!...

איך טאַפּ־אָן דאָס בייטעל אין בוזים, און טרערן רינען און קאַפּען אראָפּ אין מיין שויס...

די בויד רירט זיך און איך פיל א פאַרלייכטערונג — אַרויסגעריסן זיך!... איצט בין איך אַליין מיט מיינע געדאַנקען, זעלבסטשטענדיק!... א צויבער־וואָרט!... נשקשה, איך וועל ניט פאַרפאַלן ווערן, אומעטום זענען אידן... און אפילו ניט אידן — בין איך אויך ניט קיין שטומער, איך האָב די שפּראַך...

איך טרייסל אַראָפּ פון זיך דעם געזעגענונגס־קאָשמאַר און בורטשע־אונטער עפּעס א לידל.

די בויד איז שוין ארויס פון שטעטל און שלעפּט זיך איבער די טיפע זאַמדן.

מיר פאָרן דורך סלוצק. דאָרטן וועט אבא דער בעל עגלה אָנלאָדן משא, און, אפשר, קריגן נאָך א פּאָר פּאַסאַזשירן, און פאַר וועלכע דריי טעג וועלן מיר דורכמאַכן די הונדערט פיר וויאָרסט ביז באַברויסק.

אבא הינקט אונטער נאָכן וואָגן, און איך מיט די פּאָר מיטפּאָרער קריכן ארויס פון בויד און גייען אויך נאָך.

אבא לאָזט פאַנאַנדער די כלי און זינגט מיט געפיל א „ומפני חטאינו״. מיין שטימונג איז שוין גאָר אַן אַנדערע. איך העלף אים אונטער, און אונזערע שטימעס צעקלינגען זיך איבער די ברייטע זאַמדן, שלאָגן זיך אָפּ פון דעם נאָענטן וואַלד, וואָס דרעמלט זיס און־

מער דעם זילבערנעם שיין פון דער לבנה, און צעשיטן זיך אין היל־
ביקע עכאָס...

אַזויפיל מאָל בין איך שוין איבער דעם זעלבן וועג געפאָרן, אָבער
איצט זעט ער מיר אויס גאָר אנדערש. — ער איז דער אָנפאַנג פון
דעם ברייטן שליאַך, וואָס פירט מיך אין דער גרויסער וועלט אריין...
ארויסגעריסן זיך פון דעם השכדיקן שטעטל און צי צו די ווייטע,
ליכטיקע האָריזאָנטן...

און טאָמער קום איך ניט אָן אין אינסטיטוט? — גיט מיר א
שלאָג א געדאנק אין קאָפּ — דאָס איז דאָך מער, ווי מעגלעך... וואָס
דאן?... וווהין וועל איך זיך קערן?... צוריק אין שטעטל, וואָס וועט
דאָ ווערן פון מיר? א שווארצער וואָלקן פארציט מיינע ליכטיקע
ווייטקייטן, און דאָס הארץ שלאָגט טרעוואָגע...

איך טרייב־אָפּ די טרויעריקע געדאנקען — אבי ארויסגעריסן
זיך, איך וועל זיך שוין עפּעס אָן עצה געבן, נאָר נים פארצווייפלען...

אין סלוצק האָט אונז אבא פארהאלטן א האלבן טאָג — ביז וואַ־
נען ער האָט געקראָגן משא קיין באברויסק און צוויי פאסאזשירן.

פון סלוצק קיין באברויסק ציט זיך דער מאָסקווע־ווארשעווער
שאָסיי, וועלכן די רעגירונג האָט, צוליב סטראטעגישע טעמים, שטענ־
דיק געהאלטן אין א גוטן צושטאנד.

ארויספאָרנדיק פון שטאָט, ציט זיך דער שאָסיי לאנג און ברייט
צווישן רחבותדיקע פעלדער און גרינע פריילעכע פערעלעסקעס. די
ערשטע קלעפּ פון דעם פערדס פּאָדקאָוועס אָן דעם שטיינערנעם וועג,
האָבן מיך דערמאָנט דעם פּאָעטס סטראָפן:

גרויסער וועג, גלייכער וועג —
ציסט זיך פריי איבער גאָטס ערד.
ביזט מיט שטיינער געבעט,
הארט פארן טראָט,
דיין יעדער שפּאַן איז מיט שוויים באנעצט...

ווען עס איז נאכט געוואָרן זענען מיר שוין אָפּגעפאָרן א צוואַנ־
ציק וויאָרסט פון סלוצק. דער וואלד איז אלץ געוואָרן געדיכטער און
אלץ זעלטענער זענען געווען ליידיקע, באארבעטע שטיקער פעלד.

מיר זענען אראָפּ פון שאָסיי און אָפּגעשטעלט זיך נעכטיקן ביים דערבייאיקן וואלד.

אבא האָט צולייגט א גרויסן פייער אויף וועלכן ער האָט געלייגט באקן עטלעכע פישלעך, וואס מיר האָבן געקויפט ביי א דורכ־גייענדן פישער, און א פּאָר צענדליק קארטאָפליעס. דאָס האָט געדארפט זיין אונזער וועטשערע.

דעם פערד האָט ער אויסגעשפאנט, און א געפּענטעטן מיט א גלעקל אויפן האלדז, געלאָזט אים פּאשען זיך צווישן די בוימער.

די לבנה איז נאָך ניט אויפגעגאנגען, און די נאכט איז אלץ פינצ־טערער און סודותדיקער געוואָרן. ווען ניט ווען האָט זיך געהערט א געשריי פון א נאכט־פייגל און ווייטע, שוואכע טרעלן פון א וואלד־זינגער.

די צוויי סלוצקער יונגעלייטלעך, וואָר האָבן קיינמאָל קיין עכטן וואלד ניט אָנגעזען, און נאָך ביינאכט, האָבן ביי יעדן נאכט־קלאנג פון וואלד אויפגעציטערט און גערוקט זיך אלץ נעענטער צום פייער.

אָפּגעדאווענט מעריב און אָפּגעגעסן די פישלעך מיט קארטאָפּ־ליעס, האָבן מיר זיך אויסגעצווגן אויף דער ערד, די פּעקלעך צוקאָ־פּענס, און געפּרוווט איינשלאָפן.

מיר אָבער האָט זיך ניט געשלאָפן. א טיפע בייגקשאפט האָט ארומגעכאפּט מיין גאנצן וועזן. עס האָט זיך געבייגקט נאָך דער היים, וואס איך האָב ערשט פארלאָזן, און וואָס איז איצט אזוי ווייט פון מיר. וווהין און נאָך וואס פאר איך אין דער גרויסער און ווייט־וויי־טער ווילנע?... צוגעקומען וועלן אין אינסטיטוט זיינען דאָך אזעלכע קליינע שאנסן... און ווי וועל איך געפינען מיין וועג אין אזא כרך גדול?...

איך האָב זיך געקערט פון איין זייט אויפן צווייטן, געסטארעט זיך פארטרייבן די פינצטערע געדאנקען: דער שלאָף איז אָבער ניט געקומען...

פון מזרח־ראנד פון הימל איז לאנגזאם געקראָכן א גרויסע, רוי־טע לבנה, וואס העכער זי האָט זיך געהויבן, אלץ בלייכער און קלע־נער איז זי געוואָרן. אָט גיסט זי שוין אויף דער איינגעשלאָפענער

וועלט איר זילבערנעם מעלאַנכאָלישן שיין, אונטער וועלכן אַלץ ווערט פאַרכשופט...

דער ווייטער וואַלד־זינגער איז אַריבערגעפּלויגן נעענטער, און זיינע טרעלן הערן זיך אָט דאָ ערגעץ איבער אונזער נאַכט־לאַגער... זיי וועקן אין מיר דערינערונגען פון דער היים, ווען איך פלעג שעהן גאַנצע אָפּזיצן דורך די נעכט, צוהערנדיק זיך צום וווּנדערבאַרן זינ־גער... און אַ פרישע כוואַליע פון בײנקשאַפט און שאַרפן אומעט פאַרפלייצט מיין נשמה...

שוין פאַרטאָג בין איך איינגעשלאָפן. ווען איך האָב געעפנט די אויגן, איז אַבאַ געשטאַנען איבערן צוגעבונדענעם פערד און פאַר־שאָטן אים האָבער. די יונגעלייטלעך האָבן געדאַווענט אין טלית און תפילין, און געמורמלט גיך־גיך די מאָרגן־תפילות.

דער פרימאָרגן איז געווען אַ לויטערער, אַ דערפרישנדער. די שפּיצן פון די ביימער האָבן זיך געטובלט אין די גאָלדענע שטראַלן פון דער יונגער זון, און לייכט געשאָקלט מיט זייערע גרינע קעפּ אונ־טערן מילדן אָטעם פון דעם פרימאָרגן־ווינטל. איך בין אויפגעשפּרונ־גען אַ מונטערער, פול מיט ענערגיע און ליכטיקע האָפענונגען. דער נאַכטיקער אומעט — ווי ניט געווען...

אָט אַזוי האָבן מיר געשלעפּט זיך העכער צוויי מעת־לעת, ביז וואַנען מיר זיינען אָנגעקומען קיין באַברויסק.

איך בין פאַרפאָרן צום פעטער שלמהן, אַ איד אַן אָרימאַן, אָבער זייער אַ שטאָלצער אָרימאַן.

שטאָלץ איז ער געווען מיט זיין יחוס אויפן בית עולם און מיט זיינע לעבעדיקע קרובים, וועלכע זיינען אַלע געווען זייער חשובע באַ־לעבאַטים און אָנגעזעענע מענטשן.

דעם פעטערס שטוב איז פול געווען מיט קינדער — אינגלעך, מיידלעך פון פאַרשידענעם עלטער, אַלע לעבעדיקע יאַטן און גוטע חברים. איך האָב שנעל מיט זיי זיך באַפריינדעט און געפילט זיך ווי אַ בן בית. מיט וויפל איך האָב געטראַכט, אַז איך קען דאָ לאַנג ניט פאַרבלייבן און מוז פאָרן ווייטער.

ווען איך האָב זיך אַביסל אויסגערוט פון דעם שווערן וועג, האָט דער פעטער שלמה אָנגעטאָן דעם יום־טובדיקן סורדוט, אַ היפּש אויס־

געבלאקעוועטן און אפגעריבענעם. און איז מיט מיר אוועק צום אריס־טאקראטישן קרוב ישראל פאפערנא.

דער קרוב — א מאן פון א יאר זעכציק, הויך און גלייך, ווי א פאלמע, מיט א פאטריארכאלער, גרויער בארד און אפענעם, קלוגן פנים, האט אונז אויפגענומען זייער ווארים.

— וואס מאכסטו, שלמה, פארוואס זעט מען דיך אזוי זעלטן?

— און דאס, זאגסטו, איז חיענעס זונעלע? — אך, ווי די יארן לויפן. — אט נים לאנג, דאכט זיך, איז חיענע נאך א יונגע מיידל געווען, און אט שטייט שוין פאר מיר אירער א זונעלע — א היפשער בחור, אן עין הרע. — נו, זיצט, זיצט, וואס שטייט איר? —

איך האב זיך ארומגעקוקט. מיר האבן זיך געפונען אין א גרויסן צימער — אן אלטמאדישע שאלע. אמאל האט דער צימער, ווייזט אויס, געזען בעסערע צייטן. איצט איז ער׳אבער אפגעבלאקעוועט און זעט אויס ווי א יורד. די מעבל אלט און קראנק — ריר מיך נים אן.

פיגורקעלעך, סערוועטקעלעך און אנדערע קלייניקייטן — אפ־געקראכן, פארעלטערט. אויף די ווענט — פאמיליע־פארטרעטן פון שיינע אידן און סמאטעטשנע יונגעלייט.

מען האט דערלאנגט טיי און צובייסן. דער פעטער שלמה האט דערציילט, וואס איך פארלאנג פון דעם קרוב.

— א, געוויס, ער וועט צוגרייטן א בריוו צום זון, און אז איך וועל קומען זיך זעגענען, וועט ער מיר אים געבן.

איך האב געבעטן, אז דאס זאל זיין מארגן, ווייל איך אייל מיך פארן.

אפגעזעגנט זיך מיטן קרוב, זענען מיר מיטן פעטער, לויט מיין בקשה, געגאנגען צום טייך, צו דער היסטאריש־באוווסטער בערעזינא, ווו דער גרויסער נאפאלעאן האט געכאפט אזא מפלה. איך האב גע־וואלט זען די וואסערן, וואס האבן מיט זיבן און זיבעציק יאר צוריק פארשלונגען אזויפיל אומשולדיקע לעבנס, אדאנק דעם משוגענעם גייסט פון איין מענטשן, וואס האט זיך אריינגענומען אין קאפ באַ־זיגן די גאנצע וועלט.

לאנג בין איך געשטאנען ביים ברעג פון דעם מאיעסטעטישן טייך און געקוקט, ווי זיינע רואיקע וואסערן רינען צו דעם ווייטן דניעפר.

אין מיין קינדערשן מח האָבן זיך געוועקט געדאַנקען און גע־זונדן פראַגן: — ווער מאַכט עס, וואָס אין דער מלוכה פון דער פרידלעכער נאַטור רייסן זיך אַריין פון צייט צו צייט ווילדע כוחות פון טויט און פאַרוויסטונג? — פאַרוואָס קענען מענטשן אויף דער וועלט ניט לעבן בשלום, און זוכן כסדר פאַרסמען זייערע נשמות מיט שנאה און קנאה?...

פון טייך זענען מיר מיטן פעטער געגאַנגען אָנקוקן די באַרימ־טע באַברויסקער פעסטונג. אין אינעווייניק האָט מען אונז, פאַר־שטייט זיך, ניט אַריינגעלאָזן; אויף די מעכטיקע וואַלן פון פעסטונג — אויך ניט. דאָס איינציקע, וואָס מיר האָבן יאָ געמעגט, איז — קוקן פון דערווייטנס און באַוואונדערן די פאַרשידענע געביידעס און טורעמס, וואָס האָבן זיך געהויבן פון אַלע ווינקלען; די האַרמאַטן, וואָס האָבן אַרויסגעשטעקט זייערע לאַנגע העלדזער פון פאַרבאַהאַל־טענע נעסטן, און די גרויסע קופּעס האַרמאַטן־באָמבעס, וואָס זענען אין דער פאָרם פון פּיראַמידן געווען אויסגעשטעלט אויף גרויסע שטרעקעס. ווייטער האָט זיך געצויגן אַ סאַמעטענע לאָנקע, וואָס איז מיט איר פרידלעכן אויסזען געווען אַ שניידנדער קאָנטראַסט צו די אַלערליי כלי מחשיתים, וואָס האָבן ווי געוואַרט אויף זייערע קרבנות...

פון פעסטונג איז ניט ווייט געווען דער וואָקזאַל, און איך האָב געבעטן דעם פעטער ער זאָל מיט מיר צוגיין אַהין אָנקוקן דעם באַן, וועלכן איך האָב, ווי־געזאָגט, קיינמאָל אין מיין לעבן נאָך ניט אָנ־געקוקט.

דער הייסער זומער־טאָג איז אָפּגעקילט געוואָרן. די זון איז שוין געשטאַנען נידעריק אויפן מערב־הימל און פון טייך האָט געצויגן אַ מחיהדיקער פרישער ווינטל.

מיר זענען געשטאַנען ביי דער באַן־ליניע און געוואַרט אויף אַ צוג, וואָס האָט באַלד געדאַרפט דורכגיין.

מיט יראת הכבוד האָב איך געקוקט אויף די שטאָלענע רעל־סען, וואָס האָבן זיך צעלייגט איבער די הילצערנע שפּאַלן און גע־פירט אין דער ווייטער וועלט אַריין.

און אָט דערטראָגט זיך אַ מעטאַלענער גערויש פון דעם אייזער־

נעם בריק, וואָס איז אריבערגעוואָרפן איבער דער בערעזינא. דעם בריק אליין זעען מיר ניט פון דעם פּלאַץ, ווו מיר שטייען, ווייל דער טייך גיט זיך דאָרטן שאַרף א קירעווע צום סאָסנאָוון־וואַלד, וועלכער שלינגט אים איין; דאָס לויפט דער צוג איבערן בריק.

דער גערויש ווערט אלץ שטאַרקער. און אָט רייסט זיך ארויס פון וואַלד א משוגעדיקע חיה מיט פייערדיקע אויגן. זי סאָפּעט אָן אויפהער און שליידערט ארויס פון איר אייזערנער אוטראָבע זייַלן רויך. די חיה שלעפּט נאָך זיך א גאַנצע גאַס מיט הייזער, און טראָגט זיך דורך פאַרביי אונז מיט א שרעקלעכן געקלאַפּעריי און געפּילדער.

איך ווער צוטומלט און שפּרינג־אָפּ אויף הינטער. מיר דאַכט זיך, אז די חיה טראָגט זיך גלייך אויף מיר.

דער פעטער לאַכט, און מיר לאָזן זיך גיין אהיים.

אויפן צווייטן טאָג האָב איך באַקומען דעם רעקאָמענדאַציע־בריוו פון דעם אריסטאָקראַטישן קרוב. און דעם זעלבן פאַרנאַכט האָט מיך דער פעטער מיט די קאָזינס און קוזינעס אריינגעזעצט אין וואַגאָן פון דעם צוג, וואָס גייט־אָפּ קיין ווילנע.

א שווערער אומעט האָט זיך צעלייגט און געדריקט מיין האַרץ. אבאָס בויד האָט מיך טאַקע אויך געשלעפּט אלץ ווייטער און ווייטער פון דער היים, אָבער די בויד אליין איז געווען א שטיק היים און איך האָב זיך ניט געפילט אין איר אזוי עלנט. — איצט איז גאָר עפּעס אנדערש. ארום מיר זענען פרעמדע, אומהיימלעכע מענטשען. דער צוג קלאַפּט, וואַרפט זיך ווי א קדחת און לויפט משוגענער־ווייס גאָט ווייס וווהין. אין וואַגאָן איז האַלב־פינצטער, אָנגערויכערט פון דער פּויערשער מאַכאָרקע — דערשטיקט צו ווערן.

איך פאַררוק זיך אין ווינקל פון מיין האַרטער באַנק און טראַכט מיינע טרויעריקע געדאַנקען.

עס לויפן פאַרביי קלענערע און גרעסערע סטאַנציעס, ווו דער צוג שטעלט זיך אָפּ אויף עטלעכע מינוט. מענטשן גייען אראָפּ און אנדערע קומען אריין אין די וואַגאָנען. איך האָב מורא ארויסצוגיין אויסגלייכן מיינע צובראָכענע ביינער, — מען זאָל ניט צוגנבענען מיין אָרעם פּעקל.

איך פּרווו כאַפּן א קוק אין פענצטער, — איך זע אָבער גאָר־

נישט; די נאכט איז א פינצטערע. נאָר פאסן פייערדיקע פונקען טראָגן זיך אויף צוריק פארביי פענצטער.

איך בין מיד און אויסגעמאַטערט פון די פרישע איינדרוקן און פון דעם גרויסן עלנט, אין וועלכן איך האב זיך פלוצלונג דערפילט. איך שפּאַר־אָן מיין קאָפּ אָן וואַנט און ווער אנדרעמלט...

און עס חלומט זיך מיר, אז איך וויג זיך אין א קליין שיפל אויף אונזער ליבן טייך. ביים ברעג וואַשן ווייבער זייער וועש און קלאַפּן עס מיט פראַלניקעס. מיר דערעסט דער מאָנאָטאָנער קלאַ־פּען, און איך קער זיך אָפּ צום צווייטן גרינעם ברעג... פון די קוס־טעס באוויזט זיך בעליקאוו, מיין סלוצקער לערער. ער גייט גלייך, ווי א ווירע, און קוקט זיך נישט אום אויף מיר... איך באגריס אים הויך אויפן קול. ער שטעלט זיך אָפּ, און מיט א שטימע, ווי פון קבר ארויס, זאָגט ער מיר: — פאַר ניט קיין ווילנע, וועסט אין איי־נסטיטוט ניט אָנקומען... פאַר ניט... פון דאָרטן גייען ארויס לעבע־דיקע מתים... א טראַיקע איבערגעוואקסענע גימנאזיסטן שפאצירן דורך פארביי און צוהירזשען זיך מיט א פרעכן געלעכטער...

די מאמע וויינט: — פאָר, מיין זון, געזונטער־הייט, גאָט זאָל זיין דיין היטער... אויפן פּאָלעגאָן פון באברויסקער פעסטונג לויפן סאָלדאטן און שפּילן זיך מיט באָמבעס... און די פראַלניקעס קלאַ־פּען, קלאַפּן...

איך עפן די אויגן און קוק־ארויס פון פענצטער, — עס טאָגט שוין... אין גרויען פארטאָגיקן נעפּל לויפן פארביי פעלדער, פערע־לעסקעס; עפּעס חשבדיקע הייזקעס מײַכן־אויף און פארשווינדן גלייך... א קרומער טייכל, שליינגלט זיך דאָרט ווייט; ער שלאָפט איינגעהילט אין זיין נעפּל־דעקע... לאנגזאם רוקט ער זיך אויף צו־ריק און ווערט נים...

אין וואגאָן איז שמוציק. דער פויערים־עולם ליגט און כראָפּעט — אויף די ביינק, אויף דער ערד... א פרישע כוואַליע פון אומעט און ביינקשאפט דריקט צונויף מיין הארץ. איך סטארע זיך אראָפּ־טרייסלען זי פון זיך. איך וואש דעם קאָפּ און דעם פנים מיט קאל־טע וואסער און דערפריש זיך אביסל...

דערווייל איז שוין גאָר טאָג געוואָרן. דער מזרח־זייט פון הי־

מעל האָט זיך אָנגעצונדן און צופלאַקערט זיך אַלץ מער. מיין אָרעם האריץ צינדט זיך אויך־אָן און צעוואַרימט זיך מיט ליכטיקע האָפע־נונגען...

איך עפן דאָס פענצטער און אָטעם זשעדנע דאָס ריינע, קילע לופט. די פּאַסאַזשירן וועקן זיך אויף איינער נאָך איינעם און אין וואַגאָן הודזשעט, ווי אין א בינשטאָק.

אין א שעה ארום וועלן מיר שוין זיין אין ווילנע. מיט יעדן לויף פון דער באַן ווערט די פּאַנאָראַמע אַלץ שענער און הערלעכער. די ברעגן פון דער ווילִיא, אויף וועלכע עס ליגט די שטאָט ווילנע, און פון וועלכע מיר זענען שוין נים ווייט, טיילן זיך אוים מיט זייער רייכער נאַטור.

איך רייס זיך נים אָפּ פון פענצטער און פארגעס אינגאַנצן, אַז מדאַרף עפּעס נעמען אין מויל אריין פון דעם פּעקעלע שפּייז, וואָס די מומע האָט מיר מיטגעגעבן. — עס לויפן פארביי שטעטלעך, דער־פער, פריצישע הויפן. וו ניט ווו — א קוימען פון א פאַבריק. איך שלינג עם מיט די אויגן, ווי א דורשטיקער שלינגט וואסער. א נייע, גרויסע וועלט.

דער הור־הא און די לויפעניש פון דעם ווילנער וואַקזאַל, די מאַ־סען מענטשן, וואָס גיסן זיך ארוים פון די וואַגאָנעס, די פריידיקע אויסגעשרייען פון די פריינט און באַקאַנטע, וואָס זענען געקומען באַ־געגענען, דאָס אַלץ פארדולט מיך. איך פיל מיך אזוי איינזאַם און פארלאָרן...

מיט מיין פּעקל אין האַנט הייב איך אָן אָפּשטעלן אידן צופרעגן זיך, ווי גיי איך דאָ צו מיין קרוב קליאַטשקאַ. זעלטן ווער עס גיט עפּעס א בורטשע און לויפט ווייטער. אידן זענען פארהאַוועט, זוכן פּרנסה... איך פארשטיי אָבער, אַז דאָס איז א גרויסער מהלך, און צופוס — ניט קענענדיק די שטאָט — וועל איך זיך אהין ניט דער־קלייבן. איך דינג א דראָזשקע און טרייסל זיך שוין אויף דעם ברוק פון די ווילנער גאַסן.

איך קוק מיט נייגער אויף ביידע זייטן פון די שמאָלע גאַסן. הויכע, אלטע, אסטיינסטיין אָפּגעלאָזענע מויערן. אידן, אידן — א ים מיט אידן. א סך מיטליאַריקע און עלטערע מענטשן גייען פון שול

מיטן טלית און תפילין אונטערן אָרעם. — ווייבער גייען פון מאַרק מיט קאַשיקעס...

מיר פאָרן ארויס אויף א ברייטערער גאס מיט קראָמען פון ביי־דע זייטן. מיין דראָזשקע שטעלט זיך אָפּ ביי א גרויסן טויך געשעפט. איך צוצאָל זיך מיטן דראָזשקאר און בלייב שטיין אויפן טראָטואר מיטן פעקל אין האנט.

פון געשעפט קומט ארויס א יונגערמאַן און פרעגט מיך וועמען איך זוך. איך זאָג אים, אז איך האָב א בריוו צום ה״ קליאטשקא פון זיין פאָטער. דער יונגערמאַן פירט מיך אריין אינעווייניק. מיר גייען צו צו א טיש, ביי וועלכן עס איז געזעסן א מיטליאָריקער מאַן פארטיפט אין לייענען עפעס א פאפיר, וואָס ער האָט געהאַלטן פאַר זיך. — אָט דאָס איז ה״ קליאַטשקא — זאָגט מיר שטיל דער יונ־גערמאַן — און פארשווינדט.

איך שטיי א היפּשע ווײַלע ביז וואנען דער מאַן הייבט־אויף זיי־נע אויגן פון פאפיר. איך באגריס אים און דערלאנג אים דעם בריוו: — דאָס איז פון אייער פאָטער. — ער לייענט שנעל דורך דעם בריוו און רופט: דוד, דוד, — פון אונטער דער ערד וואַקסט אויס דער פריערדיקער יונגערמאַן. — דוד, זאָגט ער אים, גיי מיטן בחור צו באשע דער אלמנה, אויף דער דייטשעשער גאס, זי פאַרדינגט צימער־לעך מיט עסן. ער וועט זיך דאַרפן אָנדינגען ניט טייער. — א גוטן טאָג, ווענדט ער זיך צו מיר, קום אריין ווען ניט איז, וועסט זיין א גאסט.

ער דערלאַנגט מיר די האַנט, און מיר גייען ארויס מיטן יונגנמאַן.

מיט באשע דער אלמנה זענען מיר גיך דורכגעקומען. דער יונ־גערמאַן זעגנט זיך אָפּ און גייט אוועק. איך בלייב אליין אין מיין צימערל און פאַק־אויס מיין ביסל אָרעמקייט.

איך טראַכט מיט באליידיקונג וועגן דער „וואָרעמער״ אויפנאַ־מע, וואָס מיין קרוב האָט מיר געגעבן, און גיב זיך דאָס וואָרט מער ניט אריינשמעקן אהין.

מיין באַלעבאָסטע האָט זיך ארויסגעוויזן פאַר זייער א קלוגער און באַרעדעוודיקער אידענע. זי ווייסט ווו דער אינסטיטוט געפינט

זיך און וועט מיט מיר צוגיין אהינצו איך זאָל דערלאנגען מיינע פאַ־פּירן. זי ווייס אויך, אז די עקזאַמענעם הייבן זיך דאָרט־אָן אין פופ־צען טעג ארום.

נאָך דעם זעלבן טאָג האָט ביי מיר אין קאנצעלאַריע פון אינ־סטיטוט א הויכער, אויסגעדאַרטער גוי, מיט א בייזן קוק, צוגענומען די פּאַפּירן און פארזאָגט, אז איך זאָל אין דריי טעג ארום קומען, און ער וועט מיר זאָגן צי איך בין צוגעלאָזן געוואָרן צו די עקזאַמענעס, און וועט מיר געבן מיין נומער.

צו די עקזאַמענעס בין איך צוגעלאָזן געוואָרן, און מיין נומער איז געווען — 131. — איך האָב זיך אויך דערוווסט, אז אויפן ערש־טען קורס זענען פארבליבן אויפן צווייטן יאָר אכט סטודענטן, און דעריבער זענען דאָ נאָר צוועלף פּלעצער פאר נייע סטודענטן. זייער ווינציק שאַנסן ארייַנכאַפּן זיך אין דעם מיט צען שלעסער פארשלאָ־סענעם היכל. אָבער, אז איך בין שוין דאָ — דאַרף מען פּרוּוון מזל. אפשר, ווער ווייס?

איך נעם זיך איינשטודירן און — צום וויפלטן מאָל שוין — אי־בער הזרן דעם פּראָגראַם.

מיין באַלעבאָסטע קערט וועלטן איך זאָל ניט האָרעווען אזוי פיל, — א יונג קינד דאַרף ניט נאָר לערנען, נאָר אויך שטיפן און שפּאַצירן. זי באַקענט מיך מיט א שכנהשן בחור'ל פון א יאָר זי־בעצן, און מיר גייען איין מאָל מיט אים שפּאַצירן און לאָזן זיך אוועק ווייט־ווייט, אזש ביז לוקישקי. דאָרטן איז דאָ א פּרעכטיקער סאָס־נאָווער וואַלד, וווהין די גאַנצע שטאָט קומט פארברייַנגען.

דער וואַלד דערמאָנט מיך אָן דער היים מיט די וועלדער ארום. איך פארטראַכט זיך און ווער טרויעריק. מיין חבר לאָזט מיך ניט ארייַנפאַלן אין עצבות. מיר באַגעגענען עטלעכע זיינע באַקאַנטע מיידלעך — פּאַדראָסטקעס. ער שטעלט מיך פאָר פאַר זיי און מיר גייען אלע צוזאַמען. איך רייטל זיך און ווייס ניט וועגן וואָס מען הייבט אָן צו ריידן. א כוואַטסקע שוואַרצאויגיקע מיידל גיט מיך א כאַפּ אונטערן אָרעם, און מיר בלייבן אליין הינטער דער כאַליאַסטרע. איך פארליר זיך אינגאַנצן, און ווייס ניט וואָס איך זאָל טאָן מיט דער צווייטער ניט פארנומענער האַנט. דאָס מיידל שמייכלט שעלמיש און

פאַרפּירט מיט מיר אַ שמועס. ביסלעכווייז ווער איך דרייסטער און דערצייל איר פון מיין ליבער היים, פון די ניט־לאַנגיקע וועג־איינ־דרוקן. זי שמעלט אַריין פון צייט צו צייט גאַנץ קלוגע באַמערקונ־גען, און מיר ווערן גיך באַפריינדעט. מיר פלוידערן שוין פריי. די וואַרימקייט פון איר יונגן קערפּער פאַרשכורט מיך אַביסל און איך וואָלט וועלן, אַז דער שפּאַציר זאָל זיך קיינמאָל ניט ענדיקן...

פּלוצלונג רייסט זי זיך אָפּ און לאָזט זיך לויפן.

— כאַפּט מיך, שרייט זי צו מיר. ווי אַ פייל פון בויגן גיב איך זיך אַ לאָז נאָך איר און דעריאָג זי זייער שנעל. זי פאַלט אַריין אין מיינע אָרעמס אַ צעהיצטע, אַ צערויטעלטע...

דער יונגער פייער, וואָס שלאָגט פון איר, מאַכט מיך אין גאַנצן פאַרלירן דעם קאָפּ און — איך ווייס אַליין ניט ווי דאָס איז געשען — איך פאַל־צו צו אירע ברענענדיקע ליפּן אין אַ לאַנגן קוש...

ביידע צוטומלטע פון דעם, וואָס איז געשען, מאַכן מיר דעם אָנשטעל, אַז עס איז גאָרנישט געשען, און צופלאַפּלען זיך וועגן נעכ־טיקע טעג... איך כאַפּ אַרום די נאַענטע כוואַליע און דראַפּע זיך אַרויף הויך־הויך אויף די ערשטע צווייגן. זי שרייט, אַז איך זאָל שוין, די מינוט אַראָפּקריכן, ווייל איך קען נאָך אַראָפּפאַלן... איך בראַוויר און וויג זיך אויף מיין צווייג, אָט ווי ניט מיך מיינט מען. זי בלאָזט אָן די ליפּעלעך, און ווייל כלומרשט גיין דעריאָגן די חבר־טעס... מיט איין שפּרונג בין איך לעם איר... צושטראַלטע נעמען מיר זיך פאַר די הענט און ווייסן אַליין ניט וואָס צו טאָן פון פרייד, וואָס גליט אין אונזער בלוט...

מיר קומען זיך צונויף מיט דער איבעריקער קאָמפּאַניע און לאָ־זען זיך גיין אין שטאָט אַריין. דעם גאַנצן וועג פיל איך ניט די ערד אונטער זיך. מיר וואַרפן זיך דורך מיטן מיידל מיט באַהאַלטענע בליי־קען, די באַדייטונג פון וועלכע נאָר מיר אַליין ווייסן. און אָט דער סוד צווישן אונז ביידן איז אַזוי ליב, אַזוי טייער!...

ביים געזעגענען זיך בעט זי מיין חבר ער זאָל קומען מיט מיר צו איר אַהיים. איך איל מיך איר עס צו פאַרשפּרעכן.

אַ גאַנצע נאַכט האָב איך ניט געקענט איינשלאָפן. געטראַכט פון מיין מיידל און נאָך אַמאָל, און ווידער אַמאָל איבערגעלעבט מיין

זיסע אידיליע מיט איר. אַ, איצט וועל איך זיכער אויסהאַלטן די שווערע עקזאַמענעס. איך וועל זיך אָנשטריינגען און ניט מיד ווערן צו לערנען און חזרן, — אַלץ צוליב איר, צוליב מיין טייער מיידל!...

איך געדיינק ניט דעם סדר פון די „מאַטעריעס“ ביי די עקזאַמענעס, וועלכע האָבן זיך צוציינען אויף גאַנצע זעקס וואָכן. איך געדיינק נאָר, אַז צווישן די פּראָפעסאָרן, וואָס האָבן אונז עקזאַמינירט, זענען געווען — פּראָפעסאָר שטיינבערג — דער פּארפעסער פון דעם רוסיש־העברעאיש־דייטששען ווערטערבוך, און דער שוין דערמאָנטער וואָלפער — דער מחבר פון אַלע יוצאים מן הכלל פון דער רוסישער גראַמאַטיק.

שטיינבערג איז שוין דאַן געווען אַ מאַן אין די זעכציקער, ניט קיין הויכער, פּעסטגעבויטער, מיט אַ קאָפּ איש־גראָע האָר. זיינע שאַרפע אויגן אונטער געדיכטע ברעמען פלעגן אונז דורכנעמען אויף דורך און דורך. אויפן העברעאישן עקזאַמען האָט ער דיקטירט עטלעכע קורצע פּראַזן און געגעבן לייענען און פאַרטייטשן פון עפּעס אַ ביכל, דאָס אַלעס. איך געדיינק, אַז אויף מיר האָט עס געמאַכט אַ שווערן איינדרוק: — אָט דאָס איז די גאַנצע אידישע תורה, וואָס דער אינסטיטוט פאָדערט פון די קומענדע „מדריכים“ פון דער אידישער יוגנט?! — און דער פּראָפעסאָר, דער גרויסער און טיפער קענער פון העברעאיש, שעמט זיך גאָר ניט צו עקזאַמינירן מיט אַן ערנסטער מינע אַזעלכע קינדערשע „מאַטעריעס“?...

מיך האָט געצויגן צוגיין צום פּראָפעסאָר און אויסדריקן אים מיין וואונדער אויף די נישטיקייט פון העברעאישן וויסן, וואָס דער אינסטיטוט פאָדערט פון זיינע קומענדע תלמידים. איך האָב אָבער ניט געוואַגט דאָס צו טאָן.

וואָלפער איז געווען אַ בלאָנדער יונגערמאַן פון אַ יאָר עטלעכע און דרייסיק, אָן אַ שום אידישער מראה. זיינע וויים־בלויליכע אויגן, זיין שפּיציק בלאָנד בערדל, זיינע לאַנגזאַמע און רואיקע באַוועגונגען, זיין שטילע, אביסל האַרטליכע שטימע — דאָס זענען אַלין געווען סימנים פון אַן עכטן אריער, ווי מען רופט זיי איצט, אָבער אין קיין פאַל ניט — פון אַ אידיש קינד. — אויפן עקזאַמען פון רוסישער גראַמאַטיק האָט ער זיך ארויפגעכאַפּט אויף זיין פּערדל און

פאַרשאַטן אונז מיט פראגן. מען האָט געזען בעשיינפערלעך, אז דער אידישער יונגערמאן מיטן עכט־גויעשן אויסזען האָט דעם גרעסטן פארגעניגן, ווען ער קוועטשט־צו צום וואנט און מען ווייס ניט וואָס צו ענטפערן. אין זיינע וואסערדיק־בלווילעכע אויגן פלעגט דאן אויפ־בליצן א סאדיסטישע פרייד, און רייבנדיק לאנגזאם א האנט אָן א האנט, פלעגט ער זיך דורכשפאצירן הין און צוריק איבער דער פראָ־פעסאָר־טריבונע און א מאך־טאָן צום צוטומלטן קרבן:

— וואָס, איר ווייסט ניט? — הייסט עס, אז איר הייבט ניט אָן צו קענען די רוסישע גראמאטיק, וועלכע איז אזוי רייך מיט „אויסנאמען", אז דער וואָס ווייס ניט די „אויסנאמען", ווייס ניט במילא אויך די גראמאטיק. זעצט זיך!...

אויף דער פערטער וואָך, זינט עס האָבן זיך אָנגעהויבן די עק־זאמענעס, האָט מען אונז געהייסן פארזאמלען זיך אין אקטן־זאל פון אינסטיטוט. מיר האָבן ניט געוווסט וועגן וואָס עס האנדלט זיך און יעדערער האָט ספעקולירט אויף זיין אופן.

אין זאל האָבן זיך פארזאמלט איבער 180 יונגע בחורים, וואָס האָבן געזוכט צו זיין פון די 12 גליקלעכע.

צו אונז איז ארויס דער דירעקטאָר פון אינסטיטוט און האָט גע־מאָלדן, אז די אלע, וואָס זענען געקומען פון דער פרעמד — ניט פון דער שטאָט ווילנע און ניט פון וואָלפערס שולע ביים אינסטיטוט — האָבן אבסאָלוט קיינע אויסזיכטן ניט אָנגענומען צו ווערן אין אינסטיטוט, ווי גוט זייערע באלן זאָלן ניט זיין ביי די עקזאַמענעס. דעריבער — ווער עס וויל, קען באקומען זיינע פאפירן און פאָרן אהיים, אָדער לאָזן זיין אדרעס און מען וועט זיי אים צושיקן. — אָן עברה, מיינע פריינט, אייערע הוצאות, וואָס איר גיט אויס דאָ אין ווילנע, האָט דער דירעקטאָר פארענדיקט.

הגם אונזערע האָפענונגען זענען די גאנצע צייט געווען זייער שוואכע, האָט אונז דאָך די מעלדונג געטראָפן ווי א דונער, איבער־הויפט די פון אונז, וואָס זענען גוט געגאנגען אין די עקזאמענעס. מען קען אָבער גאָר ניט מאכן און מען דארף זיך גרייטן אין וועג.

א גאנצע מחנה האָט זיך א לאָז געטאָן אין קאנצעלאריע פון אינסטיטוט נאָך די פאפירן.

צוזעגנענדיק זיך מיט אייניקע פריינט, וואָס איך האָב פאַר דער צייט זיך דערוואָרבן דאָ צווישן די ווילע בחורים, בין איך א דערשלאָגענער אוועק אויפן קוואַרטיר.

איינפּאַקן מיין קליין פעקל האָט מיר ניט לאַנג גענומען. איך האָב אָבער נאָך געדאַרפט גיין אָפּזעגענען זיך מיט מיין ליב מיידל, וואָס האָט מיר דאָ אַזויפיל פרייד און גליק פאַרשאַפט, און צו וועלכער איך בין ניט אויף א קאַטאָוועס צוגעבונדן געוואָרן מיט לייב און לעבן. מיר האָבן אַלץ געפּלאַנעוועט אונזער צוקונפט, ווי זי וועט זיך אויסשוילן, ווען איך וועל אָנקומען אין אינסטיטוט, און אָט נאַ דיר אינסטיטוט!...

מיין זיס מיידל האָט מיך געטרייסט און צוגעזאָגט צו שרייבן מיר אָפט. זי האָט מיך באַגלייט אויפן וואָקזאַל, און דאָס לעצטע, וואָס איך האָב געזען אין ווילנע, איז געווען איר חנודיק, פאַרוויינט פּנימל, וואָס קוקט נאָך דעם צוג, וועלכער טראָגט מיך אַוועק פון איר אויף — אייביק... יאָ, אויף אייביק. מער האָבן מיר זיך שוין קיינמאָל ניט געטראָפן.

ווו ביזטו איצט, מיין ליב קינד? — אויב דו לעבסט נאָך, איז דיין שיין, פריש פּנים געווים שוין צוקנייטשט און צוקאַרבט, און דיין פאַלמן־פיגור איינגעבויגן און קלענער געוואָרן. די אַכזרטע — די צייט האָט פאַרשלעפּט אין די פינצטערע אָפּגרונטן פון דער פאַרגאַנגענהייט דיין יוגנט צוגלייך מיט מיינעם, און אַלץ, וואָס איז אונז פאַרבליבן, איז דאָס ביסעלע אַש פון ערינערונגען. דערמאָנסטו נאָך ווען די פריידיקע שעהן, וואָס מיר האָבן פאַרבראַכט צוזאַמען?...

מערקווירדיק, וואָס אויסער די עפּיזאָדן, וועלכע איך האָב באַשריבן, געדיינק איך כמעט מער גאָר ניט פון ווילנע. ווי דורך א נעביכטן נעפּל זע איך דעם ווילנער גאון־ס שול, דעם מאַרק להבדיל מיט א סך טומלדיקע ווייבער, און די גאַס, ווו דער אינסטיטוט האָט זיך געפונען, און נאָך — די דייטשעשע גאַס, ווו איך האָב געוווינט.

פון מיין וועג צוריק אהיים געדיינק איך נאָר, ווי דערדריקט און דערשלאָגן איז געווען מיין געמיט, אז נאָך איצט פיל איך דעם שווערן שטיין, וואָס איז דאַן מיר אויפן האַרצן געלעגן.

אין דערהיים האָט מיך דער טאַטע באַגעגנט זייער א צופרידע־

נער. ער איז די גאַנצע צייט געווען קעגן מיין פאָרן אין ווילנע. דאַ־
קעגן, די מאַמע — איז געווען באַזאָרגט וועגן מיין צוקונפטיקן פּרי־
זיוו. צורונגען געוואָרן דער חלום, און איך וועל מוזן גיין דינען. הפּ־
נים, פון פאָניעם הענט איז ניט אַזוי לייכט ארויסדרייען זיך.

ווען ניט ווען פלעג איך זיך איצט אריינכאַפּן אין בית המדרש און צופאַלן צו דער גמרא, ווי צו אַן אַלטן גוטן פריינט, וואָס פאַ־
רראַט קיינמאָל ניט.

ווי בלייענע וואָלקנס שווערע געדאַנקען האָבן מיך געמאַטערט אַן אויפהער. איך פלעג זיך פאַרקלייבן ווייט־ווייט אויפן טייך וואַסער
אראָפּ, און כסדר טראַכטן פון דעם אומרעכט, וואָס ווערט באַגאַנגען קעגן אונז. פאַרוואָס זענען פאַר אונז פאַרשלאָסן אַלע טירן?...

צייטנווייס פלעגט מיך באַוועלטיקן אַ ברוויזנדער צאָרן, און איך אַזאַ צושטאַנד — וואָלט איך גערן מיין לעבן אוועקגעגעבן אין אַ
רעוואָלוציאָנערן אַקט קעגן דער פאַרשאָלטענער אָרדנונג...

פאַר ווּעמען אויסגיסן מיין פאַרביטערט האַרץ האָב איך ניט גע־
האַט. מיינע חברים האָבן מיך ניט פאַרשטאַנען און פלעגן לאַכן פון מיינע נאַרישע געדאַנקען. איך האָב פאַרפירט אַ טאָג־בוך, ווו איך
פלעג יעדן טאָג פאַרשרייבן מיינע איינדרוקן און איבערלעבונגען. גע־
שריבן האָב איך אין רוסיש, און דער טאָג־בוך וואָלט איצט געווען
אַן אוצר פאַר מיינע זכרונות, האָט מען אים אָבער ביי מיר שפּע־
טער צוגעגנבעט.

אין יענע טעג פלעגט מיך אָפּט באַפאַלן אַ יאוש און אַ גלייב־
גילטיקייט צום לעבן. איך האָב געזוכט אַן אָנהאַלט אָן וואָס צו פאַר־
טשעפּן זיך, איך האָב אים אָבער ניט געפונען.

טעג נאָך טעג זיינען אוועק און מיין ווונד האָט זיך אָנגעפאַנ־
גען צו היילן. דער שאַרפער ווייטאָג איז אָפּגעטעמפּט געוואָרן און
איך האָב געעפנט די אויגן און ארומגעקוקט זיך, דער קליינשטעט־
טעלדיקער לעבן, אַט ווי אָרים און קליין ער איז ניט געווען, האָט
מיך פאַראינטערעסירט.

עס זיינען פאַריבער די ימים נוראים; עס איז אויך אוועק דער
שיינער, מיטן הארבסט־אומעט אָנגעהויכטער, יום טוב סכות. די טעג
זענען אַלץ קירצער געוואָרן און די נעכט אַלץ לייגגער און פינצטע־

רער. דער הימל אן אָנגעכמורעטער, א ברוגזער איז ווי א בלייענער דאך געהאנגען איבערן קאָפּ. און אָט האָט זיך דער בליי צושמאָלצען: טעג און נעכט גיסט און גיסט, און עס דוכט זיך, אז עס וועט קיינמאָל קיין סוף דערצו ניט נעמען.

דאָס שטעטעלע שווימט אין בלאָטע, אריבערגיין די גאס איז סכנות נפשות. דאָס האלט אָבער ניט אָפּ דעם עולם צו קומען אין שול דריי מאָל אין טאָג דאווגען. די שול און, להבדיל, די עטלעכע הילצערנע קראָמען אין מארק קעגן קלויסטער — דאָס זיינען די איינציקע פּלעצער וווּ אידן טרעפן זיך און שמועסן זיך דורך.

איך ווער ביסלעכוויים אריינגעצויגן אין דעם קרייז פון דער־וואקסענע נעם איין אקטיוון אנטייל אין זייערע געשפּרעכן. אידן מיט בערד פרעגן מיך אויס, וואָס איך האָב געזען אין מרחקים, און ווי לעבן דאָרט אונזערע אידן. — אמאָל לייען איך פאר זיי עפּעס א פּאָליטישן ארטיקל פון „המליץ" אָדער „הצפירה". אן אנדערש מאָל פארטייטש איך א שטיקל „תורה" פון דער רוסישער צייטונג „רוס". וואָס איך מיט א חבר האָבן אויסגעשריבן. — אידן פארטיי־פען זיך אין די מאמרים, זאָגן ארויס זייערע מיינונגען. עס אנטוויקלען זיך „דיסקוסיעס", ווי מען רופט עס היינט. איך נעם אויך א וואָרט, און דער עולם הערט זיך־צו צו מיינע מיינונגען. דאָס ער־מוטיקט מיך, און איך פיל מיך צופרידן.

אָט אזוי פאס איך זיך־צו צום קליינשטעטלדיקן לעבן, געפין אין אים אינטערעס און לעב זיך טיילווייז אוים אין אים.

מיין פרייע צייט פארנעם איך מיט אביסל לערנען און גאָר א סך לייענען. ביכער פירן מיר די באלעגאָלעס צוויי מאָל א וואָך פון א פריוואטער ביבליאָטעקע אין סלוצק, און איך שלינג זיי, ווי הייסע קניידלעך. איך לייען כמעט אויסשליסלעך רוסיש; ווען ניט ווען פאלט מיר אריין אין די הענט א לשון־קודשדיקער ביכל אָדער א זשורנאל, ווי דער „האסיף".

אידיש איז נאָך דאן — אין סוף אכציקער און אנהויב נייני־ציקער יאָרן פון ניינצענטן יאָרהונדערט — געווען אין די ווינקעלעך, און איז אממייסטן באקאנט געווען דעם ברייטן עולם דורך נחום מאיר שייקעוויטשעס, אָדער שמר״ס — ווי זיין פסעוודאָנים איז

געווען, — העכסט אינטערעסאנטע ראָמאנען, וועלכע ער האָט גע־באקט, ווי זודיקע לאַטקעס.

דער וויינענדיקער אָסיען איז אוועק און זיין פּליאַץ האָט פאַר־נומען דער ווייסער, קרעפּטיקער ווינטער.

פארשוואונדן זיינען די טיפע בלאָטעס, אויסגעלייטערט האָט זיך דער הימל, און דאָס שטעטעלע, אָנגעטאָן אין ווייסן, בליצט קעגן דער זון מיט דימענטן און בריליאַנטן.

איך געדיינק, ווי מוטיק און מונטער איך האָב מיך געפילט, ווען דער ווינטער האָט זיך איינגעשטעלט.

יענער ווינטער האָט איבערהויפּט זיך אייגעקריצט אין מיין זכרון צוליב א טראַגישן צופאַל, וואָס האָט אויפגערודערט דאָס גאנצע שטע־טעלע.

באלד נאָך סכות פלעגט זיך אַלע יאָר אָנהויבן רודערן מיט די פריזיוואניקעס.

יונגע, געזונטע חברה־לייט, וואָס האָבן דעם אָסיען געדאַרפט זיך שטעלן צום פריזיוו, און וועלכע האָבן ניט געהאט קיינע לגאָטעס — ניט די ערשטע, ניט די צווייטע, דאָס הייסט, זענען ניט געווען איינ־ציקע זין אין דער פאמיליע און אויך ניט די עלטערע זין, און אויף אזא אופן איז כמעט הונדערט פּראָצענט זיכער געווען, אז זיי וועלן צוגענומען ווערן פאר סאָלדאטן, פלעגן סקאנדאַלעווען אין שול, מעכּיב הקריאה־זיין אין די שבתים און פאָדערן, אז די לגאָטניקעס זאָלן איינ־ליינן ביים רב א געוויסע סומע יעדערער. אין פאַל זיי וועלן באפרייט ווערן פון סאָלדאַטשינע, דאַרף דאָס געלט צוטיילט ווערן צווישן די, וואָס גייען אוועק דינען דעם קיסר.

קיין גרויסער אומרעכט האָט אין דער פאָדערונג ניט געשטעקט, נאָר געטאָן געוואָרן איז עס מיט אַזוי פיל הפקרות און עזות, אז עס פלעגט ארויסרופן גאָר א סך בייז־בלוט און דערפירן צו ווילדע געשלע־גען און אָנפאַלן.

די „בעזלגאָטנע" בחורים, זין פון דעם פראָסטערן עולם — שוס־טער, שניידער, דאָרפס־פּאָרער — פלעגן דאן אראָפּוואַרפן פון זיך אַלע צוימען, און אין שטעטל האָט געהערשט אמתער טעראָר. פאַר

די פאמיליעס פון די לגאטניקעס איז געווען געפערלעך אין גאס ארויס־צוגיין.

איטשע מיכלס, א קליין זשוואווער אידל מיט א געלבליכער בער־דעל, האָט זיך אין שטעטל שטענדיק גערעכנט פאר א גרויסן עזות פנים.

קיין גרויסער עושר איז איטשע ניט געווען. זיין חיונה האָט ער געצויגן — איך ווייס אליין ניט פון וואָס. — אמאָל פלעגט ער אָפּ־קויפן ביי א גוי א שטיקל „סענאָקאָס", אָפּשניידן דאָס היי און פאר־קויפן עס די דאָרפספאָרער פאר זייערע „שקראבעס". — אָדער — אָנהאקן אין וואלד „בלא יודעים" א וועגעלע האָלץ און ברייינגען עס מיט א שיפל אין שטעטל אריין.

קיין רייכן לעבן פון אזעלכע צופעליקע לופט־פרנסות קען מען ניט מאכן, איז טאקע איטשע געווען אן אָרימאן אין זיבן פאָלעס.

קיין גרויסער למדן איז איטשע אויך ניט געווען. זיין גאנצע תו־רה איז באשטאנען אין דאווגען און אין א קאפיטל תהילים, וואָס ער פלעגט זאָגן אויפן קול.

איטשע האָט אָבער געוואָלט זיך מישן אין קהלשע ענינים צו־גלייך מיט די בעלי בתים חשובים, און ווען די לעצטע האָבן געדרייט מיט די נעזער און ניט גענומען די זאך ערנסט, פלעגט איטשע צו־שרייען זיך אויף זיין קוויטשיקן אויבערקולכל און ניט זעלטן אויך ווארפן זיך שלאָגן.

אָט ווי קליין און דאַר איטשע איז געווען, אזוי גרויס און צע־וואקסן, ווי די דעמבעס אין וואלד, זיינען געווען זיינע בנים. וויפל ער האָט זיי געהאט — געדיינקט איך ניט, נאָר אז זיי זיינען אונ־טערגעוואָקסן, פלעגט איטשע מיט זיינע זין אָנווארפן א פחד, און קיינער האָט מיט זיי קיין חשק ניט געהאט צו פארטשעפּן זיך.

איטשעס זון — מיכל, זיין צווייטער זון, איז דאן צוואנציק יאָר אלט געווען, און ווען נאָך סכות האָט זיך אָנגעהויבן א סדרה מיט די פריזיוווניקעס, האָט מיכל איטשעס געברימט זיך, אז איבער איאָר, ווען ער דאַרף שטיין צום פריזיוו, וועט זיין פריילעך אין שטעטל.

— „איך וועל די אלע צעווייקטע טאטנס־זינדלעך אין קרויט צוהאקן!" — פלעגט ער אויסשרייען.

מיכל פלעגט העלפן דעם טאטן אין זיינע „וואלד־עסקים". ער האָט זיך ארויפגעשלאָגן אויף א פערד און וועגל און פלעגט ברייגגען פון וואלד „געשוואַרצטע" העלץ און אמאָל אויך א קלאָץ פאַר בנינים.

עס איז געווען שוין נאָענט צו ניי־יאָר. די פרעסט זענען געשטאַנען קנאקעדיקע און ניט אלעמען האָט זיך געגלוסט ארויסשטעקן די נאָז פון שטוב. מיכל איז אָבער געווען א מאַדים אויף אזעלכע זאכן; און דוקא דערפאר, וואָס די שטארקע פרעסט האָבן אָפטער געטריבן די וואלד־סטראַזשניקעס אַנצוווארימען זיך אין זייערע וואלד־הייזקעס, איז מיכל אין אזעלכע טעג און נעכט ניט פויל געווען און געארבעט אויף אלע כלים.

יענעם טראגישן פארטאָג איז מיכל ארויסגעפאָרן מיט זיין פערד און שליטן אין וואלד אריין. דער פראָסט האָט געברענט און פון דעם פערדל האָט געשלאָגן א פארע, וואָס איז גלייך פארפרוירן געוואָרן און איינגעדעקט אים, ווי מיט שניי.

געוויינלעך פלעגט ער זיך אומקערן פון אזא נסיעה ניט שפעטער ווי אין האלבן טאָג. ווען עס איז אָבער דער גאנצער טאָג אוועק און מיכל האָט זיך נאָך אלץ ניט אומגעקערט, און ווען שוין אין בין השמשות האָט זיך זיין פערד מיטן שליטן פארשלעפט אהיים אָן דעם באַלעבאָס, פארשלעפט זיך אהאלב דערפראָרענער, איז מען געוואָרן זייער אומרואיק און אוועקגעלאָזן זיך אויף שליטנס זוכן דעם פארשווונדענעם.

ערשט אין דער פרי האָט מען מיכלען געפונען א טויטן אין וואלד, ניט ווייט פון וועג, וווּ ער האָט געלאָזן שטיין דעם פערד מיטן שליטן. לעם דעם טויטן קערפער איז געלעגן א פארבלוטיקטער קלאָץ, וואָס האָט אים צושפאָלטן דעם שארבן. ווי עס שיינט, האָט ער געשלעפט דעם קלאָץ אויפן אקסל, זיך אויסגעגליטשט און פאלנדיק צוזאמען מיט אים, האָט דער קלאָץ אים צושמעטערט דעם קאָפ.

די לויה פון דעם „קדוש" איז געווען א גרויסארטיקע, דאָס גאנצע שטעטל אָן אויסנאם איז געגאנגען באגלייטן מיכלען צו זיין אייביקער רו. אידן האָבן געשאָקלט מיט די קעפ און געמורמלט שטיל, אז א מענטש טאָר ניט זאָגן: איך וועל אזוי און אזוי. זיין לעבן איז

ביי גאָט ברוך הוא אין די הענט, און מיט איין אויסגליטשן זיך ווערט ער אויסגעמעקט פון צווישן די לעבעדיקע...

איטשע איז געגאנגען נאָכן אָרון א דערשלאָגענער, א פארעלטער־טער... ווען מען האָט דעם מת אראָפּגעלאָזן אין קבר און אריינגע־שאָטן אהין א זאק געפּראָרענע פּארבלוטיקטע ערד, וואָס מען האָט צוזאמענגעקליבן ארום דעם הרוג, איז איטשע צוזאמענגעבראָכן און האָט גענומען שרייען מיט באנומענע קולות: ווער האָט דערהרגעט מיין זון?! — וואָס האָט מען געהאט צו אים?!...

דער רב ר״ זושע איז צוגעגאנגען צו איטשען און האָט אים ארויפגעלייגט זיין דארע, אויסגעבלייכטע, כמעט דורכזיכטיקע האנט אויפן אקסל:

— בארויקט זיך, ר״ יצחק, אייער זון האָט קיין ילוד אישה ניט דערהרגעט, און נאָך גאָטס מעשים טאָר מען ניט מהרהר זיין, ער איז תמיד גערעכט און זיין משפט איז גערעכט!...

א שטיק צייט איז איטשע מיכלס געווען אינגאנצן אן אנדערער, מען האָט פון אים ניט געהערט קיין פארע. ביסלעכוויים איז ער אָבער צו זיך געקומען, און ווידער האָט מען אין בית המדרש אָפט געהערט זיין קוויטשיקע שטימע אויף די גאָר הויכע טענער. דאָס איינציקע, וואָס די טראגעדיע האָט איבערגעלאָזן אויף זיין פנים, איז געווען די געלע בערדל, וואָס איז כמעט אין גאנצן ווייס געוואָרן.

אויף די איבעריקע שרייערס פון דעם געהרגעטן מיכלס שניט, האָט זיין טראגישער טויט געהאט א שטארקע ווירקונג, און אין שטעטל איז אין די פריזיר טעג געוואָרן א סך שטילער.

די אלע געשעענישן פון דעם אידישן לעבן אין שטעטל האָבן מיך אלץ מער און מער פארכאפט. מיט אָפענע אויגן האָב איך זיך צוגע־קוקט צו דעם, וואָס עס קומט פאָר, און האָב אָנגעהויבן באגרייפן, וואָס פאר א שווערן שטיינערנעם וועג די אָרימע מענטשן גייען דורך אין זייער לעבן.

פארשפּארטע, פארצוימטע אין זייערע דלד אמות פון דעם אידן־פיינטלעבן, רשעותדיקן צארישן רעזשים, האָבן זיי, ווי פיש אין וואַ־סער, געמוזט שפּייזן זיך איינע פון די אנדערע און אמאָל אויך איינ־שלינגען איינע די אנדערע...

יודל באַראַנטשיצער איז געווען דער גביר פון שטעטל. א אידל א קליינער, א דראַטעווודיקער, מיט פלינקע נערוועזע באַוועגונגען. גע־רעדט האָט ער הויך מיט א קוויטשעדיק שטימעלע. באַראַנטשיצער האָט מען אים גערופן דערפאַר, וואָס ער איז פיל יאָרן געווען א שיינ־קער אין דעם דאָרף באַראַנטשיץ, פון וואַנען ער איז אַריבערגעפאָרן אין שטעטל, ווו ער האָט אויך געעפנט א שיינק.

יודל איז געווען א גוטער בעל תפילה און האָט זייער ליב געהאַט דעם עמוד. קיין גאָר פראָסטער איד איז ער ניט געווען; ער האָט פאַר־שטאַנען דעם פירוש המילות און זיין דאַווענען פאַרן עמוד האָט זיך אויסגעצייכנט מיט טיפן געפיל.

קיין זין האָט יודל ניט געהאַט. זיינע דריי טעכטער זיינען דאַן שוין געווען פאַרהייראַט. די עלטערע האָט זיך געגט מיטן מאַן און געוווינט מיטן טאַטן צוזאַמען מיט איר אינגל. די איבעריקע צוויי טעכטער מיט זייערע מאַנען האָבן אויך געוווינט ביים טאַטן און גע־אַרבעט אינאיינעם. יודל אליין איז געווען אַן אַלמן.

אויסער דעם שיינק האָט יודל געהאַט א גרויסע שניט־קראָם און פלעגט אויך אָננעמען עפּעס פאַדריאַדן.

די איידימס זיינע פלעגן פאַרלייען געלט אויף וואָכער, און די גאַנצע שטעטל פלעגט פּרייטיק טראָגן צו זיי די אָרימע פּאָר גילדן — א רובל אויפן קרן און 15־20 קאָפּיקעס פּראָצענט.

ביידע איידימס זיינען געווען זיידענע יונגעלייטלעך. דער עלטע־רער — דוד, א גאַנצער משכיל, האָט זיך געהאַלטן ווי אַן אַריסטאָ־קראַט. געקליידט נאָך דער לעצטער מאָדע, מיט אַן אַרומגעשאָרן בער־דעל און אויסגעכאַליעטע הענט, פלעגט ער צונעמען דעם וואָכער מיט די שפּיץ פינגער, איבערגעבן עס זיין ווייב רייזלען און אליין אַריינ־שרייבן אין ביכל די קבלה.

קיין קינדער האָט ער מיטן ווייב ניט געהאַט און קיין דאגות פון פּרנסה — אויך ניט. פלעגט ער גאַנצענע טעג אַרומגיין אָן א שטאָך אַרבעט, און נאָר ווען ניט ווען אַרויספאָרן מיטן שווער ווענגן די פּאָד־ריאַד־געשעפטן.

אין שול נאָכן דאַווענען, אויב עס איז געקומען צורייד מכח א פּאָליטישן אָדער געזעלשאַפטלעכן ענין, פלעגט דוד אַרויסזייען א פּאָר

ווערטער פון צווישן די ציין, קוקנדיק אויפן עולם פון אויבן אראפ. מען האט אים דערפאר ניט ליב געהאט.

יודלס צווייטער איידים — שמואל, א הויכער יונגערמאן מיט א קאפ געקרייזלטע האר, איז שוין דוקא געווען א צוגעלאזע־נער מענטש. זיין עובדא איז געווען די שניט־קראם.

אז א איד האט געדארפט חתונה מאכן א טאכטער און נייען פאר איר חתונה־קליידער, איז ער דאס ערשטע געגאנגען צו יודלען אין שניט־קראם, אריינגעטראגן שמואלן די פאר רובל, וואס ער האט געקענט אפרייסן פון דעם חתונה־בודזשעט, און דאס איבעריקע האט שמואל פארשריבן אויסצוצאלן וואכער. פארשטייט זיך, אז דער בעל־שמחה האט אונטערגעשריבן א וועקסעלע און אויך א שטר־עסקא לויטן אידישן דין, מען איז דאך חלילה ניט קיין פראצענטניקעס...

אז ביי א אידן האט געטראפן אן אומגליק — קראנק געווארן צי געשטארבן א קינד, אדער, להבדיל, געפאלן דער פערד, דער שפייז־ער, איז מען געלאפן צו יודלען ער זאל ראטעווען. און ער האט גע־ראטעוועט: געליען א פינפאונצוואנציקער, א פופציקער, זייער זעל־טען — א הונדערטער, אויף וועכנטלעכע אויסצאלונגען — דעם קרן מיטן פראצענט — געהייסן האט עס, אז יודל לייט, נאר באשעפטי־קען זיך מיט די הלוואות פלעגן די איידימס.

אויף אזא אופן, איז ביי דעם שיינעם אידן יודל באראנטשי־צער מיט זיינע היינטוועלטיקע זיידענע איידימס געווען פארמשכנט א האלבע שטעטל. פון די ארימע, אויסגעמאטערטע גראשנס, וואס זיינען ווי אן אומאויסשעפלעכער קוואל געפלאסן אין יודלס קאסע, איז יודל מיט זיינע איידימס אלץ רייכער געווארן, און אלץ מער האבן זיי געקענט צושפרייטן די וואכער־נעץ, אין וועלכער עס פלעגן זיך צאפלען זייער גאנצן לעבן סיי קליינע פלאטקעלעך, סיי אויך היפשע העכטלעך...

צום שיינק, פארשטייט זיך, האט מען אויך ניט צוגעלייגט, נאר דארטן האט מען שוין געהאט צו טאן מיטן שיכורן גוי. די איידעלע מלאכה האבן געטאן יודלס טעכטער...

עליע סאפון, דער צווייטער גביר פון שטעטל, האט געהאט אין מארק א גרויסע הויז מיט א שניט־קראם. אין קראם האט ער אמ־

מייסטן געהאַלטן פראַסטע שניט־סחורות פאַרן גוי און אין שטוב פלעגט מען אין די מערק־טעג האַרעווען די שיכורע גויים מיט הע־רינג, געקאַכטע טאַראַנקעס, געפילטע און ניט געפילטע פיש. פאַר־קויפן זיי בולקעס, בייגל און שטילערהייט אויך א גלעזעלע, אַן וועל־כער דער פויער קען זיך ניט זעצן עסן. מיט איין וואָרט — א שפע שטוב.

עליע — א נידעריק, דאַר אידל, מיט אַן אַרומגעוואַקסענעם פּנים, פון וועלכן דער אזוי אויך איינגעגראָבענער נאָז זעט זיך אינגאַנצן ניט אַרויס, מיט א פּאָר קליינע לויפּנדיקע אויגעלעך, האַלט אין איין סאָ־פּען און פּאָנפּען מיטן נאָז. און פון דאַנען זיין נאָמען — סאַפּון. די גאַנצע עקרת הבית איז זיין ווייב ווינכנע, א הויכע אביסל א צופלאַסע־נע אידענע, מיט א קאָזאַצקן שטעל. זי איז אומעטום — אין קראָם, אין שטוב און אפילו אין הויף, ווו די פויערים שטעלן אָפּ זייערע פערד און וועגענער.

עליע איז אַן עם הארץ גמור, ער קען קוים דאַוונען, און אַז מען רופט אים אויף צו דער תורה, פּאָנפּעט ער אָפּ די ברכות, אַז מען הערט ניט קיין וואָרט.

אין געגנשטאַנד צו יודל באַראַנטשיצער, צום ערשטן גביר פון שטעטל, וועלכער האָט געהאַט אַן אָפענע האַנט, איז עליע א גרוי־כער נעצר, און אַרויסרייסן ביי אים א נדבה פאַר א נצרך, אָדער אויף קהלשע נויטן, קומט אַן כּקריעת ים סוף. מהאי טעמא, הפּנים, האָט עליע פיינט צו קהלן זיך, אבי טשעפּעט מיך ניט, הייסט עס.

עליע האָט געהאַט אַן אַמביציע — מתחתן זיין זיך מיט ר״ זושען, מיטן רב פון שטעטל, און ער האָט זיין אַמביציע דערגרייכט: טאַמאַרע — עליעס טאָכטער — איז א כּלה געוואָרן פאַר אברהם מרדכין, דעם רבס צווייטן זון. און הגם טאַמאַרע האָט געדרייט מיטן נאָז אויפן שידוך, ווייל זי האָט זיך געהאַלטן פאַר א גאַנצער „איג־טעליגענטקע" און האָט געחלומט מיט איר טאַטנס געלט קריגן א דאָקטער אָדער לכל הפּחות — אַן אַפּטייקער, און דאָ נאָ דיר גאָר א לעקישעוואַטן, ווי דער אידישער גלות לאַנגן, בחור, א בן הרב; נאָר עליע, ווי עס ווייזט אויס, האָט געקענט שטעלן אויף זיינס. און דער שידוך איז געשלאָסן געוואָרן.

קיין גרעסערן קאנטראסט צווישן מחותנים, ווי צווישן דעם איי־דעלן, ווי קרישטאל דורכזיכטיקן, מיט תורה און מעשים טובים אָנ־געזאפּטן ר״ זושען, און דעם פּאַנפּאַוואַטן גראָבן יונג, מיט אַ פּנים פון אַן אָבעזיאַנע, דערפאַר אָבער מיט אַן אָנגעשטאָפּטן טייסטער, עליע סאַפּון, איז שווער געווען זיך פאָרצושטעלן.

ביי דער חופּה־וועטשערע, ווען עליע סאַפּון, אביסל אַן אונטער־געשנאַשקעטער, איז אַלע ווײַלע צוגעגאַנגען צום רב מיט אַ גלעזל אין האַנט: — לחיים, מחותן, גאָט זאָל געבן מיר זאָלן נחת האָבן פון אונזערע קינדער! — האָט מען געזען ווי דער אָרימער ר״ זושע דרייט זיך אין אַלע זייטן און געפינט קיין אָרט נישט.

עליע האָט דאָס פּאָר־פאָלק גענומען צו זיך אויף אייביקן קעסט.

ווי אַזוי דער יונגער באַלעבעסל האָט זיך געפילט אין דער הוי־הא שטוב פון שיכורע פּויערים און טוכלע הערינג, נאָך דער שטיל־קייט און רויקייט פון דעם טאַטנס הויז — קען מען לייכט פאַרשטיין. אַ סברא, אַז צוליב דעם טאַקע האָט ער געקראָגן שווינדזוכט, און איז אין אַ פּאָר יאָר אַרום אוועק פון דער וועלט...

אַ פאַרביטערטער — פלעג איך זיך אָפּקערן פון די שטעטלשע גבירים און פלעג זיך צוקוקן צום געמאַטערטן לעבן פון די אָרעמע.

מרדכי דער שניידער האָט ער געהייסן. אַ מענער־שניידער איז ער געווען און, אויף נאמנות, זיינער אַ „ומפּני חטאינו״ אָדער אַ „ונתנה תקף״ איז געווען נישט אין ערך בעסער צוגעשניטן און אויפ־געניייט, ווי זיינער אַ בגד אָדער אַ פּאָר הויזן.

דאָס איז געווען אַ איד מיט אַ לאַנגער, ברייטער באָרד, מיט אַן אמתן הדרת פּנים און מיט אַ גאָלדענער אידישער האַרץ.

ער האָט געהאַט אַ זיסע שטימע מיט אַ וואונדערבאַרן כוח, דורך נגינה, אַריינצוטייטשן אין די ווערטער זייער אינהאַלט. און דער־פאַר טאַקע זיינען זיינע ימים־נוראים־דיקע מוספים געווען אַזוי באַ־ליבט ביים עולם.

אַ איד אַ יודע ספר — פלעגט ער אָפּט זיך זעצן אָפּלערנען אַ פּרק משניות אָדער אַ בלאַט גמרא. פאַרגעסנדיק אינגאַנצן, אַז ער דאַרף פאַרטיק מאַכן אַ בגד אויף שבת. פאַרשטייט איר דאָך שוין, אַז קיין נגיד איז מרדכי נישט געווען. פונדעסטוועגן ווען איר זאָלט

מרדכין ניט אנטרעפן. איז ער אלעמאָל אויפגעלייגט, מיט א גוט וואָרט און א ליבלעכן שמייכל אויף די ליפּן.

— וואָס מאכט איר, ר' מרדכי, ווי גייט עס? — פרעגט איר אים ביי א באגעגעניש.

— וואָס איך מאך? — ענטפערט ער אייך — איך מאך בגדים, איך בין א מלביש ערומים — טאקע דער אמתער „באקליידער פון נאקעטע", ווייל די נגידים, זאָלן לעבן, באשטעלן דאָך זייערע בגדים אין סלוצק ביי די געהייבענע שניידער, איז ווער קומט צו מרדכי דעם שניידער — דער עכטער קבצן, דער ערום וחוסר כל. ערשטנס, טאַקע די מצווה פון „מלבוש ערומים", און צווייטנס, — איך האָב ליב אלע אידן, אָבער דער אָרעמאן איז ביי מיר איינגעבאקן אין הארצן. איר ווייסט דאָך: הזהרו מבני עניים...

אַט אזוי שמועסט מיט אייך מרדכי דער שניידער און שיט מיט תורה ווערטלעך און מיט אזוי גלייכווערטלעך. אייך ווערט ווארים אויף דער נשמה פון דעם שמועס, און איר גייט אוועק פון אים אינ־גאנצן א צושטראַלטער.

לייזער דער שוסטער האָט געניית שטיוואלעס פאַר פויערים, ניט באשטעלטע און ניט נאָכן מאָס, נאָר פארן מארק. קיין קונסט־ווערק זיינען די שטיוול זיינע ניט געווען. אמאָל פלעגט אריינפאלן צו אים א אידענע מיט א צעריסענעם שוך אין האנט: — ר' לייזער, ניט לאנג געקויפט מיין יאנקעלען א נייע פאָר שיך און זעט — שוין צו־ריסן. אז עס ברענט אויף זיי די הויט, אויף די קנדסים. לייגט עפּעס א שטארקע לאטע, איך בעט אייך.

און אַט אזוי האָט לייזער דער שוסטער געצויגן זיין חיונה.

קיין גרויסער למדן איז לייזער ניט געווען, מער ווי דאוונען און תהילים־זאָגן האָט לייזער ניט געקענט. ווען ער האָט נאָר געהאט א פרייע שעה, פלעגט ער זיך נעמען פארן תהילים און זאָגן אים גע־שמאק, מיט מתיקות.

קיין סך פרייע שעהן האָט לייזער אָבער ניט געהאט. ער איז גע־ווען א חבר אין ביקור חולים, אין לינת הצדק, אין חברה קדישא, און אומעטום זייער א טעטיקער חבר.

אז מען האָט געדארפט צונויפנעמען א פּאָר רובל פאר הכנסת

כלה, פאר א נוטה למותדיקן קבצן אָדער פאר א שטילן יורד, וואָס איז געוואָרן א מחוסר לחם, האָט מען זיך אָן לייזערן ניט געריררט. און לייזער פלעגט לויפן מיש שמחה און ניט זשאלעווען קיין מי און קיין צייט. סיי ווען מען האָט געדארפט נעכטיקן ביי א קראנקן, אָדער טאָן זיין רעכט א בר מינן, רחמנא לצלן, אָדער גאָר גיין איבערן שטעטל פון שטוב צו שטוב קלייבן קאָפּיקעס און גרויסע דרייערס. נישקשה, די שטיוואלעס קענען ווארטן, זיי וועלן ניט ווו אנטלויפן.

איין מאָל אין יאָר — שמחת־תורה — פלעגט לייזער זיין שיכור, אָדער מאכן זיך שיכור, מיט דער תורה צוגעדריקט צום הארצן פלעגט ער טאנצן אין א קאראהאָד און מיט מתיקות פארגיין זיך אין שישו ושמחה בשמחה תורה. אָנגעטאנצט זיך ביזן זיבעטן שוויס, פלעגט לייזער דער לאפּאָטניק זיך צודרשנען:

אי, רבונו של עולם, ווי גוט עס איז צו זיין א איד! — אָט בין איך א פּראָסטער שוסטער, אן עם הארץ, מער ווי א קאפּיטל תהילים קען איך ניט זאָגן פאר דיר, טאטע אין הימל, און דאָך בין איך איצט דער בן מלך, וואָס טאנצט מיט דער בת מלכה, מיט דער תורה... ווער איז גלייך צו מיר?... א מכה האָבן די גויים אזא תורה!...

פון שול פלעגט לייזער ארויסגיין זינגענדיק און וואקלענדיק זיך אויף די פיס — אויף אן אמת אָדער כלומרשט — און ארייננווארפן זיך פון שטוב אין שטוב מיט א: — גוט יום טוב, היינט איז שמחת תורה, אידן!...

אברהם באדאנעס, דעם דאָרפס־פּאָרער, וואָס האָט געוווינט ביי אונז אין די „שטיבלעך“, האָב איך שוין דערמאָנט. איך האָב אָבער נאָך ניט דערציילט, וואָס פאר א ריינע אידישע נשמה, וואָס פאר א טייער אידיש הארץ דער מענטש האָט פארמאָגט.

שטיל, באַשיידן, מיט א גומוטיקן אויסדרוק אויפן פנים האָט דער אַלטער מאן שטענדיק געהאלטן זיך סיי אין שול, סיי אין גאס.

ער האָט אלעמאָל געהאט א ווארעמן טרייסט־וואָרט פאר א לייד־דענדן און א זיסן שמייכל פאר א קינד. ער האָט ניט געקענט גלייכ־גילטיק דורכגיין פארביי און ניט א גלעט־טאָן דאָס קינד פארן קעפּל. קינדער האָבן געפילט אין אים זייער בעסטן פריינד און האָבן אים שטארק ליב געהאט.

דאָס גאַנצע וואָך א פאַרוואָגלטער, אַן אויסגעמאַטערטער, אָן א קאָפּ געקעכץ, פלעגט ער שבת ערשיינען אין שול אַן אויסגערוטער, א צופרידענער, זיינע אויגן פלעגן דאַן לייכטן מיט דעם אָפּגלאַנץ פון טיפער אינערלעכער פרייד, פון דער אמתער נשמה יתרה.

א קוק טאָן שבת אויף אברהם באַדאַנעס, ווען ער האָט שפּאַצירט פאַר מנחה מיט די הענט פאַרלייגט אויף הינטן, קען מען מיינען, אַז דאָס שפּאַצירט א מאַן, וואָס האָט פאַר דער פאַרגאַנגענער וואָך ער־יידיקט גרויסע געשעפטן, וועלכע האָבן אים אריינגעבראַכט א סך פאַרדינסטן, און איצט קען ער זיך ערלויבן אָפּצורוען.

— גוט שבת, ר' אברהם, — באַגריסן אים שטעטלדיקע אידן — וואָס האָט איר געמאַכט פאַר דער וואָך? —

— געלויבט איז דער אויבערשטער, ניט צו פאַרזינדיקן. בעסער, ערגער — מען שטאַרבט, חלילה, ניט פון הונגער. דאָס איינציקע, וואָס טוט מיר וויי — איז, וואָס איך קען א גאַנצע וואָך ניט דינען גאָט צווישן אידן. איך דאַוון אין פרייען פעלד, נאָכגייענדיק נאָכן וואָגן, אָדער גאָר ביי א גוי אין שטוב...

די פּאָר רובל סחורה, וואָס אברהם פלעגט פירן אויף זיין וואָגן, זיינען שטענדיק געווען געבאָרגטע, און אויב עס האָט אים ענדע וואָך אַמאָל אויסגעפעלט א קלייניקייט צו באַצאָלן, פלעגט ער זיך פילן שולדיק און ניט קענען גלייך אין די אויגן קוקן דעם בעל חוב:

— די קומענדיקע וואָך, אם ירצה השם, וועל איך אייך באַצאָלן ביז א קאָפּיקע — פלעגט ער הכנעהדיק בעטן — א שלעכטע וואָך געווען, ניטאָ אפילו אויף שבת...

אברהם באַדאַנעס האָט ניט נאָר שיין געלעבט, נאָר אויך שיין געשטאָרבן.

ער איז שוין געווען א טיפער זקן — אין די אכציקער.

— ווייסט, באַדאַנע, — זאָגט ער איין זונטיק — עפּעס פיל איך אַז די כוחות גייען מיר אויס. איך וועל היינט ניט ארויספאָרן אויפן דאָרף און וועל זיך צולייגן אביסל; אפשר וועט מיר מאָרגן בע־סער ווערן.

אברהם האָט זיך צוגעלייגט אויפן בעט, פון וועלכער ער איז שוין מער ניט אויפגעשטאַנען. אין צען טעג ארום איז געווען זיין לויה.

ווען ער האט דערפילט, אז דער סוף דערנענטערט זיך, האט ער צום ערשטן אפגעגעבן א לויב דעם בורא עולם, וואס דאס האט גע־טראפן מיט אים אין דערהיים און ניט אונטערוועגנס:

— א דאנק דיר, טאטע אין הימל, וואס איך האב זוכה געווען שטארבן צווישן אידן, אויף מיין אייגן בעט!...

ביי יעדן, וואס איז אים געקומען מקבר־חולה זיין, האט ער גע־בעטן מחילה, טאמער האט ער אים אמאל פוגע בכבודו געווען — זאל ער אים מוחל זיין.

נאר, ר' אברהם, — פלעגט אים דער גאסט טרייסטן, איר וועט נאך מיט גאטס הילף געזונט ווערן, וואס רעדט איר אלץ וועגן טויט?!...

— ניין, ניין, מיין פריינט, — פלעגט דער חולה אומעטיק שמייכ־לען — איך פיל, אז דער מלאך המות קומט נאך מיין נשמה. מער ניט — ער פארט מסתמא אויף מיין פערד און וואגן, וועט עס גע־דויערן א פאר טעג מער...

די טעג, וואכן און הדשים לויפן, ווי געיאגטע. עס איז אריבער דער זווינטער, און אט איז שוין דער ליבער פרילינגס־יום־טוב פסח.

איך ווער אלץ מער אריינגעצויגן אין דעם שטעטלשן לעבן און פיל זיך גליקלעך, ווען מיר גיט זיך איין — אין אייניקע פאלן — צונויפגיסן זיך מיט אים אין פולן קאנטאקט און הארמאניע. אינגאנצן אבער קען עס ניט שטילן מיין בייגקשאפט נאך א ברייטערן און טי־פערן לעבן, וואס כאפט מיך ארום פון צייט צו צייט.

דער אנקומענדער פרילינג לעבט אויך אויף מיינע האפענונגען אויף א שענערן און אינטערעסאנטערן לעבן, הגם איך ווייס אליין ניט ווי אזוי דאס קען געשען. — די באנייטע נאטור נעמט מיך אריין אין איר שויס און פארוויגט מיך אין זיסע חלומות. טייך און וואלד ווערן מיין היים. מיט א בוך אין האנט לאז איך זיך אוועק ווייט־ווייט מיטן וואסער אראפ. דארף שיף איך זיך צו ערגעץ צו א הויכן ברעג, באוואקסן מיט „וויינענדע" ווערבעס. אין זייער שאטן ציי איך זיך אויס אין מיין שיפל, איך לייען אזוי לאנג ביז וואנען איך הייב אן דרעמלען אויפן וואר און טרוימען מיינע גאלדענע חלו־מות.

אן אנדערש מאָל פאַרקלייב איך זיך טיף אין סאָסנאָוון וואַלד, זוך מיר אָפּ א גרין־זיידענע פּאָליאַנקע, ווו איך צולייג זיך, ווי אין דער היים.

די מאַיעסטעטישע ביימער רינגלען מיך אַרום און בלייבן שטיין, ווי פאַרכשופטע. און ווען עס לויפט אָן א ווינטל, רוישן זיי לייכט מיט זייערע קרוינען, און דערציילן מיר צויבער־מעשהלעך וועגן דער זון און דעם בלויען הימל, וואָס לייכטן איבער זייערע קעפּ בייטאָג, און וועגן דער זילבערנער לבנה מיט די בריליאַנטענע שטערן, וואָס פאַרגיסן זיי מיט ווייסן ליכט און ווינקען צו זיי פון די ווייטע הימ־לען — ביינאַכט.

ווען ניט ווען כאַפּ איך זיך אַריבער קיין סלוצק. איך פאַרברענג דאָרט עטלעכע טעג און קויף אָן ביכער, וואָס פעלן מיר אויס אין מיין זעלבסט־בילדונג. א באַקאַנטע מיידל און א פּאָר חברים זעען שוין, אז איך זאָל ניט בענקען און זאָל זיך פילן ווי אין דער היים.

וואָס מער עס גייט אַוועק צייט אַלץ אָפטער מאַטערט מיך די פראַגע: און וואָס ווייטער? — ווי אזוי וועל איך זיך פאָרט אַרויס־רייסן פון דעם קליין שטעטל? — די גרויסע און ברייטע וועגן פון לעבן לאָקן מיך און רופן, און איך קען צו זיי ניט צוקומען.

וואָס זענען עס פאַר א וועגן האָב איך זיך אייגנטלעך ניט אינ־גאַנצן קלאָר פאַרגעשטעלט. איך האָב נאָר געפילט מיט אַלע מיינע ביינער, אז פון שטעטל מוז איך זיך אַרויסרייסן. אָבער ווי אזוי און וווהין?...

# אויף די וועגן פון לעבן

מזל טוב! — צו זיבעצניאר בין איך א חתן געוואָרן טאקע פאר יענער סלוצקער מיידל. ווי אזוי דאָס איז געשען — ווייס איך אליין ניט, אָבער עס איז געשען.

מיינע עלטערן האָבן אביסל אונטערגעמורמלט: — וואָס דארפסטו זיך אזוי יונג פארדרייען דעם קאָפּ? — מיר האָט זיך אָבער געדאכט, אז דאָס וועט זיין דער וועג, וואָס וועט מיך פירן אין דער ברייטער וועלט אריין. ווי אזוי? — אפשר דורך דער כלהס פאָטער, וואָס איז כל ימיו אויף א שטעלע אין כארקאָוו.

איצט די פריזיוו פראגע. עס האָט זיך ארויסגעצייגט, אז איך בין קורצזיכטיק, שוין א פּאָר יאָר אז איך טראָג ברילן. דאָקטורים זאָגן, אז מיין קורצזיכטיקייט איז גענוג שארף מען זאָל מיך פארבראקירן פאר סאָלדאטשינע.

אויף דעם סמך האָבן שוין חברה לצים, קומענדע סאָלדאטן פון מיין פריזיוור־יאָר, געפּאָדערט איינמאָל ביים טאטן ער זאָל זיי געבן אויף משקה, און ביי מיר אראָפּגעריסן די ברילן פון נאָז און צעבראָכען זיי אויף פּיץ־פּיצלעך.

איצט פלעג איך שוין אָפטער פאָרן קיין סלוצק צו דער כלה. זייער באגייסטערט פון דער ניי־באשאפענער לאגע בין איך ניט געווען. א פּאָר הדשים נאָך דעם, וואָס איך בין א חתן געוואָרן, איז מיין צוקונפטיקער שווער, אבי הכלה געקומען אהיים אויף פּסח. ער האָט מיר, כנהוג, געבראכט א מתנה, א גאָלדענעם זייגער מיט א קייט, און האָט אנטוויקלט פאר מיר זיינע פּלענער בנוגע מיין צוקונפט.

איך זאָל נאָך דער התונה זיך אוועקלאָזן צו אים קיין כארקאָוו און דאָרט זוכן צושלאָגן זיך צו עפּעס — האָט ער אפילו ניט גע־

וואָלט הערן וועגן דעם. כּארקאָוו איז א גויעשע שטאָט, און איך וועל דאָרטן צולאָזן ווערן און פארגעסן מיין אידישקייט. אי, ער אליין וויינט דאָך דאָרט אָן דער פאמיליע אזויפיל יאָרן? — איז ער עפּעס אנדערש, פון דעם אלטן דור, אָבער איך — א יונגער שנעק וועל גיך קאליע ווערן. — וואָס דען? — וועגן דעם וועלן מיר טראכטן נאָך דער חתונה. אמת, ער האָט א פּלאַן — צופּאָרן מיט מיר קיין מינסק, דעם וווינאָרט פון זיין באלעבאָס ר״ חיים לוריא — א גאָטספּאָרכטי־קער, פרומער איד, וואָס האָט געשעפטן אין א סך שטעט, און יענער וועט שוין מיך ערגעץ צוטוליען, אז איך זאָל ניט דארפן ארבעטן אום שבת און ווערן א גוי. מירן זען נאָך דער חתונה, האָט ער פארענ־דיקט זיין געשפּרעך מיט מיר אויף דער טעמע.

ניין, איך בין פון דעם אלעם גאָר ניט באגייסטערט געוואָרן. נאָר פארפאלן. צוריק איז ניטאָ קיין וועג.

מיין מאמע האָט גאָר אנדערש געפּלאַנעוועט. זי האָט איין זון, איין אויג אין קאָפּ, קען זי אים דען אָפּלאָזן פון זיך? מירן זיין צו־זאמען. פארלאָטען אביסל די בארימטע „שטיבלעך״ און דאָרט וועט די יונגע פּאָר־פּאָלק וווינען.

דאָס האָט מיך אויך ניט שטארק באגייסטערט. איך האָב אָנ־געהויבן איינזען, אז פון מיינע פלענער ארויסרייסן זיך אין דער ברייי־טער וועלט אריין ווערט שטויב און פּאָראָך. היינט, אם כן — למה זה אנוכי?...

פארשטייט זיך, אז אנדערש האָט גאָר ניט געקענט זיין. צי דען, ווען מען וויל לויפן שנעל, טשעפּעט מען זיך אָן שטיינער אויף די פיס?... אָבער גיי טענה איין מיט א זיבעצניאָריקן בחורל!

אָנדערהאלבן יאָר זיינען מיר חתן־כּלה געווען און חתונה געהאט מיט מזל.

אויף מאָרגן נאָך דער חתונה האָבן אונז מיינע עלטערן אוועק־גענומען קיין סטאראבין, אָט ווי די מאמע האָט פון פריער געפּלאַנע־נועט. איך בין אָבער געווען אנטוישט און געזוכט מיטלען, ווי אויס־צופירן מיינע פלענער. דאָס לעבן אליין איז מיר געקומען צו הילף.

א פּאָר חדשים נאָך אונזער חתונה האָט זיך ארויסגעוויזן, אז מיין פרוי קען ניט שטימען מיט מיין מוטער. עס האָט געהאלטן ביי

שארפע קריגערייען. און כדי ניט דערלאָזן צו דעם, האָב איך זיך אין איין שיינעם טאָג אויפגעהויבן און אריבערגעקליבן זיך מיט דעם ווייב קיין סלוצק, אין איר מוטערס הויז. מיט א שטיין וויניקער אויף די פיס.

פון סלוצק האָב איך אָנגעהויבן באָמבארדירן מיין שווער, אז ער זאָל מיך נעמען צו זיך קיין כארקאָוו. אויף יעדן בריוו מיינעם האָט ער איינגעשפּארט געענטפערט, אז איך זאָלווארטן ביז דעם קומענדן פּסח. ער וועט קומען אהיים און פאָרן מיט מיר קיין מינסק צו זיין באַלעבאָס.

מיר האָט עס זייער ניט געשמעקט. ווייל איך האָב געוווסט, אז ביי חיים לוריא וועל איך פארזינקען לעולם ועד אין דעם זעלבן זומפּ, פון וועלכן איך האָב אזוי געשטרעבט ארויסרייסן זיך.

אזוי זיינען פאָריבער שיינע עטלעכע חדשים. איך שרייב אים: כארקאָוו, און ער ענטפערט מיר: מינסק.

אז איך האָב לסוף פארשטאנען, דאָס איך וועל מיט דעם הארט־נעקיקן אידן גאָרניט מאכן, האָב איך זיך איינגעפּאקט און אָפּגע־פאָרן מיטן דיליזשאנס קיין באברויסק, כדי פון דאָרטן נעמען די באַן קיין כארקאָוו. פון באברויסק האָב איך אים טעלעגראפירט, אז איך פאָר.

באגעגנט אויפן כארקאָווער וואקזאַל האָט מיך מיין פרוים א ברוד־דער, וואָס האָט אויך געארבעט אין דעם זעלבן געשעפט ווו דער פאָטער, און עפּעס א קורצער פעטלייביקער איד מיט א גראָבן ציגאר אין מויל. דאָס איז געווען א אידישער שניידער, וואָס האָט געהאַט זיין שניידעריי אין א האלבן־קעלער, אויף א שמוציקן הויף, ערגעץ אויף קלאטשקאווסקע גאַס. און צו אים האָב איך עס געדארפט פאר־פאָרן, ווייל דער שווער איז ברוגז און וויל מיך אויף די אויגן ניט לאָזן. ברוגז איז ברוגז.

דער שוואָגער האָט מיך אביסל בארויקט, אז ער וועט זען איינ־אָרדענען די פראגע וועגן מיין וווין־רעכט אין כארקאָוו, און וועט מיך פארשרייבן אַלעס א לערן־בחור ביי דעם זעלבן שניידער, און מיט א פּאָר רובל מאָנאטלעך דעם אָקאָלאָדאָטשניק, וועל איך שוין ווערן

גאָר א כשרער כאַרקאָווער בירגער. — דערנאָך וועט ער זיך באַמיען געפינען פאַר מיר עפּעס ארבעט אין א קאַנטאָר אָדער געשעפט.

עס איז שוין געווען שפּעט אין אָוונט, און דער שוואָגער האָט זיך אָפּגעזעגנט און איז אוועק.

איך בין זייער מיד געווען פון וועג און פון די נייע איינדרוקן, און האָב זיך גלייך א וואָרף געטאָן אויף מיין געלעגער, וואָס מען האָט מיר געמאַכט עפּעס אויף א קורצער, הארטער סאָפקע.

אויפגעכאַפּט האָב איך מיך פון דעם גערויש פון די ניי־מאַשי־נען ארום מיר. עס איז געווען נאָך גאַנץ פרי, נאָר די שניידעריי האָט שוין געארבעט פאָלנים כאָדאָם.

דער קורצער פעטער פארשוין מיטן אייביקן ציגאַר אין מויל — זיין פאַמיליע־נאָמען האָב איך שוין פארגעסן — האָט זיך ארויסגע־וויזן פאַר ניט קיין שלעכטן מענטשן. נאָכן אָנבייסן האָט ער געלאָזן די שניידעריי, — ווו ער האָט זיך קיינמאָל שטאַרק ניט איבערגע־ארבעט, — און איז אוועק מיט מיר אָנקוקן די שטאָט.

כאַרקאָוו איז אן עכט־אוקריינישע שטאָט. מען דערקענט עס באַלד פון דער געמיטלעכקייט און ווייכקייט, וואָס איז אויסגעגאָסן אויף די איינוווינער; פון זייער גרייטקייט גוטמוטיק אייך צו העלפן, ווען איר ווענדט זיך צו זיי מיט עפּעס א פראַגע אָדער א בקשה; פון זייער לוסטיקייט און ליבע צו געזאַנג און טענץ.

פון דעם ערשטן פארשעהדיקן שפּאַציר בין איך געקומען א מי־דער, אָבער א צופרידענער: כאַרקאָוו האָט אויף מיר געמאַכט א וווּנ־דערבאַרן איינדרוק, און איך בין געווען גליקלעך, וואָס איך בין דאָ. נאָר קריגן עפּעס ארבעט, וועט אַלץ זיין גוט און וווּיל.

וואַרמעס־צייט איז געקומען דער שוואָגער מיט א שליחות פון טאַטן, אז ער איז גרייט מיר מוחל זיין, נאָר מיטן תנאי, אז איך זאָל דאָ פארברענגען די עטלעכע וואָכן ביז פסח, און ער וועט פאָרן מיט מיר אהיים אויף יום טוב. פון דאָרטן וועלן מיר חול המועד צופאָרן קיין... מינסק צו זיין באַלעבאָס. ווידער די זעלבע לידל. איך האָב קאטעגאָריש אָפּגעזאָגט זיך פון דעם פאָרשלאַג, און געבעטן דעם שוואָגער ער זאָל מיר וואָס שנעלער אָפּזוכן עפּעס ארבעט.

עס זיינען ניט פאָריבער קיין צען טעג, און איך בין שוין גע־

זעסן אין א קאנטאָר פון א גרויסער וואלצאָוועו מיל און געשריבן אָרדערס, גערעכנט און אונטערגעצויגן סך הכלן, אַט ווי א רעגעלער קאנטאָרשטשיק.

געוווינט האָב איך נאָך אלץ ביים שניידער, ווייל פון מיין מיזער־נעם געהאַלט פון פינף און צוואנציק רובל א חודש, האָב איך דאָך נאָך געדאַרפט שיקן דער פרוי אויף צום לעבן, און צוויי רובל א חודש צאָלן דעם היטער און אויספּירער פון צארישן געזעץ.

איך געדיינק ניט אקוראט וויפל דער שניידער האָט ביי מיר גע־נומען פאר עסן און א ווינקל אין שניידעריי צום שלאָפן, נאָר עס איז געווען שפּאָט ביליק. איך בין געווען אויפן זיבעטן הימל, — א קלייניקייט עפּעס — א זעלבסטשטענדיקער מענטש, אויף די אייגענע פּיס אין דער גרויסער, בארימטער שטאָט כארקאָוו. ווער איז דען גלייך צו מיר?

מיינע אידישע באַלעבאַטים ווו איך האָב געקראָגן מיין שטעלע זיינען ווערט מען פון זאָל וועגן זיי זאָגן א פּאָר ווערטער.

דריי ברידער זיינען זיי געווען. די גרויסע פאראָוועו מיל, וואָס פלעגט איינשלינגען ביז צען טויזנט פוד ווייץ א מעת לעת, און מיט וועלכער זיי אלע דריי האָבן פארוואַלטעט, האָט געהערט צו זייער פאָטער, אן אַלטן, הינקענדיקן מילנער, וואָס האָט געמאַכט מיליאָנען פון זיינע מילן אין פארשידענע שטעט פון אוקריינע. זיין רעזידענץ האָט ער געהאַט אין פּאָלטאַווע, ווו עס האָט געאַרבעט נאָך א גרע־סערע מיל. אהער קיין כארקאָוו האָט ער געשיקט זיינע דריי בנים, כדי צו מהנך זיין זיי אין חכמת המסחר.

אלע דריי האָבן געליטן פון דער קראנקהייט, וואָס הייסט: „דער טאנץ פון דעם הייליקן וויט", און וואָס באַשטייט פון פארשידענע קאָנוולסיווע, רעפלעקטיווע באַוועגונגען פון פּנים און קערפּער, א ירושה, אפשר, פון א זיידן אָדער באָבען.

דער עלטערער פון די ברידער, א מאן פון א יאָר עטלעכע און דרייסיק, שוין א פארהייראַטער, פלעגט הויבן ביידע אַקסלען, אָן אויפהער צומאַכן און עפענען די אויגן און לייכט שאָקלען זיך דער־ביי הין און צוריק.

דער מיטלער — א הויכער, געזונטער, מיט א קאָפּ געדיכטע

האָר, ווי פּייער רויט, פלעגט הויבן דעם רעכטן אקסל, צווינקען מיט לינקן אויג און מאכן משונהדיקע הוויות מיט די ליפּן.

דער קלענערער — א פעסט געבויטער מאן, מיט א שווארצער, געקרייזלטער שעוועליורע, פלעגט אן אויפהער הויבן מיטן קאָפּ, אָט ווי א פערד אין שפּאן, וואָס וויל ניט שטיין אויף אן אָרט, און רייסט זיך פאָרויס, פלינק באוועגן דאָס הויט פון פּנים ארויף און אראָפּ אויף אזא מאָדנעם אופן, אז דער שטערן פלעגט איין מאָמענט צוזאַמענקוועטשן זיך אין צענדליקער פאלדן גאָר נידעריק, ביי די אויגן, און דעם צווייטן מאָמענט — אויסגלעטן זיך, ווי א גלאנציקע אָנגעצויגענע פעל, און פארנעמען א האלבן קאָפּ.

די דריי חברה־לייט פלעגן זיך רייסן צווישן זיך, ווי די קעץ: געלט איז געווען גענוג, כאָטש באָדן זיך, און ניט אין דעם זיינען געלעגן זייערע רייסערייען.

די צוויסיקייטן פלעגן פאָרקומען אויפן געשעפטלעכן באָרן. דאָס וואָס איינער האָט געטאָן פלעגט ניט געפעלן די איבעריקע צוויי, יעדן פון זיי האָט זיך געדוכט, אז ער און נאָר ער פארשטייט ווי צו מאכן וואָס מער געלט.

אין א קורצער צייט נאָך מיין אָנקומען אהין האָט געטראָפן אן אומגליקלעכער צופאל מיט אן ארבעטער אין מיל. ער האָט זיך אויסגעגליטשט און איז ארייננגעפאלן אין א גרויסן פארמאכטן קאסטן, וווהין עס פליסט אריין דאָס מעל פון צענדליקער זיפּן. פארשטייט זיך, אז דער אָרעמער מענטש איז מאָמענטאל פארשאָטן און דערשטיקט געוואָרן אויף טויט.

די שולד פאר דעם אומגליק איז אינגאנצן געלעגן אויף דער אדמיניסטראציע פון מיל, וואָס האָט נישט ארומגעצוימט דעם קאסטן, ווי דאָס פאָדערט דער רעגלאַמענט. אָבער מיט דער פארקויפטער פּאָליציי פון יענע פינצטערע צייטן האָט מען אלץ געקאָנט מאכן. דער אקט איז אזוי געשריבן געוואָרן, אז עס איז קלאָר געווען, דאָס דער ארבעטער איז אליין שולדיק געווען אין זיין שרעקלעכן טויט.

און ווען אלץ איז שוין געווען פארענדיקט און אונטערגעשריבן פון עדות — א פּאָר געמיינע נפשות פון די ארבעטער גופא, — האָט מען געגעבן צווויסן דער יונגער אלמנה פון דעם אומגעקומענעם.

מיט א געבויגענעם קאפ און אין שטילן, פארגליווערטן טרויער האט זי אויסגעהערט די שרעקלעכע נייס. מיט א פעסטער שטים האט דער מיטעלער פון די ברידער, דער רויטער, איבערגעלייענט פאר דער אלמנה דעם פאליציייאישן פראטאקאל און געזאגט:

— איר זעט דאך, אז אייער מאן איז אליין שולדיק אין זיין טויט, נאר מיר, ווי גוטע באלעבאטים, גייען אריין אין אייער לאגע און ווילן אייך צו הילף קומען. אט האט איר הונדערט רובל...

טרערן האבן זיך א גאס־געטאן פון דער אומגליקלעכער פרויס אויגן — זאלן זיי איר געבן כאטש נאך א הונדערטער, וואס וועט זי מאכן מיט הונדערט רובל? — אבער די דריי זיינען געווען אייזן־הארט — נישט מער א גראשן!...

אין דעם פאל האבן זיי ניט געהאט קיין מיינונגס־פארשידנהייטן: נישט געבן — זיינען זיי געווען איינשטימיק.

די גאווה פון די דריי איגנאראנטע געלט־זעק און זייער גרינג־שעצונג פון מענטשן, וואס זיינען פון זיי געווען אפהיינגיק, איז ניט צו באשרייבן.

ניט איינמאל פלעג איך באמערקן טרערן אין די אויגן פון דעם אלטן, גרייז־גרויען בוכהאלטער, ווען ער פלעגט ארויסקומען פון זייער קאבינעט. טרערן פון באליידיקונג, פון אוממענטלעכקייט באצאלן מיט דער זעלבער מטבע...

מיך האבן זיי אינגאנצן ניט באמערקט, אט ווי אויף מיין שטול וואלט זיצן א ניט זעבארער גייסט.

אין א פאר חדשים נאך מיין אנקומען אהין, האט דער עלטער־ער זיך געווענדעט צו מיר צום ערשטן מאל:

— הער נאר, דו, אויב דו ווילסט קענסטו זיך אריבערקלייבן אין דעם צימער, וואס געפינט זיך לעם אונזער קאבינעט. דארטן איז דא א דיוואן, א טיש, עטלעכע שטולן. וועסט אויף אזא אופן פאר־שפארן צו צאלן פאר א צימער...

די פלוצלונגע גוטסקייט פון מיין צאצקעוואטן באלעבאס האט זיך גענומען דערפון, וואס עס איז מיט א נאכט צוריק געמאכט גע־ווארן א פרווו אויפברעכן די אייזערנע קאסע, וואס איז געשטאנען

ביי זיי אין קאבינעט. עס איז נויטיק געווען א שומר, היינט פאַרוואָס זאָל מען אים ניט האָבן אומזיסט?...

ניט קוקנדיק אויף דעם אלעם, בין איך געווען צופרידן מיט מיין ארבעט. דער אלטער בוכהאלטער גורוויטש האָט מיך שטארק מקרב געווען, און מיר זיינען געוואָרן אינטימע פריינט. אויך זיין געהילף באטקין, א אידישער כאָכאָל, איז מיין פריינט געוואָרן. ווען איך האָב שוין געוווינט אין קאנטאָר, פלעגט ער אָפט נאָך דער ארבעט בלייבן ביי מיר אין צימער, זינגען מיט זיין הייזעריקער שטים, אוקראַאינסקע לידער און אקאָמפאנירן זיך אליין אויף א גיטארע. ער איז געווען א ליידענשאפטלעכער גיטאריסט.

געזונט איז דער בחור געווען, ווי פון אייזן. זיינע מוסקולן — פון שטאָל געקנאָטן. מיט איין זעץ פון פויסט פלעגט ער א שטיין צושפאלטן.

א אידישער כאָכאָל — האָט ער קיין אנונג ניט געהאט פון אידישער געשיכטע, פון אידישע ימים טובים, פון אידישער קולטור; ניט געקענט לייענען און שרייבן אידיש, קוים געקענט ארויסקוועטשן א פּאָר אידישע ווערטער מיט אן עכט־גויעשן אקצענט.

אז איך פלעג ווען אים דערציילן עפּעס פון אידישער פארגאַנגענהייט, פלעגט ער פון אנפאנג צוהערן זיך ערנסט. גיך אָבער פלעגט ער פארלירן דעם אינטערעס, און צוגענעצן זיך מיט א פולן מויל:

— לאָז־אָפּ — פלעגט ער א זאָג־טאָן — וואָס טויגן אונז די אלטע, פארשימלטע מעשות, אין וועלכע איך פיל קיין טעם נישט. דערצייל מיר בעסער עפּעס צאפלדיקס. ווו ביזטו נעכטן אָוונט געווען?...

אן עכטער כפולשמונהדיקער גוי. און פונדעסטוועגן האָט ער זיך געחברט נאָר מיט אידן, און אויסגעלעבט זיך, אויף זיין שטייגער, נאָר צווישן אידן.

א הארץ האָט דער בחור געהאט דוקא ניט קיין שלעכטע. העלפן א פריינט אין א נויט — איז ער גרייט געווען לויפן פאר מיילן ווייט, אָפּגעבן דאָס לעצטע העמד פון לייב.

ער האָט געהאט א סך פריינט און באקאנטע צווישן די אידישע סטודענטן אין אוניווערסיטעט. אלע האָבן אים ליב געהאט פאר זיין

נוטמוטיקער גבורה און גוט הארץ. א דאנק אים, האָב איך זיך אויך באקאנט מיט זיי, און מיט אייניקע — באפריינדעט זיך.

אויסער גאָר א קליינער צאָל „מאמעס זינדלעך", אָדער — ווי מען האָט זיי דאן גערופן — „ווייסע אונטערשלאקניקעס", איז דאָס געווען אן אָרעמע, אָפט הונגעריקע יוגנט, וועלכע פלעגט די ערשטע אָפרופן זיך אויף אלץ, וואס שטרעבט צו א שענערער און בעסערער וועלט, צו א גרינגערן לעבן פאר דעם „דערנידעריקטן און באליידיקטן".

מיינע פריינט — סטודענטן האָבן מיך עטלעכע מאָל מיטגע־נומען אין דער סטודענטישער „סטאָלאָווקע", ווו פאר 15 קאָפּיקעס האָט מען אָפּגעגעסן א מיטאָג, און איך בין שוין פארבליבן א שטענ־דיקער עסער דאָרטן.

באדינען פלעגן אונז פריילינס און דאמען פון דער „העכערער געזעלשאפט". דער עסן, פארשטייט זיך, איז געווען ניט אי־אי, נאָר ווער האָט געטראכט וועגן אזא קלייניקייט. אז בסך הכל האָבן מיר קיינמאָל ניט געוווסט וואס מיר עסן, ווייל צו יעדן מאָלצייט פלעגן זיך אנטוויקלען דיסקוסיעס און דעבאטן אויף „ברענענדיקע" טעמעס... איינמאָל האָט שוין געהאלטן דערביי, אז זשאנדארן זאָלן צומאכן די „סטאָלאָווקע", נאָר א דאנק די זעלבע דאמען פון דער „הויכער געזעלשאפט", איז געלונגען די גזרה אָפּצושרייען.

די צייט איז געגאנגען. איך האָב מיך געפילט, ווי א פיש אין וואסער, און קיין בעסערס זיך ניט געוווּנטשן.

א סטודענט, א חבר, האָט מיר געשאפן די מעגלעכקייט בא־זוכן פון צייט צו צייט די כארקאָווער אָבסערוואטאָריע, ווו עס איז מיר ערלויבט געווען כאפּן דורכן טעלעסקאָפּ — א בליק אויף די אומצייליקע וועלטן און זונען פון דעם אוניווערס. אמאָל פלעגט מיר געלינגען צו „פאנגען" אין דעם אָביעקטיוו פון טעלעסקאָפּ א וואנ־דערנדן קאָמעט, און צו מיין פרייד איז דאן קיין גרעניץ ניט געווען.

אין א זעקס חדשים נאָך מיין אָנקומען אויף דער שטעלע, האָבן מיינע „באָסעס" זיך „צעשאָקלט" און געהעכערט מיר גאנצע פינף רובל. אליין וואָלטן זיי עס געוויס ניט געטאָן, נאָר מיין פריינט, דער אלטער בוכהאלטער, האָט געהאלטן אין איין דערמאָנען זיי, אז אויב

מען וועט ניט העכערן מיין געהאַלט, וועל איך לאָזן די שטעלע, ווו איך בין שוין געווען זייער נוצלעך.

דער רויטער כלב האָט אפילו געפּרווט אָנווייזן אויף דעם, אַז איך האָב שוין באַקומען א הספּה: איך האָב דאָך ביי זיי אַן אומזיסטע דירה, נאָר דאָס האָט אים ניט געהאָלפן, און פאַרשטשימענדיק די ציין, האָט ער געמוזט מיר העכערן א פינפערל א חודש.

דער זומער איז שוין לאַנג אוועק. אויך צום נאַסן, קאַלטן און כמורן אָסיען האָט א סוף געגומען. עס האָט זיך געשטעלט א קנאַ־קעדיקער ווינטער, און חברה יונגוואַרג האָט זיך אוועקגעלאָזן גליטשן אויפן פאַרפרוירענעם דאָניעץ, אָדער אויף די קליינע אָזיאָרעלעך אין דעם גרויסן אוניווערסיטעט־פּאַרק.

דער צוזאַמענקום אויף די גליטש־פּלעצער האָט אָפט געדינט אַלס א „סבאָדקע״, אויף וועלכער עס זענען שטילערהייט אַרומגע־רעדט געוואָרן זאַכן און אָנגנומען געוואָרן באַשלוסן פון ווייטער־דיקער טעטיקייט, פאַר וועלכע די צאַרסקע זשאַנדאַרמעריע פלעגט ניט זעלטן אוועקשיקן „אין ערטער זייער ווייטע״...

פאַר מיר זענען אָט די אימפּראָוויזירטע „סבאָדקעס״ געווען א קוואַל פון טיפער באַגייסטערונג. איך האָב געשעפּט פון דאָרט מיט פולע הויפנס, און — בין געווען גליקלעך...

אומבאַמערקט איז אָנגעקומען דער פרילינג, וואָס איז אין אוקראַינע איינער פון די שענסטע און הערלעכסטע אין דער וועלט.

צווישן יענער געשעעניש, וואָס איך גיי דאָ דערציילן, און דעם היינט ליגט א גאַנץ לעבן כמעט. איך בין יונג געווען. די יונגע כוּ־חות האָבן געברויזט און גערופן צו יענע אידעאַלע ווייטן, נאָך וועל־כע אונזערע יונגע נשמות האָבן אַזוי געלעכצט.

די היינטיקע מאָדערנע יוגנט האָט זיכער שטאַרקערע מוסקולן, קען נישט אין ערך בעסער טאַנצן, פאַרשטייט זיך אויסגעצייכנט אויף אַלערליי ספּאָרט־שפּילן, האָט א גרויסע ידיעה אין דער האַלב־ווילדער אַפריקאַניש־נעגערישער דזשאַז־מוזיק און באַזיצט נאָך א סך ענלעכע מעלות, אָבער עפּעס פעלט איר אָט דער היינטיקער יוגנט. עס פעלט איר — וואָלט איך זאָגן — אָט די „ראָזשינקעלע״,

וואָס פאַרזיסט דעם קוכן און מאַכט אים באַטעמט פאַר יעדן מאָל־צייט...

עס איז געווען פרילינג. די פרייד פון באַשאַף האָט געזונגען דורך יעדעם גרעזעלע, דורך יעדער בלימעלע. די נאַטור האָט גע־פייערט איר ווידערגעבורט נאָכן אַלץ אַפּטייטנדיקן ווינטער.

דער ערשטער מאַי איז געווען ביי דער טיר, און יונגע היי־קעפּ האָבן פאַרטראַכט אַ גאַסן־דעמאָנסטראַציע מיט אַ רויטע פאָן און אויסרופן: נידער מיט דער זעלבסטהערשאַפט!

עס איז געגרינדעט געוואָרן אַן ערשטער־מאַי קאָמיטעט, וועל־כער האָט אויסגעאַרבעט דעם דעמאָנסטראַציע פּלאַן.

קליינע גרופּקעס חברים האָבן זיך געדאַרפט צוזאַמענקומען אין אַ באַשטימטן גאַס־ווינקל. פאַנאַנדערוויקלען די רויטע פאָן און לאָזן זיך מאַרשירן איבער דער הויפּט־גאַס מיט פאַסיקע אויסרופן.

דער פּלאַן האָט זיך גלענצנד איינגעגעבן, און ביז וואַנען די ווילדע קאָזאַקן זענען אָנגעלאָפן אויף זייערע ספּריטנע פערד, האָבן מיר צייט געהאַט דורכמאַרשירן אַ פּאָר גאַסן.

און ווען די טייוואָלים אויף פערד האָבן אָם ענדע צוטריבן די דעמאָנסטראַציע, צעשלאָגן אַ סך חברים און אייניקע אַרעס־טירט, האָבן מיר זיך געפילט, ווי זיגער נאָך אַ שלאַכט. אין יענע פינצטערע צייטן איז עס גאָרנישט קיין קלייניקייט געווען דורכפירן אַזאַ שטיקל אַרבעט.

איך האָב אויך מיין חלק באַקומען, און בין אויפן צווייטן טאָג געקומען צו דער אַרבעט מיט אַ פאַרבאַנדאַזשירטן קאָפּ.

און ווען דער מיטעלער „באָס" מיטן רויטן קאָפּ האָר איז אַריינגעקומען אין קאַנטאָר און האָט מיך דערזען, איז ער גלייך אָנגעצונדן געוואָרן מיט ברענענדן כעס.

אַ שטיקל צייט האָט ער נאָר געוואָרפן אויף מיר פאַרניכטנדע בליקן, אָבער גאָר גיך איז ער צוגעקומען צו מיין טיש, אַ שליידער געטאָן די פּאָר רובל, וואָס האָבן מיר געקומט פון מיין מיזערן גע־האַלט, און אַרויסגעשיפּעט מיט ווילדער רציחה: — אָט האָט איר אייער געלט און איר זייט פריי פון אייער אַרבעט. קיין סאָציאַליס־טען דאַרפן מיר דאָ ניט. דאַנקט נאָך גאָט, וואָס מיר רופן נישט

ארויס קיין זשאנדארן און מען פארפאקט אייך ניט אהין, וווהין „מאקאר האָט געטריבן זיינע קעלבער"...

איך האָב רואיק צענויפגעלייגט מיינע ביכער, און ווענדנדיק זיך צום „רויטן באָס", האָב איך געזאָגט:

איך ווייס אז איר פארשטייט אביסל די „שווארצע פינטלעך", ווייל איך ביים געזעגענען זיך אייך קלאָר מאכן א פרשה חומש, וואָס איז ביז דעם מאָמענט פאר מיר אליין ניט קלאָר געווען. דאָס איז די פרשה פון פרה אדומה:

— משה האָט פארזאָגט מען זאָל נעמען א רויטע בעסטיע — א פרה אדומה, פארברענען זי, און מיט איר אש וואשן אומריינע מענטשן, וואָס האָבן זיך ווו עס איז מטמא געווען; אזוי ארום וועלן זיי, די טמאים, ריין ווערן. אבסאָלוט אומפארשטענדלעך.

— איצט אָבער, בעאָבאכטנדיק אייך אין משך פון אנדערהאַלבן יאָר, און אין ליכט פון אייער לעצטן בעסטיאַלישן באגיין זיך מיט מיר, איז מיר די פרשה אינגאנצן קלאָר געוואָרן.

— משה, דער באפרייער פון זיין פארשקלאפט פאָלק, דער שעפער פון די צען געבאָט, צו וועלבע די מענטשהייט קען זיך נאָך ביז היינטיקן טאָג ניט דערהויבן, האָט אונטער דעם אויסדרוק — „פרה אדומה" זיכער געמיינט די רויטע מענטשלעכע בעסטיעס, די אבי אבות הטומאה, אָט די, וואָס ווערן פעט און רויט פון מענטשישע שוויים און בלוט. — די רויטע בעסטיעס, — האָב איך אויסגערופן און געצייגט מיטן פינגער אויפן רויטן „באָס" — מוזן אין אש פארוואנדלט ווערן, כדי די שמוציקע, אומריינע מענטשהייט, וואָס איז פארזונקען אין פארפעסטעטע זומפן פון עקספּלואטאציע, פון רויב, פון גזלה און גנבה, זאָל געריייניקט און געלייטערט ווערן!...

מיין פריינט באטקין איז אויפגעשפרונגען פון אָרט און געשמעלט זיך ביי מיין זייט, מיטן אבזיכטלעכן צוועק מיך צו באשיצן.

דער רויטער האָט גוט געוווסט די אייזערנע קראפט פון באטקינס פויסטן, און דאָס האָט געמאכט, אז אנשטאָט צו ווארפן זיך אויף מיר מיט געביילטע פויסטן, ווי דאָס איז, ווייזט אויס, געווען

זיין מיין, איז ער ארויסגעלאָפן פון צימער, ווי אן אונטערגעשאָ־סענע חיה.

באטקין האָט מיר גלייך געהייסן פארפאקן מיין ביסל אָרעמ־קייט און אריבערפירן עס צו אים אין צימער. דערנאָך וועלן מיר זען, וואָס מען האָט צו טאָן.

אין אסיען פון דעם זעלבן יאָר האָב איך געדארפט שטעלן זיך צום פריזיוו, און דעריבער האָט ניט געהאט קיין זין זוכן א שטע־לע אויף עטלעכע חדשים. דערפאר האָב איך באשלאָסן אָפּזוכן זיך עטלעכע העברעאישע אָדער רוסישע אורעקן אלס א צייטווייליקע באשעפטיקונג ביזן פריזיוו.

מיט דער הילף פון מיינע פריינט און חברים האָב איך שנעל געפונען, וואָס איך האָב געזוכט, און מיין לעבן איז גערונען שטיל און פול מיטן טיפן אינטערעס, ווי פריער.

די עטלעכע זומער־חדשים זענען גיך פארלאָפן. עס דערנענטערט זיך שוין דער הארבסט, און איך האָב זיך גענומען גרייטן אין וועג אריין.

א מחנה יונגווארג — חברים, פריינט, באקאנטע האָבן מיך ארויסבאגלייט צום וואָקזאל. די זשאנדארן האָבן מיט פארדאכט געקוקט אויף דעם הויך דיסקוטירנדן און הילכיק לאכנדן עולם, און געדרייט זיך ארום אונז די גאנצע צייט, ביז וואנען דער צוג האָט זיך גערירט.

מיט טרערן אין די אויגן האָב איך זיך געזעגנט מיט מיינע ליבע חברים, פון וועלכע עס איז מיר אזוי שווער געווען צו שיידן זיך, און האָב צוגעזאָגט צוריקקומען, אויב די סאָלדאטשינע וועט מיך נאָר פריי־לאָזן פון אירע נעגל.

אין סלוצק, ווו מיין פרוי און קינד האָבן זיך געפונען, האָב איך פארבראכט א פּאָר טעג, און בין געפאָרן קיין סטאראבין זען זיך מיט די עלטערן, מיט דער אלטער באָבען, מיטן ברודער, וואָס האָט שוין דאן געוווינט אין שטעטל מיט זיין פאמיליע, און מיט מיין אלטן, טרייען חבר, וועמען איך בין געוווינט געווען פון פריי־ער קינדהייט פארטרויען אלע מיינע פארבאָרגענע געדאנקען, אלע

איבערלעבונגען פון מיין יונגער נשמה — מיטן ליבן אומפארגעס־לעכן טייך...

דער גרויסער איינשטיין דערווייזט מאטעמאטיש אין זיין רע־לאטיוויטעט טעאָריע, אז רוים און צייט איז איינס און דאָס זעל־בע. עס זענען שני הפכים בנושא אחד.

און אזוי ווי רוים האָט דריי דימענסיאָנען — ליינג,ברייט און טיף, קומט אויס, אז צייט איז דער פערטער נאָך ניט אויבגע־פאָרשטער דימענסיאָן פון רוים.

און ווען מיר וואָלטן געוווּסט צו באוועגן זיך אין דעם פערטן דימענסיאָן, אין צייט, אָט ווי מיר ווייסן עס אין די דריי דימענ־סיאָנען פון ליינג, ברייט און טיף, וואָלטן מיר א שפּרונג טאָן פּאָ־רויס, אזוי אויף א הונדערט טויזנט יאָר, כדי צו זען, וואָס וועט דאָן ווערן פון דער צווייפיסיקער חיה אויף דער ערד. אָדער גאָר א לאָז טאָן זיך צוריק אויף א מיליאָנטשיק יאָרן און בעאָבאכטן ווי אונזערע עלטער־זיידעס זענען נאָך ארומגעלאָפן אָן לשון אין די געדיכטע וועלדער און געמרוקעט, ווי עכטע חיות.

עס קען זיין, אז אין דעם וויטן צוקונפט וועלן מיר זיך אויס־לערנען צו באוועגן זיך אויך אין צייט, דערווייל אָבער קענען מיר עס נאָך ניט, און די צייט לויפט און פארשווינדט אין דער אייבי־קייט. דער נעכטן איז פאר אונז געשטאָרבן און דער מאָרגן — איז נאָך נישט געבאָרן געוואָרן.

דאָס איינציקע, וואָס בלייבט אונז פון דעם אויסגעזרונענעם נעב־מען זענען די זכרונות — אָט די בלייבע שאָטנס, וואָס מיר לעבן אויף אין אונזער דמיון און קוויקן זיך אָדער פּלאָגן זיך מיט זיי, אָט ווי זיי וואָלטן אין דער אמתן עקזיסטירט איצט.

אזויפיל יאָרן זענען פון דאַן אריבער און איך פיל נאָך דער מאמעס קושן און אירע טרערן אויף מיינע באַקן, — טרערן פון פרייד, וואָס זי זעט ווידער איר קינד, אָבער אויך פון טרויער — דער פארשאָלטענער פּריזיוו, וואָס שטייט ביים שוועל.

דער טאטע האָט מיך כליפּענדיק ארומגענומען: — וואָס מאכס־טו, מיין זון? די בויאַנעס האָבן זיך שוין וויפל מאָל נאָכגעפרעגט ווען דו קומסט, היט זיך פאר זיי.

איך האָב דעם טאַטן באַרואיקט, איצט בין איך שוין נישט דער שוואַכער אינגל, וואָס געווען, און וועל קענען מיין שטעטל באַשטיין.

די אַלטע באָבע האָט אַרויפגעקוקט צו מיר מיט אירע שוואַכע האַלב־בלינדע אויגן און אַרויפגעלייגט אירע הענט אויף מיינע אַקסלען:

— ווי דו ביזט, אַן עין הרע, אויסגעוואַקסן, מיין קינד, ניט דערלעבן זאָל דער פּאַניע אויסנוצן אַזאַ בוים!...

שוין פיל, פיל יאָרן, אַז דער באָבעס און דעם טאַטנסביינער רוען אויפן שטילן, פאַרחלומטן בית־הקברות, וואָס ליגט פאַרטאַיעט צופוסן פון אַ גרויסן סאָסנאָוון וואַלד. אַלטע הונדערטיאָריקע כוואָיעס קוקן־אַריבער אויף די פאַרוואַקסענע קברים און שאָקלען מיט זייערע אייביק־גרינע קעפּ:

— וואָס פאַר דומע, נאַרישע באַשעפענישן איר זענט געווען!... דאַכט זיך קלאָר און זיכער, זיכער ווי דער טויט, אַז וויפל איר זאָלט ניט האַווען און לויפן, און יאָגן, מוזט איר סוף כל סוף קומען אַהער, צו דער מאַמע־ערד און אין איר שוים באַרואיקן זיך אויף אַלע אייביקייטן. — אייער גאַנצער לעבן מיט אַלע אייערע רשעות, קנאות און שנאות, מיט אַלע אייערע האָפענונגען, נצחונות און דורכפאַלן, איז אין פאַרגלייך מיט דער אומענדלעכקייט פון צייט, וואָס איר וועט פאַרבלייבן אין די אָרעמס פון אייער ענד־ציל, פון טויט — אַן אַבסאָלוטער נול. איר לעבט אַ כהרף עין, און איר פאַר־געסט אַז אויף אייך וואַרט אַ נצח שבנצחים אין אַ צושטאַנד פון דעם גרויסן, מעכטיקן באַרואיקער, פון דעם טויט... היינט צוליב וואָס פאַרשמוצן פיל, אַך, זייער פיל פון אייך אָט דעם כהרף עין, און לאָזן נאָך זיך אַ פאַרשאָלטענע געדעכעניש?...

די בוימער שאָקלען טרויעריק מיט זייערע קעפּ, און די קברים שווייגן, ווייל טויטע ענטפערן ניט...

מיין מאַמעס ביינער רוען שוין אויך אַ צוויי צענדליק יאָרן אויף אַן אַנדער בית־עולם. דאָס לעבן האָט מיך צוזאַמען מיט איר פאַרוואָרפן אויפן ברעג פון קאַספּישן ים.

ביי יענעם ברעג, אויף אַ זאַמדיקן באַרג שפּרייטן זיך בית־

עולמס פון אַלע גלויבנס. דער אַלטער, בייזער קאַספּי שלאָגט זיך מיט זיינע שוימיקע כוואַליעס אָן יענעם באַרג און רוישט, און צאָרנט:

— אַזוי פיל טויזנטער יאָרן, אַז איך זע אייך רייסנדיק זיך ביי מיינע ברעגן!... דורות פאַרשווינדן און דורות קומען, און — ווי ווילדע קעץ פון די בערג, וואָס שפּיגלען זיך אין מיינע וואַסערן, — וואַרפט איר זיך איינע אויף די אַנדערע... זעט איר דען ניט, אַז — זה סוף כל האדם, אַז דאָ אויף דעם באַרג, אין די זאַמדיקע קברים לעשן זיך אויס אַלע אייערע פייערן, הייַנט צו וואָס ברענען און פלאַקערן און מיט בלוט פאַרגיסן מיינע טרוקענע, האַלב־שטיי־נערנע ברעגן?...

די ביינער פון מיינע ליבע, אין צווייַ באַזונדערע, אַזוי ווייט אָפּגעטיילטע, ווינקלען פון רוסישער ערד, זענען שוין לאַנג־לאַנג גע־וואָרן עצמות יבשות. און איך זע זיי נאָך אַלע אַנגעטאָן אין פּלייט און אָדערן, אין זייער געשטאַלט פון טאַטע, מאַמע, באָבע... אפשר איז עס אַ רמז פון יענעם שפּרונג אויף צוריק אין דעם פערטן די־מענסיאָן, וועגן וועלכן דער גרויסער מאַטעמאַטיקער דערציילט אונז?...

מיין קינדהייט־חבר, דעם שטילן טייך, האָב איך געפונען אַביסל אַ טרויעריקן, אַ פאַרמרהשחורהטן, — דער אָסיען מיט זיינע קאַל־טע ווינטן, וואָס האָט געהאַלטן אין קומען, האָבן היינט פאַראומערט זיין ליכטיקן פּנים.

דער צווייטער טאָג אָבער האָט זיך איינגעגעבן אַ זוניקער, אַ וואַרעמער. דער טייך פינקלט מיט גאָלד און באַגריסט מיך מיט זיין תמיד ליבן שמייכל.

איך לאָז איבער אַלץ מיט אַלעמען און כאַפּ זיך אַרויף אויף אַ שיפל, מיט וועלכער איך פאַרקלייב זיך ווייט־ווייט וואַסער אַראָפּ. איך שיף זיך־צו צום ברעג, וווּ עס ציט זיך אַ וואַלד פון בלעטער־בוימער, און גיי אַרונטער אַביסל דורכשפּאַצירן זיך.

אין וואַלד איז אַזוי שטיל, אַז מען הערט דאָס קלאַפּן פון בלוט אין די אָדערן. די בוימער שטייען באַפּרידיקטע, זאַטע. דער פּראָ־צעס פון וואַקסן און צייטיקן איז פאַרענדיקט, און איצט — פאַרן ווינטערדיקן שלאָף — פאָלקאָמענע רו.

ווו ניט ווו טרעט איך אויף נאָר וואָס אראָפּגעפאַלענע בלעטער, אָבער דאָס מערקט זיך ניט, די בוימער זענען נאָך אינגאַנצן באַקליידט אין קליידער פון גאָלד אין אַלע זיינע שאַטירונגען. די באַפעלקערונג פון וואַלד האָט זיך אויסגעפּוצט לכבוד די טעג פון מנוחה ושלוה...

אָט שטייט אַן אַלטער דעמב, וואָס געדיינקט נאָך זיכער נאַפּאָלעאָנס אינוואַזיע אין יענע מקומות. פון זיינע מעכטיקע צווייגן־קינדער ציען זיך אין אַלע זייטן רייפע צווייגן פון דריטן דור, וועלכע שפּייזן פון זיך אַ דערוואַקסענעם פערטן דור.

דער אַלטער קלייבט נחת פון דער צעצווייגטער משפּחה, אָבער אין זיין פרייד מישט זיך אריין אַ טרויעריקער געדאַנק: ווער ווייסט וואָס די צווייפּיסיקע קען איינפאַלן צו טאָן מיט אים? — אז נאָר זיי פאַרניכטן איינע די אַנדערע און אַלץ אויף זייער וועג...

די יונגע בעריאָזע, וואָס שטייט אויסגעצויגן מיט דרך ארץ ביים אַלטנס זייט, לאָזט זיך אָבער ניט באַאיינפלוסן פון זיינע טרויעריקע מחשבות. — זיידעניו, — זאָגט זי — פאַרשטער אונז ניט מיט דיין פילאָזאָפישן אומעט די גאָלדענע טעג פון רו. טראַכט נישט, וואָס עס קען זיין, און שעפּ בעסער פרייד פון דעם ריינעם, ווי אַלטער גוטער וויין שטאַרקן לופט, פון די גאָלדענע זונען־שטראַלען, וואָס באַלויכטן און וואַרעמען אונז אַזוי מילד — ווי אַ צאַרטע מאַמע... דו האָסט דאָך אַזויפיל געזען אין דיין לאַנגן לעבן. די מענטשן־חיות לויפן יאָגן, פאַלן אין בלוטיקע שלאַכטן, און דו — שטייסט אויף דיין פאַסטן שטאַרק און פעסט. אין זייער ווילדן געלאַף קומען זיי און פאַרשווינדן, און מיר, בוימער, באַמערקן עס אפילו ניט. אָט ווי זיי — די אומגליקלעך־ווילדע — לעבן אַמאָל אָפּ אַ גאַנצן לעבן און באַמערקן ניט און זען ניט אונז — די שטילע, די פרידלעכע, די פריידיקע...

צווישן דעם רייך מיט גאָלד באַצירטן עולם האָט זיך פאַרגנבעט אַ באַשיידענע סאָסנע.

זי שעמט זיך מיט איר אָרעם, גרינעם קלייד און טוליעט זיך צו די פאַרפּוצטע שכנים.

זי טראַכט מיט באַפרידיקונג פון די נאָענטע קאַלטע רעגנס,

ווען דאָס גאָלד, וואָס שימערירט איצט אין אלע ווינקעלעך, וועט ליגן צעפוילט אין בלאָטע, און די עלעגאנטע קאוואליערן און דאמען וועלן שטיין נאקעטע און פארומערטע. זי אָבער וועט דאן נאָך אלץ גלאנצן אין איר ריין־אויסגעוואשענעם, גרינעם קלייד...

אין וואלד איז זייער שטיל. זיין זומערדיקע געפלי־געלטע באפעלקערונג, וואָס פלעגט פארהילכן די לופט, איז שוין אוועקגעפלויגן צו דרום זוכן אייביק־גרינעע, פון דער גאָלדענער זון אנגעוואָרעמטע, וועלדער... די נאטור רוט פון איר אָנגעשטריינגטער זומערדיקער ארבעט. זי האלט נאָך אָפן די אויגן און קוקט מיט אזויפיל חן, מיט אזא ליבן שמייכל, אָבער זי דרעמלט שוין, און גאָר גיך וועט זי איינשלאָפן... מען וועט זיך ניט ארומזען — און דער וואלד וועט זיין איינגעדעקט מיט א ווייסער, קאלטער דעקע און וועט שלאָפן געשמאק. איבער אים וועלן זיך טראָגן בייזע ווינטן, זאַ־ווערוכעס וועלן וואָיען, ווי הונגעריקע וועלף, ער וועט אָבער ווייטער רואיק שלאָפן, ביז וואנען די גאָלדענע כשוף־מאכערין וועט אים אָנהויבן וועקן מיט אירע ווארעמע שפיזן־שטראַלן...

איך האָב ביי די עלטערן פארבראכט עטלעכע טעג. פאר דער קורצער צייט איז געמאכט געוואָרן א פרווו פון א גרופע הפקר־יונגען — בעזולגאָטנע פריזיוויניקעס פון דעם זעלבן יאָר — ארויס־צופרעסן פון מיר געלט פאר זייערע הוליאנקעס. דער פרווו האָט גע־האט א פאַלנעם דורכפאל: איך האָב זיי קורץ און שאַרף געמאלדן, אז איך וועל זיי לאָזן ארעסטירן פאר אזעלכע שטיק, און זיי האָבן זיך גלייך אָפּגעטראָגן.

עס איז געקומען דער טאָג פון פריזיוו. א נומער האָב איך ארויס־געצויגן זייער א קליינעם, ווייניקער פון הונדערט, און בין געווען פון די ערשטע גערופן ווערן אין פריסוטסטוויע.

נאָך דער געוויינלעכער פּראָצעדור פון מעסטן דעם קערפּער, איז צוגעקומען דער מיליטער־דאָקטאָר, פאר וועמען איך האָב זיך באַ־קלאָגט אויף מיין קורצזיכטיקייט. ער האָט באטראכט מיינע ברילן־גלעזער, געגעבן מיר לייענען א פּאָר שורות אין די ברילן און אָן זיי, א שעפּטשע־געטאָן זיך מיטן פּאָרזיצער פון דער פריסוטסטוויע,

און יענער האט אויסגערופן: נא איספיטאניע! — דאס מיינט — אויף פרווו אין מינסקן מיליטערישן לאזארעט.

דארטן האט מען מיך אפגעהאלטן גאנצע פיר וואכן און לסוף באפרייט מיט א „בלויען בילעט״.

עס איז איבעריק צו באשרייבן די פרייד פון דער פאמיליע און אויך מיין אייגענעם געפיל פון פרייהייט. דאס איז זעלבסטפאר־שטענדלעך.

איך האב געגומען טראכטן וועגן אומקערן זיך צוריק קיין בארקאוו. מיינע זענען געווען קעגן דעם, ווייל וואס פאר א תכלית איז עס פאר א פארהייראטן מאן אזעלכע שטעלעס, וווהין מען קען ניט נעמען דאס ווייב און קינד.

דערווייל האב איך מיך דערמאנט, אז אין קלינצי, א פאבריטש־נע שטאט אין טשערניגאווער גובערניע, הייסט עס, ווו אידן מעגן וווינען, האב איך א שוועסטערקינד — חיים העכטמאן. איך האב אים אמת, אין מיין לעבן ניט געזען, אבער דאס מאכט ניט אויס. זיין מוטער, מיין מאמעס לייבלעכע שוועסטער, זייער א ליבע און קלוגע פרוי, איז ביי אונז א פאר מאל געווען צו גאסט. זי איז שוין דאן ניט געווען צווישן די לעבעדיקע.

אזוי ווי קלינצי פארמאגט עטלעכע טוך־פאבריקן, וואלט אפ־שר א פלאן געווען דורכפארן זיך אהין, באקענען זיך מיט מיין קא־זין און מיט זיין הילף זוכן א שטעלע אין איינע פון די פאבריקן.

אוודאי האט מיך געצויגן צו מיינע צאלרייכע חברים און פריינט אין בארקאוו, איך האב אבער באשלאסן פרווון מזל אין קלינצי און נאכגעבן דעם ווונטש פון דער משפחה.

קלינצי איז ניט קיין שטאט און ניט קיין שטעטל, פאסאד האט עס געהייסן. דער גאנצער יחוס פון דעם קליין שטעטעלע — וואס עס איז אייגנטלעך געווען — זענען די פאר פאבריקן, וואס געהערן צו זייער רייכע סטאראוווערן, ויעלכע האבן זיך געהיט אפילו אנ־צורירן א אידן, פארשטייט זיך, אז קריגן ארבעט ביי אזעלכע פראים איז געווען אויסגעשלאסן. נאר אז איך בין שוין דא, האב איך בא־שלאסן פארברייגען ביי מיין קאזין א פאר וואכן און דערנאך אפ־פארן פון דאנען קיין בארקאוו.

מיין קאַזין, אַן אינטעליגענטנער, איידעלער יונגערמאַן פון עט־לעבע און דרייסיק יאָר, אַ פּאַרהייראַטער, האָט שוין צוויי קינדער־לעך, האָט זיך קוים געשפּייזט פון זיין קלייטל פון שרייב־געציֵיג, אין וועלכער ער פלעגט נאָך באַהאַלטענערהייט פאַרקויפן „בעזבאָזש־דעראָלנע"״, מיטן האַנט אָנגעשאָטענע פּאַפּיראָסן.

צוויי קליינע צימערלעך הינטערן קלייטל איז געווען דער וווי־נונג פון די העכטמאַנס, אָבער ניט קוקנדיק אויף דער איינגשאַפט, האָט דאָרט געהערשט שטענדיקע פרייד און פרידן, און דאָס קליין, אָרעם מעבלירט ווינקעלע האָט מיט פולע רעכט געמעגט אָנגערופן ווערן: ניט גענאַגהעט.

אַז מען האָט געדאַרפט צאָלן אַ וועקסלען פאַר סחורה, זענען טאַקע די אויגן אַרויסגעקראָכן פון שטערן, ווייל עס איז קיינמאָל ניט געווען מיט וואָס. ביי מיין ליבן קאַזין אָבער האָט עס ניט גע־מינערט זיין אויסגעצייכנטע שטימונג אפילו אויף אַ האָר. שכנים, גוטע פריינט, אידן, גוים — צוזאַמענגעשטעלט די פּאָר רובל און עס איז אַלעם גוט און ווויל.

מיין קאַזינס קוועק־זילבערדיקער שכן, אַן אויסערגעוויינלעך־קלוגער און שאַרפזיניקער יונגערמאַן, וואָס איז געשטאַנען מיט אַ גרויסן געשעפט פון זייגערס און גאָלדוואַרג, און וואָס פלעגט פינ־דעסטוועגן — ביי אַ צאָלונג — אַרומלויפן מיט אַן אויסגעשטרעק־טע צונג זוכן גמילת־חסדים, איז צוזאַמען מיט מיין קאַזין געווען אַ פאַרקאָכטער שאַכמאַטיסט. אין אַ מיטן מיטוואָך פלעגט מען זיך אויף שעהן לאַנג אַוועקזעצן שפּילן שאַך. און ווי שפּילן! — מיט אַ ברען, מיט קאָכעניש און רייסעניש. ניט איין מאָל צוקריגט זיך ביים שאַך־ברעט און ניט גערעדט אַ פּאָר טעג, איבערגעבעטן זיך און ווידער געשטיפּלט.

אַז איך בין געקומען — אויך דאָן אַ ליידנשאַפטלעכער שאַך־שפּילער — האָט מען שוין גערופן נאָך אַ יונגנמאַן — אין קלינצי האָבן כמעט אַלע יונגעלייט געשפּילט שאַך — און מען האָט גע־שפּילט זאַלבאַפערט, צו צוויי אויף אַ זייט, און הימל עפן זיך!...

דאָס זענען אָבער געווען קריגערייען שאינם תלוים בדבר, לשם שמים, אַזוי צו זאָגן.

ווען איך האב איינמאל — שפּילנדיק מיט מיין קאָזען אויף איין האנט — געמאכט א פאלשן גאנג, אדאנק וועלכן מיר האָבן פאר־לאָרן די פּארטיע, האָט ער עס מיר עטלעכע טעג נאָכאנאנד נישט געקענט מוחל זיין, און כסדר געהאלטן אין איינטענהן מיט מיר: — ווען דו לאָזט מיך מאכן דעם גאנג, וואָלט איך מיטן פערד פאר־שטעלט דעם וועג זייער קייזערין און — א פייג וואָלטן זיי ביי מיר געוווּנען...

אין איין שיינעם פרימאָרגן וואַלגערט זיך אריין צום קאָזין אין קלייטל א קורצער און קיילעכדיקער פארשוין, ווי א פעסעלע, אָנ־געטאָן אין א מונדיר פון אן אקציזנעם טשינאָווניק, און פרעגט זיך נאָך אויפן גאסט פון הויז, וואָס פארשטייט — ווי מען זאָגט — בוכפירונג.

— דאָס בין איך — רוק איך זיך ארויס אין פאָדערגרונט — מיט וואָס קען איך דינען?

דערציילט מיר דאָס נארישעוואטע, גוטמוטיק־שמייכלענדע פּע־סעלע אזא געשיכטע:

דעם ערשטן יאנואר פון קומענדן יאָר 1896 פירט די רעגירונג איין אין טשערניגאווער גובערניע בראנפן־מאָנאָפּאָליע. אין קלינצי, ווי אין א פלאץ מיט א סך ארבעטער, הייסט עס — א סך טרינ־קער, וועט געעפנט ווערן א ראיאָנער סקלאד, דאָס מיינט א פּונקט פון וואנען דער ביטערער טראָפּן, צוגאָסן אין גרויסע פערטלעמער־דיקע פלעשער, אין דוואצאטקעס, סאראקאווקעס, סאָטקעס און דווכסאטקעס, אָדער זשוליקעס, ווי די טרינקערס האָבן גערופן די פּיציניאנינקע מיט איין זופּ משקה פלעשעלעך, וועט צושיקט ווערן אין די ווײַן־קלייטן פון א באשטימטן ראיאָן. די מאָנאָפּאָליע האָט די רעגירונג איינגעפירט גראדן־וויים — איין יאָר אין א דריי־פיר גו־בערניעס, דעם צווייטן יאָר אין אנדערע עטלעכע גובערניעס, און אזוי ווייטער.

דער פּעסלדיקער פארשוין איז געווען דער בוכפירער, וואָס די רעגירונג האָט באצייטנס באשטימט אהער, כדי ער זאָל צייט האָבן אויסשטודירן די פילע, ווי אידישער גלות לאנגע ביכער, וואָס ער וועט דארפן פירן, און אזוי־ווי ער פארשטייט, נעבעך, אין די בי־

כער, ווי א האָן אין בני־אָדם, וואָלט ער וועלן איך זאָל אים אביסל צולערנען.

מילא, מיינע געשעפטן זענען אלע איינגעאָרדנט אויפן בעסטן אופן, דער קאָפּ איז ביי מיר רואיק, טאָ פאַרוואָס זאָל איך אביסל ניט צוקנעלן מיט דער פוסטער פעסעלע?

אויסגעגלייכט זיך אין פּרייז — האָב איך נאָך דעם ועלבן טאָג געהאט דעם פאַרגעניגן פאַרטיפן זיך אין די צעעפנטע ביכער, פאַר וועלכע מען האָט געמוזט מאכן א ספּעציעלן לאנגן טיש. איך האָב געעצהט מיין תלמיד, אז ער זאָל ברענגען זיין וועלאָסיפּעד, כדי באַקוועמער ארומפאָרן פון איין עק בוך צום צווייטן עק, ווייל צו־פוס איז עס א מהלך און נעמט פיל צייט.

קיין גאָר גרויסע פּעולה האָט מיין תלמיד ביי מיר ניט געהאט. ביי די לעקציעס פלעגט ער זיך שטארק לאנגווײלן, און פלעגט זיך אלץ בעטן: נו, זאָל שוין זיין געגוג, מאיסעי לאזארעוויטש.

איך פלעג אים טאָן די טובה און צומאכן די ביכער; אז א מענטש שטארבט פון אומעט דארף מען דאָך אויף אים רחמנות האָבן.

ביי־וויינען אונזערע לעקציעס פלעגט אָפט דער פאַרוואַלטער פון דעם בראנפן־דעפּאָזיט, וועלכער האָט דערווייל נאָך ניט געהאט מיט וואָס צו פאַרוואַלטן. דאָס איז געווען א מאַן פון א יאָר פערציק — הויך און דאַר, ווי א ברעט. א מענטש מיט העכערער ביל־דונג, — ער האָט געענדיקט א היסטאָריש־פילאָלאָגישן פאַקולטעט — איז ער אָבער היפּש געזונקען, א דאנק זיין דינסט אין אַקציז־פאַרוואַלטונג: דער ביטערער טראָפּן און די שיכורע סביבה האָבן געמאכט א תל פון דעם מענטשן.

ער האָט עס געוווּסט און, ווי די געוווינהייט פון דעם רוסישן אינטעליגענט, פלעגט ער אָפט אריינפאלן אין א זעלבסט־מוסר שטימונג.

— ווייסט איר דען, וואָס דאָ טוט זיך ביי מיר? — פלעגט ער דאַן פרעגן, קלאַפּנדיק זיך איבערן ברוסט־קאַסטן, איר פאַר־שטייט — א מענטש גייט צום גרונט, א מענטש, וואָס האָט געהאט אידעאַלן, שטרעבונגען און אזוי ווייטער, לאָזט זיך אראָפּ אלץ ני־דעריקער און ווערט א שמאטע, א שמאטע אין בראנפן דורכגעווייקט...

א פאדליעץ בין איך!... עד, וואס איז דא צו ריידן!... און מיין ני־נאטשקע, און די קינדערלעך — איך פארפינצטער זיי דאס לעבן... זי איז דאך א באגאבטע פיאניסטן, און וואס האב איך געמאכט פון איר?!... נו, גענוג, קומט לאמיר אויסטרינקען...

נאך א דריטער טיפ פלעגט אמאל אריינקומען און מיט נא־משאלסטוועגע אויגן באטראכטן אלץ ארום זיך.

דאס איז געווען דער נאטשאלניק פון אקרוג — פון קרייז, אין וועלכן עס האט זיך גערעכנט אויך דער פלינציער סקלאד. געוווינט האט ער אין אויעזד, ווו זיין קאנצעלאריע האט זיך געפונען. צו אונז פלעגט ער אנפארן פון צייט צו צייט קאנטראלירן די צוגריי־טונגס־ארבעט.

א מיטל־יאריקער מאן, הויך און סטראמנע, ווי א פאלמע, מיט א שטרייגן אבער ניט קיין בייזן קוק, האט ער זיך דערשלאגן צו זיין הויכן פאסטן טריט נאך טריט, נאר אדאנק זיין ארבעטזאמקייט און שטרייגנער ניכטערקייט — ער האט דעם ביטערן טראפן אין מויל ניט גענומען.

ער פלעגט מיך פרעגן ווי עס גייען ביי מיר די לעקציעס מיט דעם פעטעלע, און איך פלעג אים דערציילן דעם אמת, אז — כוואס־מאט נעטשעם — ניטא מיט וואס צו בארימען זיך.

— אט אזוי זענען זיי דארט אין גובערניע, פלעגט ער א זאג טאן אויף דעם, שיקן צו מענטשן וואס טויגן ניט א קאץ אן עק צו־פארבינדן, און ווילן אז די ארבעט זאל אויסגעפילט ווערן גוט און שנעל. דער ערשטער יאנואר איז „אויפן נאז", און איך האב שטארק מורא, אז מיר וועלן מיט דעם „דיקענקן" ווייט ניט איינפארן.

אזוי ווי די הארץ האט אים געזאגט. דעם לעצטן טאג פון דע־צעמבער האב איך דעם לעצטן מאל אונטערריכטעט מיין אומבאהאל־פענעם תלמיד. נאכאמאל און ווידער אמאל „געפארן" מיט אים איבער דער לייִנג און ברייט פון די אומענדלעכע ביכער, געטייטלט מיטן פינגער. אט דא ווערט פארשריבן דער אריינקום פון דעם „וויין", כל עוף למינהו — גרויסע, מיטעלע, קליינע „זשוליקעס". דא — דער ארויסגאנג, ווידער אזוי. דא — וואס עס איז צובראכן און פארלארן געגאנגען, און דא — וואס עס בלייבט איבער אויפן צווייטן טאג.

ניט גאָט וויס, וואָס פאַר א תורה, און דאָך פלעגט מיין תלמיד סאָ־פען און פירקען, ווי א פאַראָוואָז, און שטענדיק מאַכן עס מיט די פיס ארויף און מיטן קאָפּ אראָפּ.

איך האָב זיך אָפּגעזעגנט, געוווּנטשן באַגעגענען דאָס ניי־יאָר פריילעך און לוסטיק, און האָב שוין געמאַכט פּלענער אין איינציקע טעג ארום פאַרענדיקן מיט די אַנדערע לעקציעס, וואָס איך האָב גע־האַט אין שטאָט, און — גוד־ביי קלינצי!

דעם ניי־יאָר טאָג איז קלינצי געווען שיכור, ווי לוט. גאַנצע באַפּטעם ארבעטער פון די טוך־פאַבריקן האָבן פאַרהילכט די גאַכן מיט זייער שיכורן געזאַנג און ווילדע געשרייען. אויפן צווייטן טאָג האָבן די פאַבריקן ניט געאַרבעט, — עס איז קיינער כמעט נישט געקומען צו דער ארבעט. דעם דריטן יאַנואַר איז אַלץ געוואָרן נאָר־מאַל, און איך האָב געהאָפּט, אַז מיין „פּעסעלע“ האָט זיך אויך ווי ניט איז אריינגעפּאַסט אין זיין ארבעט. מיין האָפענונג איז אָבער ניט מקוים געוואָרן.

מיטאָג־צייט איז געקומען אַן עסטאַפעט מיט א צעטעלע פון דעם פאַרוואַלטער, אַז איך זאָל באַלד צוקומען אַהין.

איך האָב געפונען דעם סקלאַד אין פולער ארבעט. די צוגים־מאַ־שינען האָבן שנעל אָנגעפּילט די פלעשער פון פאַרשידענער גרויס. די אַרבעטער פלעגן פלינק צוכאַפּן די אָנגעפּילטע פלעשער און אונ־טערשטעלן לײדיקע. אין א צווייטן צימער האָט מען די פלעשער פאַרקאָרקעוועט און אין א דריטן — פאַרגאָסן די קעפּלעך מיט סמאָל־קע און געשטעמפּלט. די ארבעט האָט געברענט.

אין קאַנטאָר איז מיין עקס־תלמיד — רויט ווי א בוריק, מיט די הענט אויף די קני, געזעסן אַן אומבאַהאָלפענער און שווער געאָטעמט.

— אָט וואָס, מיין פריינט, — האָט זיך דער פאַרוואַלטער גע־ווענדעט צו מיר, — ווי איר זעט, איז די ארבעט אין פולן גאַנג. עס קומען אריין הונדערטער קאַסטנס מיט „וויין“ און ווערן גלייך צור־שיקט אין די „וויין“־קלייטן. פון דאָרטן האָט שוין אָנגעהויבן אריינ־קומען די ליידיקע „פּאַסודע“. דריי קאָלעקטאָרן — „סבאָרשטשיקעס“ זענען שוין ארויסגעפאָרן איבערן ראַיאָן זאַמלען דאָס געלט ביי די פאַרקויפערס. דאָס אַלץ מוז פּינקטלעך פאַרשריבן ווערן, און

פיאדאר סטעפאנאָוויטש — דער נאָמען פון דעם „פעסעלע״ — הייבט ניט אָן צו וויסן, ווי מען נעמט זיך דערפאר. איך בין דאָך פאראנטוואָרטלעך פאר אלץ, איר פארשטייט? — טאָ העלפט זשע מיר, מיין טייערער, ארויסקריכן פון דער בלאָטע. שרייבן אין גו־בערניע וועגן דעם קען איך ניט, מען וועט זאָגן, אז איך בין א קליאַוזניק, אָדער מען וועט מיר צושיקן נאָך אן ערגערן שלאַק. בלייבט ביי אינז ארבעטן. מירן אויסכלאפאטשען א ספעציעלע דער־לויבעניש אָנשטעלן אייך ווי א פיסמאָוואָדיטעל — אויף א העכערן פאָסטן וועט מען אייך, ווי א אידן, געוויס ניט דערלויבן — און מיר וועלן אייך פון אונזערע קעשענעס דערלייגן ביז דעם געהאַלט, וואָס מיר וועלן מיט אייך מושוה ווערן. — אזוי ווי ארבעט איז דאָ גענוג, וועט פיאדאר סטעפאנאוויטש זיין אייער געהילף. שטימט איין, גאָלובטשיק, איך בעט אייך.

איך האָב איינגעשטימט. מיר זענען דורכגעקומען מיטן פרייז, און איך האָב זיך גלייך געזעצט ארבעטן.

פון גובערניע איז שנעל אָנגעקומען א ספעציעלע דערלויבעניש מיך אָנצושטעלן אויף דעם „הויכן פאָסטן״ פון א „פיסמאָוואדיטעל״. דאָ האָט צוגעלייגט א האנט דער אָקרוזשנאָי נאטשאלניק — איוואן ניקאָלאַיעוויטש, און דערפאר איז די זאך אזוי שנעל דערליידיקט געוואָרן. די ארבעט איז אוועק ווי געשמירט. אלע זענען צופרידן; גע־ווען, און פיאדאר סטעפאנאוויטש — מיין לאקירטע פעסעלע — האָט זיך געשמאָלצן פון נחת.

דער אקרוזשנאָי נאטשאלניק פלעגט אָפט אָנפאָרן קאָנטראָלירן די ארבעט אין אונזער סקלאד, און מיר זענען מיט אים זייער באַ־פריינדעט געוואָרן.

איינמאָל, דאָס איז געווען אומגעפער זעקס חדשים נאָכדעם ווי איך האָב באַקומען מיין פיסמאָוואדיטעלסקן „טשין״, אין א געשפּרעך מיט איוואן ניקאָלאַיעוויטשן, האָט ער זיך פלוצלונג געווענדט צו מיר מיט אזא רעפּליק:

— מאָיסעי לאזארעוויטש, איך זאָג אייך אָפן, אז איר זייט מיר סימפּאַטיש דערפאר, וואָס איר טוט ערליך אייער אַרבעט און מיר האָבן אין דעם הינזיכט קיינע שוועריקייטן ניט. געוויס וואָלט איך

נים געוואָלט שיידן זיך מיט אייך, אָבער וואָס פאר א תכלית איז עס פאר אייך בלייבן דאָ אין דעם העק? — הערט־זשע וואָס מיר איז ארויף אויפן געדאַנק. פון דעם קומענדן ניי־יאָר פירט מען־איין דעם מאָנאָפּאָל אין אייער מינסקער גובערניע. דער סעקרעטאר פון דעם אקציז־פארוואלטער פון מינסקער גובערניע איז מיינער א בווים־פריינט, און איך ווייס פון זיינע בריוו צו מיר, אז זיי וואָלטן גערן געהאט א מאן, וואָס איז שוין פראקטיש באקאנט מיט דער מאָנאָ־פּאָל־בוכפירונג. דאָ ווען מיר זיך ווי עס איז מאטערן מיט פיאדאר סטעפאנאָוויטשן. איר זייט דאָרטן נייטיקער. היינט גיי איך שרייבן מיין פריינט וועגן אייך.

מיט א צוויי וואָכן שפּעטער איז איוואן ניקאָלאיעוויטש ווי־דער געווען ביי אונז און האָט מיר געציינט א בריוו פון זיין פריינט, אין וועלכן ער לאָזט אים ווסן, אז ער האָט „דערלייגט" זיין פרעוואָס־כאדיטעלסטווא וועגן מיר. און אז יענער האָט גנעדיק איינגעשטימט איך זאָל דערלאנגען אן אָפיציעלע ביטע אויף דעם פּאָסטן פון גו־בערנסקן מאָנאָפּאָל־בוכפירער.

די ביטע איז דעם זעלבן טאָג אָנגעשריבן און אָפּגעשיקט גע־וואָרן אויפן געהעריקן אדרעס.

עס איז אריבער מער ווי א חודש, און קיין ענטפער אויף מיין ביטע איז נים געקומען.

נים ווייט זענען שוין געווען די ימים טובים, און איך האָב באשלאָסן פאָרן אויף סכות אהיים.

איוואן ניקאָלאיעוויטש האָט מיר געעצהט איך זאָל צופאָרן קיין מינסק און פערזענלעך ערקונדיקן זיך דעם רעזולטאט פון מיין ביטע. ער האָט מיר אויך געגעבן א בריוו צו זיין פריינט און גע־בעטן אז, יענער זאָל מיך פאָרשטעלן פאר זיין פרעוואסכאדיטעלסט־ווא.

חול המועד סכות בין איך צוגעפאָרן קיין מינסק, באזוכט די קאָלאָסאלע געביידע פון דער גובערנסקער אקציז־פארוואלטונג און איבערגעגעבן דעם סעקרעטאר איוואן ניקאָלאיעוויטשעס בריוו. ער האָט מיך געבעטן צוווארטן א ווײלע, און אליין איז ער ער־

געץ פארשוואונדן. אין א פאר מינוט ארום איז ער ארויסגעקומען פון עפעס א טיר און האט מיר א ווונק־געטאן איך זאל אים נאכגיין.

ער האט מיך אריינגעפירט אין א קאלאסאלן, רייך מעבלירטן קאבינעט. ביי א גרויסן שרייב־טיש איז איינגעהויקערט געזעסן אן אלטער, אויסגעדארטער מאן, מיט גרויע באקענבארדן. זיינע וואסערדיקע פארנעפלטע אויגן האבן מיך דורכגענומען מיט א שטרייכנדיקן בליק.

— אט דאס איז דער מאן, אייער פרעוואסכאדיטעלסטווא, וועגן וועלכן איך האב געהאט די עהרע אייך צו „דערלייגן“ — האט דער סעקרעטאר ראפארטירט, און האט זיך געשטעלט אויסגעצויגן אן א זייט.

איך האב זיך פארנייגט און צוגעגאנגען נעענטער צום שרייב־טיש.

ער האט מיר ווידער־אמאל באטראכט פון קאפ ביז די פיס. אויף מיין באגריסונג האט ער נישט געענטפערט.

א היפשע ווײַלע האבן מיר געקוקט איינער אויפן צווייטן.

— איז אט וואס, יונגערמאן, — האב איך מיט־אמאל דערהערט א קוויטשיקן כמעט קינדערשן קולכל — מיר האבן וועגן אייך גוטע אינפארמאציעס און מיר זענען גרייט אייך אנצושטעלן אויף דעם פאסטן, וואס איר בעט, נאר מיט דעם באדינג — איר זאלט „צונעמען“ פראוואסלאוויע.

— ניין, אייער פרעוואסכאדיטעלסטווא, — האב איך פעסט געענטפערט — דאס וועל איך קיינמאל ניט טאן! — און בין אן א „זיי־געזונט“ ארויס פון קאבינעט.

דער סעקרעטאר איז ארויס נאך מיר:

— וואס טוט זיך מיט אייך, יונגערמאן, אזעלכע גליקן טרעפן נאר איינמאל אין לעבן — געלט, טשינען און אן אפענער וועג צו א גרויסער קאריערע, און איר ווארפט זיך דערמיט... איוואן ניקאלאיעוויטש האט מיר געשריבן, אז איר זענט ניט קיין נארישער מענטש, היינט ווי קומט עס, וואס איר טוט איצט אפ אזא קאלאסאלע נארישקייט?...

— אנטשולדיקט, מיין פריינט, — האב איך אים פארביטערט,

מיט טרערן פון באַליידיקונג אין די אויגן געענטפערט — איך האַנ־דעל ניט מיט מיין געוויסן און קען דערפאַר ניט אָפּשאַצן, וואָס איך וואָלט פאַר אים באַקומען, ווען איך פאַרקויף אים... איך דאַנק אייך פאַר אייער באַמיאונג. צום ווידערזען!...

ער האָט מיר אויסגעשטרעקט זיין האַנט, און ווען איך האָב אים מיינע געגעבן, האָב איך געפילט, ווי ער האָט זי מיר שטאַרק געדריקט...

ווי אַזוי איך בין געקומען אַהיים צו מיין פרוים פעטער, וואָס האָט געוווינט אין מינסק און צו ווען איך בין פאַרפאַרן, געדיינק איך ניט. איך געדיינק נאָר, אַז אַריינקומענדיק אין שטוב, האָב איך זיך א וואָרף געטאָן אויפן דיוואַן און צוכליפעט זיך ווי א קליין קינד.

פון מיר האָט אַרויסגעוויינט דער ווייטאָק און באַליידיקונג פון דורות און מיר איז זייער שווער געווען צו באַרואיקן זיך.

איך האָב באַשלאָסן ניט אומצוקערן זיך קיין קלינצי — זאָלן זיי זיך זוכן פראַוואַסלאַוונע אַרויסהעלפער. נאָך סכות בין איך אוועקגעפאָרן קיין כאַרקאָוו.

דאָרטן האָב איך זיך אַריינגעוואָרפן אין דעם פרישן שטראָם, וואָס האָט מיך שטענדיק אַזוי געלאָקט. אָבער די פראַגע — מה נאכל? — האָט מיר ניט געגעבן קיין רו, און איך האָב געמוזט זוכן אַרבעט.

דאָס מאָל האָט מיך מיין שיקזאַל פאַרשלעפּט קיין יוזאָווקע, יעקאַטערינאָסלאַווער גובערניע, דער צענטער פון דער שטיין־קוילן אינ־דוסטריע. מיין באַלעבאָס — א מיטל־יאַריקער קריסט האָט דאָרט געהאַט ניט קיין גרויסן פאַראָוון מיל און א פאַרם — א צענדליק וויאָרסט הינטערן שטאָט, וו ער האָט געהאָדעוועט חזרים פאַר זיין וווּרשט־פאַבריק.

יוזאָווקע, וואָס הייסט היינט סטאַלינאָ און וואָס איז, ווען איך שרייב די שורות, אין די פאַרבלוטיקטע, נאַצישע לאַפּעס, איז דאַן געווען א קליין שטעטל אויסגעצויגן מיט עטלעכע גאַסן ניט ווייט פון דעם גיגאַנטישן זאַוואָד פון אייזן און שטאָל גיסעריי.

וואָס איז געגרינדעט געוואָרן פון דעם ענגלענדער יוז, וועמענס נאָמען דאָס שטעטעלע טראָגט.

אין זאוואד, וואָס איז געווען א שטאָט פאר זיך, האָבן גע־ארבעט איבער צען טויזנט ארבעטער און דאָ איז געווען א גרויסער פעלד פאר רעוואָלוציאָנערער באפרייאונגס־ארבעט.

לעצטנס אָבער, אונטערן דרוק פון דער מינסקער געשיכטע, וואָס האָט מיך אזוי צוטרייסלט, האָב איך אָנגעפאנגען צוקוקן זיך צו דער נאציאָנאַלער באוועגונג אויף דער אידישער גאס און אלץ מער פאראינטערעסירן זיך מיט איר. דער ציוניזם, וואָס איז דאַן געווען אין ברען און שוווּנג פון זיינע יונגע כוחות, האָט געפאנגען מיין פאנטאזיע, און מיר האָט זיך געדאכט, אז דער איינציקער וועג צו לייזן דאָס שמערצלעכע, אָנגעווייטאָקטע אידישע פּראָבלעם איז — א אידישע מלוכה אין דעם אלטן לאנד פון אידישע גלות־חלומות.

פארשטארקט מיך אין דעם געדאנק האָט דער פארשטאָרבענער מנחם מענדל אוסישקין, וועלכער איז געקומען קיין יוזאווקע אין די אינטערעסן פון פּראָפּאגאנדע פארן ציוניזם.

אוסישקין האָט דאַן געוווינט אין יעקאטערינאסלאוו און פלעגט אָפט באזוכן די נאָענטע יוזאווקע.

מייע פּריוואטע פערזענלעכע געשפּרעכן מיט אים און זיינע עפנטלעכע ארויסטרעטונגען האָבן געהאט אויף מיר א קאָלאָסא־לע ווירקונג און האָבן מיך באקערט צום ציוניזם.

איך האָב זיך אריינגעוואָרפן אין דער ארבעט מיט דער גאנ־צער ענערגיע פון מיין יונגן וועזן, און האָב זיך אויסגעלעבט אין דעם שטענדיקן הו־הא פון פארטייאישער טעטיקייט.

העכער דריי יאָר האָב איך פארבראכט אין יוזאווקע און טע־טיק געווען אין דער ציוניסטישער באוועגונג. פאר דער צייט האָב איך זיך אינטים באפריינדעט מיט אייניקע אידישע פאמיליעס, מיט וועלכע איך בין געקומען אין בארירונג אין גאנג פון מיין פארטיי־ארבעט.

איך דערמאָן מיך איצט דעם פארטיי־אזארט, וואָס איז דאַן

אויפגעגאַנגען אין יעדן פון אונזערע יונגע ציוניסטישע טוער. אפילו אויף מיינע וויזיט־קאַרטן איז געשטאַנען:

„אם אשכחך ירושלים תשכח ימיני" און אין מיטן — א מגן דוד מיט א צאַצקעוואַטן „ציון". — צו די ברענענדע דיסקוסיעס אין די חברשע קרייזן איז גאָר קיין עק ניט געווען. היינט די פייערדיקע רעדעס אויף די פאַרזאַמלונגען, די פּאַטעטישע אויסרופן, די ראָמאַנטישע ליבעס־דערקלערונגען צו דער פאַרוויסטער בת־ציון. וואָס וואַרט על בעל נעוריה — ער זאָל זי באַכפּרופּערן און באַלעבן, דאָס אַלעס האָט אונז פאַרכאַפּט און אַוועקגעטראָגן אין פאַנטאַסטישע וועלטן... מיר האָבן אין גאַנצן פאַרגעסן, אַז ארץ ישראל געפינט זיך דערווייל ביים טערק אין די הענט, און אַז דער קלענסטער קאַפּריז פון דעם האַלב־משוגענעם אבדול־האמיד אָדער פון זיין גרויס־וויזיר קען אין איין מאָמענט מאַכן א תל פון אונזערע שיינע חלומות.

דערווייל זענען די יאָרן געגאַנגען זייער וועג און מיט זיי איי אויך לאַנגזאַם אַוועק די ברווזנדע, ווי לאַווע קאָכנדע, יוגנט.

אין אָנהויב ניינצן הונדערט דריי האָב איך באַשלאָסן פאַרלאָזן יוזאָווקע. דערצו זענען געווען היפּש אורזאַכן פון פאַמיליען כאַראַקטער...

מיך האָט געלאָקט דאָס צוויבער־לאַנד, וואָס ליגט אויסגעצויגן פאַזע די פאַרכשופטע קאַווקאַזער בערג, איבער וועלכע לערמאָנטאָווס דעמאָן שפּרייט זענען פליגלען און שליידערט דער מענטשהייט אין פנים אריין:

— פאַרשאָלטענע וועלט, פאַראַכטעטע וועלט!... און איך האָב באַשלאָסן פאָרן קיין באַקו.

די ווייטקייט וואָס שפּרייט זיך צווישן באַקו און יוזאָווקע, האָט מיך ניט אָפּגעשראָקן. עס האָט אפילו א בליץ־געטאָן א געדאַנק וועגן „פּראַוואַזשיטעלסטווא", און אויך וועגן ארבעט — צי וועל איך עס קענען אַזוי שנעל געפינען, נאָר איך האָב די געדאַנקען גע־טריבן, ווי זלידנע פליגן — דאָרט וועל איך שוין זען...

די דאָנער סטעפּעס, וואָס די ווילדע אַריער־בעסטיעס האָבן איצט צוטראָטן און מיט בלוט פאַרפּלייצט, זענען דאַן געלעגן זאַ־

טע און פרידלעכע, אויף הונדערטער מיילן צושפרייט איבער די ווייט-ווייטע, ווי א טיש גלאטע, האָריזאָנטן. קיין בארג, קיין טאָל. אויף וויפל דאָס אויג כאפט — אומענדלעכע פעלדער מיט שניי באדעקט. ווו ניט ווו — גרויסע איינגעפונדעוועטע סטאניצעס, וואָס דערציילן פון א זאטן, רואיקן לעבן.

אריבערגעשפריזט אין ראסטאוו דעם שטילן דאָן, האָט זיך מיין צוג ארייננעשניטן אין די קובאנער סטעפעס, וואָס זענען באַרימט מיט זייער וואונדערבארן ווייץ. קובאן — דאָס איז שוין פאָדערשטער קאווקאז, און אויב קאווקאז, דארפן דאָך זיין בערג. דאָס אויג האָט אָבער געבלאָנדזשעט איבער די רחבותדיקע ווייטן און, ווי נחס טויב, ניט געפונען קיין אָנהאלט אין עפעס א הויכקייט, וואָס זאָל זיך ארויסהויבן פון די פלאכע אומענדלעכקייטן.

א גאנצן טאָג האָט זיך דער צוג געטראָגן איבער די מאָנאָטאָנע פעלדער, וואָס האָבן אונטער דער ווארעמער שניי-דעקע געקליבן פרישע כוחות פארן קומענדן שאפן.

דער אין הארבסט פארזייטער ווייץ, וואָס האָט דאָן ארויסגעשפראָצט מיט טונקל-גרינע גרעזעלעך, האָט זיך איינגערעקט איבערן קאָפּ מיט זיין ווייסער קאָלדרע, און שלאָפט, און ווארט אויף די פרילינג-שטראלן פון דער גוטער מאמען, וואָס וועלן אים אָפּרעקן, דערווארעמען און אויפוועקן צו א גרינעם, טעטיקן לעבן.

שוין נאָך זון-אונטערגאנג האָט מיר מיינער א שכן אין וואגאָן אָנגעוויזן אויף עפעס טומאנגע פלעקן אויפן ווייטן האָריזאָנט:

— דאָס זענען די ערשטע רינגען פון דער קאווקאזער בערג-קייט. ביז דאָרטן איז אָבער נאָך א גרויסער מהלך. מאָרגן פרי וועלן מיר שוין זיין גאָר נאָענט לעם זיי.

געבאָרן, אויסגעוואקסן און באוועגט זיך נאָר איבער פלאַך-לאנד, האָט מיך געצויגן זען דעם וואונדער פון הויכע בערג און טיפע טאָלן. איך האָב א גאנצע נאכט מיט קיין אויג ניט צוגעמאכט. ווען עס איז טאָג געוואָרן בין איך אויפגעשפרונגען פון מיין הארטן גע־לעגער און ארויסגעקוקט פון פענצטער רעכטס. די פאנאָראמע, וואָס האָט זיך באוויזן פאר מיר, האָט מיך באצויבערט. און איך האָב שוין נישט געקענט אָפּרייסן די אויגן פון איר.

דער צוג אז געלאָפן פארביי הויכע בערג, וואָס האָבן זיך מיט זייערע שפּיצן ארייננעשניטן אין הימל און פארשטעלט דעם האָ־ריזאָנט. פון אויבן ביז אראָפּ כמעט זענען די בערג באדעקט מיט שניי, אָבער אין די גאָר טיפע טאָלן, וואָס באווייזן זיך, פארשווינדן און טויכן ווידער אויף, גרינט און בליט דער פרילינג פון דעם וואַ־רעמן, מילדן דרום.

ווייט אין הינטערגרונט פון דעם כאאָס פון בערג־שפּיצן שטייט פארגליווערט דער אויף אייביק איינגעשלאָפענער קאזבעק.

ער הויבט זיך מיט זיין קאָלאָסאלער מאסע העט־העכער אי־בער די העכסטע שפּיצן, און בליצט מיט זיין ווייסן, מיט בריליאנטן באשאָטענעם, קאָפּ קעגן די שטראַלן פון דער אויפגייענדער זון.

גאָר־גאָר ווייט, פארלאָרן כמעט אין דער געדיכטער טשערעדע פון גרויסע, גרעסערע און קלענערע בערג, מיניעט מאיעסטעטיש דער גיגאנט עלברוס.

ער שניידט־דורך מיט זיין שפּיץ א ווייסן, פארגליווערטן וואָלקן, וואָס האָט אים ארומגענומען ווי מיט א גארטל, און איבער־געשניטן אויף צוויי — דער אונטערשטער טייל דריקט שווער אויף דער מחנה פיגמייען, וואָס רינגלען אים ארום, און דער קאָפּ שוועבט אין די הימלען, חברט זיך מיט דער זון און וויל ניט וויסן, וואָס עס טוט זיך דאָרטן אונטן...

דער צוג לויפט און איך שטיי ביים פענצטער א פארכשופטער און קען ניט אויפכאפּן אין גאנצן דאָס פאנטאסטישע שיינקייט און דעם גראנדיעזן צויבער פון דער פארשטיינערטער, צום הימל שטרע־בענדער וועלט.

מיט א געדודער לויפט דער צוג אריבער די אייזערנע בריק איבערן טערעק. דער געדודער פארטויבט אויף א קורצער ווייל דעם גערויש פון דעם ווילדן טייך, אָבער ווי נאָר דער צוג כאפּט זיך אריבער די בריק, ווערט די לופט פול מיט אים.

דער טייך פאַרמירט זיך פון די צוזאַנגעגנע שנייען ערגעץ צופוס־טענס פון דעם מעכטיקן קאזבעק, וואָס נידעריקער ער קומט, דריי־ענדיק זיך, ווי א שלאַנג, צווישן בערג, און אראָפּפאלנדיק מיט א רעש אין די טיפע אָפּגרונטן, אלץ שטארקער ווערט זיין אימפּעט,

אלע הילכיקער זיין דראנג צום קאספי. אין וועלכן ער גיסט אריין זיינע מוטנע וואסערן.

זיין געשליינגלטער וועג איז אויסגעבעט מיט שטיינער, וועל־כע ער אליין ברענגט פון די בערג, און איבער וועלכע ער שפרינגט אריבער מיט א בייזן געפילדער.

אָט איז די באן־סטאנציע בעסלאן, וואָס געפינט זיך אין רעכטן האַרץ פון די קעגן דער זון גליענדע, שטריינגע בערג.

עס דרייען זיך ארום עטלעכע טשערקעסן אויף דער פּלאטפאָר־מע. הויכע, ווי סאָסנעס גלייכע, אין זייערע טשערקעסקעס מיט פיילן אריינגעשטעקטע אין ביינערנע נעסטן פון ביידע זייטן ברוסט. מיט הויכע גרויע אָדער ברוינע קוטשמעס פון געקרייזלטע, יונגע שעפסן־פעלכלעך, מיט ווילדע בליקן פון שווארצע, ביסטרע אויגן, הארמאָניזירן זיי וואונדערבאר מיט דעם גאנצן ארום, און מאכן מיך פילן מיט אלע חושים, אז איך בין אין די בערג פון קאווקאז.

איך זוך אין זיי די העלדישקייט, וואָס איז אזוי קינסטלעריש געמאָלן פון פושקין און לערמאנטאוו. די צוויי גרעסטע רוסישע דיכ־טער, וואָס זענען ביידע אזוי יונג פארשניטן געוואָרן, און געפין עס נים. די פּאָר „העלדן״ האָבן זיך אראָפּגעלאָזן פון זייערע אאולן, וואָס שטעקן ווי אָדלער־נעסטן אין די ווילדסטע העקן פון די ווילדע בערג, כדי צו כאפּן עפּעס א פארדינסטל, ניט שטענדיק א כשרן, אָדער פּראָסט צושלעפּן עפּעס, וואָס ליגט שלעכט... די „ציוויליר־זאציע״ האָט זיי אָנגערירט מיט אירע פליגלען, און זייער העלדיש־קייט איז פארבליבן נאָר אין די שיינע פּאָעמען פון די רוסישע פּאָעטן.

אָט איז גראָזני, דער ווידערשטאנד־צענטר פון די בערג־שבטים, קעגן וועלכע די רוסישע צארן האָבן זיך זעכציק יאָר געראנגלט, ביז וואנען זיי האָבן זיי איינגעבראָכן, און דאָס אויך דורך פארראַט.

גראָזני האָט רייכע נאַפט־קוואלן, וואָס ווערן אינטענסיוו באַ־ארבעט. דער איינציקער שטער צו זייער נאָך גרעסערער און טיי־פערער אנטוויקלונג איז דאָס, וואָס גראָזנער נאַפט אנטהאלט אין

זיך א סך פאראפין און פון אים איז שווער ארויסצובאקומען די לייכטע גאזאָלין־פּראָדוקטן און אויך די איידעלע שמיר־אווילן.

ווי אין א חלום לויפט דאָס אלץ פאר מיינע אויגן. עס איז אלץ אזוי ניי, אזוי וואונדערבאַר־שיין!...

און אָט גיט זיך דער צוג שאַרף א קירעווע צו מזרח און איך דערזע א טונקל־גרינעם, אומענדלעכן פעלד, וואָס ציט זיך ביזן האָ־ריזאָנט, און איבער וועלכן עס לויפן סטראָינע רייען ווייסע באַ־ראשקעלעך. זיי יאָגן איינע די אנדערע און פארשווינדן אין דער העל־בלויער ווייטקייט.

— דער קאספּישער ים, רופט אוים מיין שכן, מיר דערנענ־טערן זיך צו פּעטראָוואָסק.

דער ים!... צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן זע איך אים... גאָט אין הימל, ווי שיין דיין וועלט איז!...

איך קוק אויף צוריק. די שווייגנדע שטיינערנע גיגאנטן האָבן זיך אביסל אָפּגערוקט, אָט ווי זיי וואָלטן מיט רעספּעקט מאכן פּלאַץ פאר דעם וואסער־גיגאנט, וואָס האָט זיך אזוי לאנג און ברייט צושפּרייט אין טאָל.

זה הים גדול ורחב הידים דערמאָן איך זיך פון „ברכי נפשי״, און שלינג מיט די אויגן און זאפּ־איין אין זיך די פרישע גרינקייט וואָס טראָגט זיך מיר אנטקעגן...

דער צוג פארלאנגזאמט זיין לויף. אָט איז פּעטראָווסקער פּאָרט.

א פּאָר אלטע פאראכאָדן רייכערן מיט זייערע אָפּגעבלאקעווע־טע קוימענס. דאָס וואסער איז שמוציק, פול מיט נאפט־פלעקן. עס שווימען ארום אין אים און שלאָגן זיך־אָן אָן דער הילצערנער וואנט פון ברעג — שטיקלעך האָלץ, א פעסל אָן א דעק, אן אלטע שטרויענע הוט, א געפּגרטע קאַץ... עס איז די „ציוויליזאציע״, מען קען גאָרניט מאכן...

אויפן באן־סטאנציע אין פּעטראָווסק איז טומלדיק. איניקע פּאסאזשירן גייען דאָ אראָפּ, אָבער א סך מער זעצן זיך אויף.

אנטקעגן מיר זעצט זיך אן עלטערער מאן אינגאנצן גרוי. איך קוק זיך־צו צו אים און ער זעט מיר אוים אזוי נאָענט, אזוי באַ־קאנט... און מיט אמאָל גיט מיר א בליץ אין מח — גאָט מיינער,

דאָס איז דאָך מיין פריינט דער בראקער, מיין זינג־פייגעלעס פאַר־מער!...

ער דערקענט מיך ניט. איך ווארף זיך צו אים און כאַפּ אים ארום:

— וואָס מאכט איר, מיין ליבער, אלטער פריינט, און וואָס מאכט אייער ליבע טאָכטער —

ער דערקענט מיין שטים און דריקט מיך צו זיך:

— איך לעב, ווי דו זעסט, און מיין טאָכטער... מיין טאָכטער שלאָפט איר אייביקן שלאָף אין די סיבירער שנייען... זי האָט ניט געקענט פארטראָגן דעם עלנט און שווערן לעבן אין דעם פאַרוואָר־פען שטעטל, וווהין מען האָט מיך פארשיקט, און איז אויסגעגאנ־גען, ווי א ליכט... אויף מיינע הענט איז זי אויסגעגאנגען... איר לעצטער וואָרט איז געווען — דיין נאָמען...

טרערן האָבן זיך באוויזן אין מיין פריינטס אויגן...

איך בין ווי פארשטיינערט געוואָרן און ניט געקענט א וואָרט ארויסריידן... א צוטומלטער האָב איך זיך צוגעזעצט לעם מיין פריינט, אַנגעשפארט דעם קאָפּ אויף די הענט און א כוואַליע ערי־נערונגען האָט פארפלייצט מיין מח.

לאנג און ברייט — אויף צענדליקער מייל — ציט זיך דער סאָסנאָווער וואלד.

די אלטע הונדערטיאָריקע כוואָיעס מיט וועלכע דער וואלד איז פול געווען האלטן אין פארשווינדן. זיי האקט אוים דער מענטש, דער אומברחמנותדיקסטער פון אלע ברואים. זייער אָרט פארנעמען די יונגע, וואָס רייסן זיך צום הימל מיט זייערע אייביק־גרינע קרוינען.

א טייך שניידט דורך דעם וואלד אין זיין גאנצן לייִנג.

אין די שטילע זומערדיקע פארנאכטן דרעמלט דער טייך אין זיינע גרינע ברעגן, און הערט זיך צו צו די זיסע טענער פון די בעסטע וואלד־זינגער. שפעטער, ווען די פולע לבנה הויבט זיך אויף הויך אויפן הימל, צושפילט ער זיך מיט אירע שטראַלן, און שלאָגט זיך איינגאנצן ארוים פון שלאָף.

די פרישע פרימאָרגנס טרעפן אים נאָך א פארשלאָפענעם, ער

דעקט זיך איבער מיט א גרויען מאנטל און וואַרט אויף דער גאָל־דענער זון, וואָס וועט אים באלד דערוואַרעמען.

אין האַרבסט ליידט ער זיך געזעגנ־אָן פון די פויגלען, קאַלטע ווינטן און איינגעגעסענע רעגנס, וואָס פאַרטונקלען זיין ליכטיקן פּנים, רודערן־אויף זיין גאַנצן וועזן און, גיבן אים ניט קיין רו.

דערפאַר אָבער רוט ער זיך גוט אויס דורך דעם לאַנגן ווינטער. איינגעדעקט איבערן קאָפּ מיט א דיקער אייז־קאָלדרע, שלאָפט ער רויק. די ווילדע זאַווערוכעס, וואָס וואָיען ווי הונגעריקע וועלף און פאַרשיטן זיין דעקע מיט הורבעס שניי, דערגרייכן ניט צו אים. ער שלאָפט מיט דער זיכערקייט, אַז דער פרילינג וועט קומען און וועט אים באפרייען פון זיין תפיסה...

אויפן רעכטן הויכן ברעג פון טייך איז געשטאַנען א וואַלד־שטי־בעל, ווו עס האָבן געוווינט מיינע פרייַנט, דער מיטל־יאָריקער וואַלד־בראַקער מיט זיין פופצן יאָריקער טאָכטער.

א גרויסע און רייכע האָלץ־קאָמפּאַניע האָט אויף מיילן אַרום געהאַקט דעם וואַלד, צוגעפירט די לאַנגע קיילעכדיקע קלעצער צום ברעג פון טייך און געבונדן זיי אין פליטן.

מיטן פולן פרילינג־וואַסער פלעגט מען די פליטן טרייבן קיין דאַנציג, ווו זיי פלעגן פאַנאַנדערגענומען און צופירט ווערן מיט די באַנען איבערן גאַנצן לאַנד.

מיין פרייַנטס אַרבעט איז געווען סאָרטירן דאָס געהילץ און אויסבראַקירן יענע קלעצער וועלכע האָבן ניט די געעריקע מאָס און קוואַליטעט.

א זאָנדערבאַרער מענטש איז געווען דער הויכער, ברייט־פּליי־ציקער, בלאָנדער פרייַנט מיינער.

אָנבאַנגענדיק מיט דעם, וואָס ער האָט מיט מיר, א זעכצן־יאָריקן בחור, זיך געחברט ווי מיט א גלייכן. שעהן נאָכאַנאַנד פלעגן מיר וואַנדערן איבערן וואַלד, ער אינמיטן, זיין טאָכטער און איך פון ביידע זייטן. זיין ליבע צו דער נאַטור איז געווען אומבאַ־גרעניצט. קיינמאָל איז ער ניט מיד געוואָרן אויסצודערציילן וועגן אירע אומאויסשעפּלעכע קוואַלן פון געטלעכער פראַכט, וווּנדערבאַ־רער האַרמאָניע און פרידן.

מיט אָפענע מיילער פלעגן מיר שלינגען זיינע דיכטערישע שיל־דערונגען פון דעם לעבן פון גראָז און בוים, טייך און לאָנקע, פעלד און וואלד. די נאַטור פלעגט דאַן אויפלעבן און רעדן צו אונז אייף טויזנטער לשונות.

אָפט פלעגט ער אונז דערציילן פון דעם אומענדלעכן אוני־ווערס, פון די מיליאַרדן זונען, וואָס באַלעבן אומציילי לעכע ערדן, — זונען און ערדן וואָס זענען מיליאָנען מאָל גרעסער און אנטוויקל־טער ווי אונזערע זון און ערד; פון די וואַנדערנדיקע קאָמעטן, וואָס שלעפּן זיך ארום אין כלערליי ריכטונגען, און קרייצן דורך זייערע וועגן אונטער פאַרשידענע ווינקלען אין זייער זון־סיסטעם, אָדער וואַנדערן אפילו איבער פון איין זון־סיסטעם צום צווייטן, פון דעם אייביקן בונה עולמות ומחריבם, וואָס קומט פאָר אין דעם קאָסמאָס...

דער געשפּרעך פלעגט נאַטירלעך אריבערשפּרינגען צו דער משפחה פון אונזער אייגענער זון, צו אירע קינדער, וואָס באַקומען ליכט און לעבן פון זייער גוטער מאַמען.

ער פלעגט רעדן וועגן דעם בריליאַנטענעם ווענוס, וואָס באַ־צירט פּעריאָדיש אונזער מערבדיקן הימל. אין די סודותדיקע בין־השמשותן פלעגן מיר שטיין בלייבן ערגיץ אויף א ברייטערער פּאַ־ליאַנקע, מיטן פּנים צום וואונדערבאַרן פּלאַנעט, וואָס האָט געפינקלט ווי א גרויסער דימענט.

עס איז שווער געווען צו גלויבן, אז אָט אויף דעם גלענצענדן הימל־קערפּער לעבט זיך, קען זיין, זיינע לעבעדיקע ברואים גאַרניט אזוי גלענצנדע, ווייל זיין גלאַנץ און פּראַכט איז נאָר אַן אָפּשפּיגלונג פון דער מאַמעס גאָלדענע שטראַלן, דאָס קינד אליין אָבער איז נאָך נים ארויס פון די וויקעלעך...

אָדער דער גיגאַנט צווישן די פּלאַנעטן פון אונזער זון־סיסטעם פלעגט זיין די טעמע פון אונזער געשפּרעך.

ער פלעגט אונז מאָלן ווי קליין און נישטיק איז אונזער ערד קעגן דעם קאָלאָסאַלן יופּיטער, וואָס דרייט זיך איבער ארום זיך אליין — נישט קוקנדיק אויף זיין משונהדיקער גרויס — נים מער, ווי אין קאַרגע צען שעה און וואָס באַוועגט זיך אין זיין וועג ארום דער זון א סך לאַנגזאַמער, ווי אונזער ערד, און מאַכט אים דורך

אין קנאַפּע צוועלף יאָר; דאָס מיינט, אַז דער יאָר דאָרטן איז צוועלף מאָל לייִנגער, ווי אונזערער, און אַ זעקסיאָריק קינד אויפן יופּיטער איז ביי אונז אַ זיבעציק־יאָריקער זקן, וואָס קוקט שוין אין קבר אריין.

פאַרכשופטע פליגן מיר הערן זיינע שילדערונגען וועגן דעם ווינדער־פלאַנעט פון אינזער זון־מישפחה, וועגן כאַטורן מיט זיינע צוויבער־רינגען, וואָס לאָזן זיך ניט ריכטיק אויסדרינגען ווער און וואָס זיי זענען. און אַזוי אריבערשפּרינגענדיק פון איין פּלאַנעט צום צווייטן פלעגט ער צוקומען צו אונזער ערד...

ער פלעגט אונז באַשרייבן די וואָרשיינלעכע געשיכטע פון איר געבורט, אירע זייער לאַנגזאַמע פיל מיליאָנען־יאָריקע עפּאָכעס, וועלכע זי האָט דורכגעמאַכט אין איר אַנטוויקלונג, און לסוף, די עפּאָכע, וואָס זי מאַכט איצט דורך און אין וועלכער דער מענטש איז דער האַר...

און דאָ פלעגט פאַר אונזערע פאַרוווּנדערטע אויגן ערשיינען אַ פלאַם־פייערדיקער רעוואָלוציאָנער.

מיט צער און צאָרן פלעגט ער זיך צעפלאַקערן וועגן דעם מור־ראַדיקן אומרעכט וואָס הערשט אויף דער ערד; וועגן די בלוטיקע קריוודעס, וואָס די אָרעמע, שוואַכע לייִדן פון די רייכע, שטאַרקע; וועגן די וועלט־שחיטות, וואָס שפּרינגען אַרויס פון צייט צו צייט, מיט וועלכע מען זוכט צו פאַרכאַפּן אַלץ מער רייכטימער פאַר די מעכטיקע רויבער...

אונזער יונג בלוט פלעגט זיך צינדן פון זיינע ברענענדיקע רייד, און — אין אַזעלכע מאָמענטן זענען מיר גרייט געווען אָפּ־געבן אונזערע לעבנס פאַר דער לייִדנדער מענטשהייט...

מיין פריינטס טעכטערל, אַ צאַרט בלאָנד וועזן, איז זייער יונג אַ יתומה געבליבן. דער פאָטער האָט אַליין זיך אָפּגעגעבן מיט איר דערציאונג.

וואַנדערנדיק פון וואַלד צו וואַלד, זומער און ווינטער, פרי־לינג און האַרבסט — אַליין מיט זיך און מיט דער — אַמאָל בלינג־דער און פרידלעכער און אַמאָל בייזער און גלייכגילטיקער — נאַ־טור, איז דאָס קינד געוואַקסן אָט ווי דאָס בוימעלע אין וואַלד, פריי־

לינג און זומער פלעגט עם שפילן זיך אויף דער ברייטער, מיט זון פארפלייצטער לאָנקע, אויף וועלכער מיין פריינט פלעגט שטענ־דיק אויפשטעלן זיינע וואלד־הייזקעס.

דאָס קינד האָט געקענט יעדעס גרעזעלע, יעדעס בלימעלע אויף דער לאָנקע. מיט נייגעריקע אויגעלעך פלעגט עס באטראכטן דעם וואונדער פון באשאַף, — נעכטן א צוגעמאכטע, טונקעלע קנאָפּסע, און היינט, א צעעפנט, רייצנד בלימעלע, וואָס קוקט ארויס אזוי עניוות־דיק פון די גראָזן.

דאָס וואלד־בלימעלע פארשפרייט א זיסן ריח און ציט־צו דעם קליינעם קאָלירטן זשוקעלע, וואָס מען רופט — „גאָטס בהמהלע״. אָט ווי קליין אזוי געשווינד קריגט ער זיך אריין אינעווייניק אין בלי־מעלע, און מאכט זיך דאָרט גאנץ באקוועם.

אין די קוסטעס, ביים ראנד פון דער לאָנקע, זיצט א קליין פיי־געלע אין איר נעסט.

ווען דאָס פייגעלע כאפּט זיך אמאָל אראָפּ צו שטילן דעם הונ־גער מיט א פּאָר פליגעלעך, און לעשן דעם דאָרשט מיט עטלעכע טראָפּנס וואסער פון טייך, זעט דאָס קינד, אז אין נעסט ליגן צוויי קליינטשינקע אייעלעך. — דאָס פייגעלע קערט זיך שנעל אום און זעצט זיך אויף די אייעלעך.

אין איין שיינעם טאָג הערט דאָס קינד א נעבעכדיקן צוויטשע־רען, וואָס קומט פון נעסט. מיט שטוינונג באמערקט זי, אז דאָס פּישטשען צוויי היילע באשעפענישן, וואָס זענען גאָר ניט ענלעך צו דער מאמען. אָבער ווי ליב האָט זיי די קליינינקע מוטער. זי פליט אַלע ווײַלע ארויס פון נעסט, פאנגט א פליגעלע און שטופּט עס די אומבאהאָלפענע קינדערלעך גלייך אין די פּיסקעלעך.

טאָג נאָך טאָג זעט דאָס קינד, אז די היילע באשעפענישן ווערן אַלץ מער באוואָקסן מיט פעדערלעך, און ווערן ווי צוויי טראָפּן וואַ־סער ענלעך צו דער מאמען. זיי זענען נאָך אַלץ אָבער אומבאהאָלפן, ווייל זיי קענען ניט פליען, און מוזן ווארטן ביז וואנען די מאמע, אָדער דער טאטע, דער מאמעס פּאָר, ברענגט זיי שפּייז...

דאָס קינד פארטראכט זיך, און א טיפער טרויער צעלייגט זיך

איבער איר קלאָר פּנימל — זי האָט נישט קיין מאַמען, וואָס זאָל זי אַזוי ליב האָבן...

מיין פּריינטס דערציִאונגס־סיסטעם איז געווען: אין האַרבסט און ווינטער, ווען דאָס קינד איז געצוווּנגען צו זיצן אין שטוב, — לערן־קלאַסן. אין פרילינג און זומער, ווען דאָס קינד וואַרפט זיך אַריין אין שויס פון דער נאַטור און קייקלט זיך דאָרט ווי א זאַטע צופרידענע חיהלע, — נאַטור־קלאַסן. דער לערער — די נאַטור אַליין.

דער דערציִאונגס־סיסטעם האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר א גרויסן דערפאָלג. דאָס קינד איז לייכט געגאַנגען פאָרויס, און איז גע־ווען אַנטוויקלט ניט נאָך אירע יאָרן.

זומער־צייט פלעג איך אַלע מיינע פרייע שטונדן פאַרברענגען מיטן פאָטער און טאָכטער. און ווען דער בראָקער איז פאַרנומען גע־ווען מיט זיינע פליכטן, פלעג איך שפּאַצירן אין וואַלד מיט דער טאָכטער. אַמאָל פלעגן מיר זיך צוזעצן אויף א געפאַלענעם בוים, און שעמעוודיקע, ניט קוקנדיק אין פּנים איינער דעם צווייטן, פלעגט זיך ביי אונז לאַנגזאַם פאַרקניפּן א געשפּרעך.

וועגן וואָס האָבן מיר גערעדט? — וועגן אַלץ אין דער וועלט. נאָר ניט איין וואָרט וועגן דעם, וואָס עס האָט געקוועלט שרגעץ אין אונזערע הערצער און פאַרפלייצט אונזערע נשמות מיט א וואַרעמען שטראָם.

זי פלעגט מיר דערציילן פון אירע באָאָבאַכטונגען און איבערלע־בונגען אין שטענדיקן קאָנטאַקט מיט דער נאַטור. א פילנדע נשמה און א שאַרפן אויג האָט זי געהאַט, און האָט קלאָר באַנומען די דינסטע ניואַנסן פון דער נאַטור־סימפּאָניע, וואָס האָט געיובלט אַרום איר.

אָפט פלעגט זי מיט טרערן אין קול דערציילן ווי אַזוי די הע־קער האָבן אוועקגעלייגט א מעכטיקע בוואַיע פול מיט לעבן און זאַפט. פון יעדן האַק אין זיין פריש־שמעקעדיקן לייב האָט דער בוים געקרעכצט, און ניט געוואָלט שטאַרבן; און זי — זי איז גע־שטאַנען און געבראָכן די הענט אויף דעם טויט און פאַרניכטונג פון אַזא שיין־צעבליטן לעבן.

ביים ברעג טייך, ווו דורך די לויטערע, מיט גאָלדענע זון־

שטראַלן פארפלייצטע וואסערן, האָט געבלאַנקט דער זאמדיקער ריי־נער גרונט, פלעגט זי זיצן און ווארפן ברויט־ברעקלעך די ספריטנע פישעלעך, וואָס האָבן זיך געשפילט, אויפכאַפנדיק דאָס אומגעריכ־טע שפייז. זייערע שטיפערייען און פלינקע באוועגונגען פלעגן ארויס־רופן איר זילבערנעם געלעכטער; און דערציילנדיק מיר וועגן דעם, פלעגט זי צניעותדיק צעקלינגען זיך מיט איר זיסן געלעכטער, אויף וועלכן דער וואלד פלעגט זיך גלייך אָפרופן מיט א וויטן אָפ־קלאַנג.

מיט טיפן טרויער פלעגט זי שילדערן דעם צער בעלי־חיים פון די פייגל־קינדער, וואָס פלעגן אומקומען ביים האַקן דעם וואלד.

פון די נעסטן אויף די שפיצן פון די פאלנדע גיגאנטן פלעגן זיי ארויספאלן — די אָרעמע, הייל־נאקעטע באשעפענישן און בי־טער קלאָגן זיך אויף זייער פינסטערן גורל.

די גוטע נשמה פלעגט זיי צונויפנעמען, ווארעמען זיי מיט איר זודיקן אָטעם... און ניט זעלטן פלעגט איר געלונגען צוציען די וואכע אויפמערקזאמקייט פון דער פויגל־מוטער צו דעם נייעם נעסט, וואָס זי האָט געמאכט פאר די עופהלעך ערגעץ צווישן די קוסטעס, אָדער אונטערן דאך פון זייער שטיבל. צו איר פרייד איז דאן קיין גרעניץ ניט געווען.

אמאָל פלעגן מיר זיך אריינזעצן אין א קליין, לייכט שיפל און אוועקשיפן זיך העט־וויט אראָפּ מיטן וואסער.

צווישן צוויי ווענט פון דעם געדיכטן וואלד, וואָס איז געשטאַ־נען אויף דער וואך, ווי א פארכשופטער, האָבן מיר זיך געפילט אזוי ווייט, אזוי אינגאנצן אָפּגעזונדערט פון דער איבעריקער וועלט.

א שטיל ליד פלעגט זי פארציען וועגן דעם הונגעריקן קינד, וועלכן די מוטער האָט געהאָדעוועט מיט „טיורי" — צעווייקטע אין וואסער ברויט־סקאָרינקעס. און ווען דאָס קינד פרעגט: מאמע, ווו איז אונזער בהמהלע, וואָס האָט מילך געגעבן, ענטפערט די מו־טער: מען האָט זי ביי אונז צוגענומען, מיין קרוין.

און גלייך נאָכדעם א פייערדיק ליד, וואָס שרייט אוים די טי־פע ליידן פון פאָלק, זיין וויטאָג און זיין צאָרן; א ליד, וועגן סטענ־קא ראזין, דעם לעגענדארן פאָלקס־העלד, וואָס איז מיט פייער און

שוועדר אויפגעשטאַנען קעגן די אונטערדריקער און וואָס האָט מיט זיין קאָפּ באַצאָלט דערפאַר...

זינגענדיק דאָס ליד איז זי אַזוי ענלעך געווען צום פאָטער... טרערן פלעגן גלאַנצן אין אירע אויגן, און מיך האָט אַזוי געצויגן אויסצווישן, אויסטריקענען אירע הייליקע טרערן ...איך האָב אָבער נישט געוואַגט צו טראַכטן אַפילו וועגן דעם.

אָפּט פלעגן מיר זיך צושיפן צו אַ גרויסן פעלד, וואָס איז געווען באַאַרבעט אויף אַ ברייטער פּאָליאַנקע, און ווו קאָרן איז פאַרזייט געווען. מיט שטילער פרייד פלעגן מיר רייסן די תמימותדיקע קאָרן־בלימעלעך, פון וועלכע זי פלעגט אויספלעכטן אַ דין קרענצל און אָנטאָן עס אויפן קאָפּ. ווי אַ געקרוינטע מלכּה האָט זי מיר דאַן אויסגעזען.

אָט אַזוי שטיל־אידיליש מיט טיפן אינהאַלט פלעגן דורכלויפן די זומער־טעג פאַר אונז.

די נאַטור פאַרטראַכט זיך און וואַרט שטיל אויף דעם האַרבסט, וואָס שטייט שוין ביי דער טיר. דאָס ביסל בלעטער־בוימער וואָס וואַרפן זיך דורך צווישן די הויפּט־באַלעבאַטים פון וואַלד, די נאָדלבוימער, האָבן זיך אָנגעטאָן אין גאָלד. זיי פּראַווען אַ שמחה: אויסגעהאָדעוועט פאַרן זומער ליבע קינדערלעך, געמאַכט זיי פאַר לייט, און איצט — רוען און זאַמלען פרישע כּוחות פאַר אַ נייעם דור.

עס קומט דער אָסיען. רעגנס קאַלטע, פאַרצוויגענע גיסן אָן אָן אויפהער. דער הימל ליגט נידעריק, אַ גרויער, אַ פאַרכמורעטער. און די ערד — אָט ווי זי וואָלט אָנגערוקט אַ נאַסע, גרויע קוטשמע איבער די אויערן, אונטער וועלכער זי זעט זיך כּמעט ניט ארוים.

דער טייך אַ ברוגזער, אַ פאַראומערטער, וויל אַפילו ניט קוקן אין אונזער זייט. מיין ליכטיקע זומער־פויגעלע זיצט אין שטוב איבער די לערן־בעכלעך און לערנט, און חזרט נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל די טרוקענע געגנשטאַנדן, וואָס ווערן דאָרט באַהאַנדלט.

מיין פריינט דער בראָקער איז שטענדיק דאָ. ער פאַרטייטשט, דערציילט און לערנט...

צו אַלץ אין דער וועלט קומט אַ סוף, און עס האָט אויך אַ סוף גענומען צו די אָסיענדיקע רעגנס און בלאָטעס.

אין איין פרימאָרגן זענען מענטשן אויפגעשטאַנען און אויס־געפונען מיט ווונדער, אז דער הימל האָט זיך אויסגעלייטערט. און די בלאָטעס און לוזשעס זענען פאַר דער נאַכט איינגעפרוירן און באַדעקט געוואָרן מיט דורכזיכטיקע אייז־הייטלעך.

אונטערן סאָלנצעפּיאָק איז דער אייז אביסל צושמעלצט געוואָרן, אָבער ווען די בלייכע, קאַלטע זון האָט זיך גענייגט צו מערב, האָט דער פראָסט פאַרנומען זיך שטאַרקער, און פאַר דער לאַנגער נאַכט איינגעקאָוועט די ערד אין א שטייפן פּאַנצער.

עטלעכע טעג האָט אזוי אָנגעהאַלטן, ביז וואַנען איין נאָכמי־טאָג האָט זיך דער הימל ווידער אָנגעכמורעט. דיקע כמאַרעס — שוואַרץ־בלויע מיט א ווייסלעכן אָפּגלאַנץ האָבן אים פאַרצויגן. און עס האָבן שטיל אָנגעהויבן פאַלן ווי פּוך־ווייכע, גרויסע שניי־קרים־טאַלן. וואָס ווייטער זענען אלץ געדיכטער געוועזן זייערע פון הימל־פאַלנדע מחנות.

די ערד האָט זיך פאַרטאָיעט, קיין שאָרך, קיין קלאַנג, ־ שא שטיל...

ווי א פאַרטראַכטע, אין זיך אליין פאַרבאַהאַלטענע כלה, האָט זי אינערט געלאָזן זיך אויספּוצן אין דעם ווייסן קלייד. און צו־מאָרגנס, ווען די שניי־וואָלקנס האָבן זיך אויסגעלאָדן און די זון האָט פאַרגאָסן מיט אירע קאַלטע שטראַלן די ווייסע וועלט, האָט זי, די ערדה, געפינקלט מיט מיליאַסן דימענטן און בריליאַנטן, מיט וועלכע איר הופּה־קלייד איז אזוי רייך געוועזן באַצירט.

פאַר מיר און פאַר מיין זינג־פייגעלע, וואָס האָט פאַר די אָסיענדיקע נאַסע, כמורנע טעג אראָפּגעלאָזן אירע פליגעלעך, פלעגן אנטשטיין פריש־פריילעכע מאָמענטן.

מיט הילכיקן געלעכטער און פריידיקע אויסגעשרייען פלעגן מיר זיך וואַלגערן אין דעם קרישטאָל־ריינעם שניי. און ווען דער פראָסט פלעגט אמאָל אָפּלאָזן און דער שניי פלעגט דאַן פון פּו־ביק־טרוקענע קריסטאַלן פאַרוואַנדלט ווערן אין א געדיכט קלעפּי־קע, ווייסע מאַסע, פלעגן מיר פון אים אויסבויען הייזער, פאַרפלאַנ־צען סעדער פון גרינע בוויאָע־צווייגעלעך און סטראָיען פעסטונגען,

ארומגעצאַמטע מיט הויכע ווענט, אויף וועלכע עס זענען אויסגע־שטעלט געווען קאַנאָנען...

יונגע רויזן־קנאָספּן פלעגן זיך צעעפענען און צובליען אין מיטן ווינטער אויף מיין טרייער חברטעס פּנים, און מיר זענען דאַן אַזוי גליקלעך געווען...

ווי א חלום זענען דורכגעלאָפן די עטלעכע ווינטער־חדשים.

מיין פריינט, דער בראָקער, איז די לעצטע צייט ארומגעגאַנגען א פאַרטראַכטער, א צעוועדערטער. קאַנטיק, אַז עפּעס האָט געדריקט זיין געמיט און ניט געגעבן קיין רו.

און אָט איין אָוונט, שוין שפּעט אין פעברואַר, בין איך גע־זעסן ביי מיינע פריינט.

אין דרויסן איז געדיכט געפאַלן א ווייכער, פייכטלעכער שניי. ווי אין וואַטע איינגעוויקלט איז דער וואַלד געשטאַנען א פאַר־טויבטער, א שטומער.

מיטאַמאָל האָט זיך דערהערט א טעמפּער, הייזעריקער פייף. מיין פריינט האָט זיך א צאַפּל געטאָן און איז גלייך ארויס פון שטיבל.

א באַאומרואיקטער בין איך ארויס אין דרויסן. פון פאַרשידע־נע ריכטונגען פון וואַלד זענען, ווי געשפּענסטער, געקראָכן מיס־טעריעזע ווייסע פיגורן און אָפּגעשטעלט זיך אויף דער פּאָליאַנקע, וווּ דאָס שטיבל איז געשטאַנען. מיין פריינט האָט זיי שווייגנדיק אָנ־געוויזן אויפן שטיבל, וווהין זיי האָבן זיך איינציקווייז שטיל אריינ־געשאַרט. נאָך דעם לעצטן פון זיי איז דער בראָקער אויך אריין אי־נעווייניק און איך נאָך אים.

א מאָן פופצן, אַממייסטן יונגעלייט, האָבן זיך דאָרטן געפונען.

ביי מיין אריינקומען האָבן זיי אַלע אָנגעשטעלט אויף מיר זייערע בליקן, אריבערפירנדיק זיי גלייך מיט א פראַגע־צייכן אויפן באַלעבאָס. מיין פריינט האָט זיי בארויקט, און הברה האָט זיך גלייך פאַנאַנדערגעזעצט ווו וועד עס האָט געקענט.

אַנטשולדיקנדיק זיך פאַר זיינע מיסטעריעזע געסט, האָט דער באַלעבאָס מיך אָפּגערופן אָן א זייט און מיר געוואָרנט, אַז אַלץ וואָס איך וועל דאָ הערן, זאָל אונטער קיינע אומשטענדן ניט ארויס

פון מיין מויל — פאר קיין לעבעדיקן מענטשן אין דער וועלט, און ער האפט, אז ער וועט קיינמאל קיין חרטה ניט האבן פאר זיין צוטרוי צו מיר.

איך האב פארשטייט זיך, אים אלעם פארשפראכן, און מיט אויגן, וואס האבן געגלאנצט פון פרייד און שטאלץ, האב איך זיך געשטעלט ביים ארייגאנג־טיר, ווי א זעלנער אויף דער וואך.

מיין יונגע פריינדין האט זיך פארדרוקט הינטערן פארהאנג פון זייער שלאף־ווינקל, און פון דארטן האט זי געפינקלט מיט אירע קלוגע אויגן דא אויף מיר און דא אויף די פארזאמלטע.

— חברים — האט דאן דער באלעבאס געעפנט די פארזאמלונג — איך האב אייך גערופן כדי אייך מודיע צו זיין, אז צווישן אונזערע רייען געפינט זיך א פאררעטער, וואס גיט אונז ארויס צו די זשאנדארן. צוויי פון אונזערע חברים זענען שוין ארעסטירט געווארן, און ווער ווייס צי אונז אלעמען דערווארט ניט דער זעלבער גורל. איך לייג פאר, אז יעדער פון אונז, וואס האט דעם מינדעסטן חשד אויף וועמען עס איז פון אונזער גרופע, זאל זיך דא פריי ארויסזאגן, און דאן וועלן מיר פאדערן פון דעם באטרעפנדן חבר, אז ער זאל זיך פארטיידיקן און צושלאגן די באשולדיקונגען, און צוזאמען וועלן מיר באשליסן אויף וויפל דאס איז אים געלונגען. איך פון מיין זייט האב ניט קיין חשד אויף קיינעם. איך זע נאר לויט די אומשטענדן, ביי וועלכע עס זענען פארגעקומען די ארעסטן, אז דאס איז א געמסרטע זאך, ניט קיין צופעליקע.

א שווערע בלייענע שטילקייט האט זיך אראפגעלאזן אין צימער, און מיר האט זיך געדאכט, אז איך הער דעם פאלן פון די שניי־קריסטאלן.

מיט שרעק האב איך זיך איינגעקוקט אין די פנימער פון די פארזאמלטע, ווי איך וואלט וועלן ארויסלייענען פון זיי, ווער עס איז דער פראוואקאטאר.

מיט געבויגענע קעפ זענען א קורצע ווײלע זיצן געבליבן די פארזאמלטע... און אט שטייט אויף א בחור פון א יאר פינף־און־צוואנציק און בעט דאס ווארט.

א הויכער, א פעסטער, מיט א אָפענעם, גוטמוטיקן סלאַווישן פּנים — האָט ער געמאכט א גוטןאיינדרוק פון ערשטן בליק.

— חברים, האָט ער געזאָגט, איך בין א שלעכטער אָראַטאָר, איך בין א מענטש פון טאט ניט פון וואָרט, דעריבער דערוואַרט נישט פון מיר קיין גלענצנדע פראזן. איך בין א רעוואָלוציאָנער און בין גרייט אוועקגעבן מיין לעבן פאר אונזער אידעאַל. איך זע אויך, אַז א קרעציקע שאָף האָט זיך אריינגעגנבעט אין אונזער סטאדע, און מיר מוזן פון איר פּטור ווערן. ווי אזוי מיר קענען זי אויסגעפי־נען, דאָס ווייס איך נאָך ניט. איך ווייס נאָר, אז ווען זי וועט מיר קומען צום האנט, וועט זי קיין לעבעדיקע שוין ניט ארויס. איך האָב געענדיקט.

— טאָ וואָס זשע איז אייער פאָרשלאָג? האָט געפרעגט דעם בחור, מיין פריינט דער בראַקער.

— איך לייג פאָר, אז יעדערער פון די אָנוועזנדע זאָל נעמען דאָס וואָרט, און מירן פּרווון לויט דער האַלטונג פון רעדנער און לויט זיין נערוועזיטעט באַשליסן, צי האָבן מיר ניט פאר זיך דעם פאַרדעכטיקטן פּערזאָן — האָט געענטפערט דער יונג, נאָך א היפּשן נאָכטראַכטן.

דער פאָרשלאָג איז גלייך אָנגענומען געוואָרן.

אין ווינקל, נענטער צום ארויסגאנג, איז געזעסן א יונגערמאַן, א דאַרער, א געשטופּלטער, מיט ווייסע, וואַסערדיקע אויגן, וואָס זענען ניט געבליבן רואיק אויף א מינוט. ער האָט די גאנצע צייט געשוויגן און נערוועז געדרייט זיך אויף זיין ביינקל, אָט ווי טשוועקעס וואָלטן אים דאָרט געשטאָכן.

ווען עס איז געקומען זיין ריי צו רעדן, האָט ער זיך פּלוצלונג א ריס געטאָן פון אָרט, אויפגעפּראַלט די טיר, און איז פאַרשוווּנדן אין דעם ווייסן נעפּל פון דעם געדיכט־פאַלנדן שניי.

דער עולם איז ווי פאַרשטיינערט געוואָרן, און נאָר דער בחור, מיטן גוטמוטיקן פּנים, וואָס האָט געמאַכט דעם פאָרשלאָג, האָט זיך ניט פאַרלאָרן, און געשווינד א לאָז געטאָן זיך נאָכן פאַרשווונ־דענעם.

אין א ווײַלע ארום האָט זיך דערהערט א רעוואָלווער־שאָס, און באַלד נאָכדעם האָט זיך באַוויזן אין טיר דער סלאָוו.

— ער האָט זיך דערשאָסן, — האָט ער ארויסגערעדט מיט טרויער, אָפּווישנדיק דעם שנײַ פון פּנים. אלע זענען ארויסגעלאָפן פון שטיבל. ניט ווײַט איז אויפן פרישן שנײַ געלעגן אויסגעצויגן נאָך א ווארעמער קערפּער, און לעבן אים האָט זיך געוואלגערט א רעוואָלווער.

א פּאָר מינוט זענען די חברים געשטאנען שווײַגנדיק איבערן טויטן קערפּער. דער ערשטער האָט זיך אָפּגעקערט דער באַלעבאָס. ער האָט מיך גענומען פארן האנט און ארײַנגעפירט אין שטיבל, ווי זײַן יונגע טאָכטער איז געלעגן אײַנגענורעט אין קישן און געכליפּעט.

— איך פארוואר אײַך ביידן ארויס אין דרויסן — האָט ער געזאָגט. מען מוז איצט באַזאָרגן דעם קערפּער, און דאָס איז ניט קיין עסק פאר יונגע קינדער...

אין א פּאָר שעה ארום האָט זיך מײַן פרײַנט אומגעקערט א פארשוויצטער, א פארמאטערטער. איך האָב שוין יענע נאכט געגעב־טיקט בײַ מײַנע פרײַנט.

דער בלוטיקער עפּיזאָד האָט אויף מיר און אויף מײַן יונגער חברטע געמאכט א שוידערלעכן אײַנדרוק. אונזערע שטיפערײַען אויפן שנײַ האָבן אויפגעהערט. אונז האָט זיך כסדר געדאכט, אז מיר זעען רויטע בלוט־פלעקן אויפן שנײַ. אויך איז פארשטומט געוואָרן אונזער געלעכטער.

די יוגנט פארגעסט אָבער שנעל. און אגב איז גיך אונטערגעקו־מען דער פרילינג, און צוזאמען מיט דער נאטור איז אין אונז אויפ־געגאנגען א נײַע פרייד.

דער טײַך האָט שוין צוריסן זײַנע ווינטער־קייטן און רחבותדיק צוגאָסן זך דאָרט ווו ער האָט נאָר געפונען א פלאכן שטיקל באָדן.

אויף די לוזשייקעס, וואָס האָבן זיך ערשט באפרײַט פון זײַע־רע קאַלטע, ווײַסע קאָלדרעס, האָט זיך באַוויזן גרין־גרינער, ווי אויסגעוואשענער גראָז.

דער וואלד האָט זיך אויפגעכאפּט פון לאנגן שלאָף. די קרוינען פון די מאַיעסטעטישע כוואָיעס ווארעמען זיך אונטער דער פרי־

לינג־זון און רווישן מיט פרישן לעבן. גאנצע סטאיעס פייגלען קערן זיך אום פון דרום און פארהילכן די לופט מיט זייערע מונטערע קולות.

די טראַגעדיקע מאמע־ערד זיפצט־אָפּ ווי נאָך א שווערן שלאָף, און קלייבט זיך געלעגן ווערן... מיר קוקן זיך ניט ארום — און אלץ איז שוין באוואקסן און צובליט.

אך ווי שיין די וועלט איז, מען קען זיך דאָך מיט איר גאָר־ניט אָנזעטיקן!...

יאָ, מיר יונגע צוציקעס האָבן גיך פארגעסן דאָס טראגישע פון לעבן, אָבער מיין פריינט האָט עס נאָך נישט פארגעסן. ער גייט ארום א באַזאָרגטער, א צעטראָגענער. עטלעכע מאָל האָט מען אים גערופן אין שטאָט צום זשאנדארמסקי פּולקאָווניק. מען האָט זיך דאָרט געכאפּט, אז זייער רעכטע האַנט, דער פּראָוואָקאַטאָר, איז ווי אין וואסער אריין...

עס איז געווען שבועות־צייט. דער יונגער זומער איז שוין גע־שטאַנען אין זיין פולן פּראַכט. די צובליטע בעזש און סירען האָ־בען פארפלייצט די לופט מיט זייער וווּנדערבארן אראָמאט. די קורצע זומערדיקע צפון־נעכט זענען פארכשופטע געלעגן אונטער די בלייכע זילבערנע שטראַלן פון דער לבנה און געשלונגען די זילבערנע טרעלן פון דעם ביינקנדן נאכטיגאל.

אין אזא נאַכט שלאָפט זיך ניט. עס האָט שוין אָנגעהויבן טאָגן ווי איך בין נאָך אלץ געזעסן און ארויסגעקוקט א פארחלומטער אויף דעם שלאָפנדיקן טייך, וואָס איז שטיל גערונען פארביי אונזער פענסטער, און אויף די בליענדע קוסטעס אויף יענער זייט טייך, ווו דער סאָלאָוויי האָט זיך אזוי קינצלעריש צעזונגען.

מיט אמאָל — א נערוועזער, אומגעדולדיקער קלאַפּ אין טיר.

דאָס הארץ האָט זיך ביי מיר א צאפּל געטאָן. א שווערער פאָר־געפיל האָט צורודערט מיין געמיט. ווער קען עס קלאַפּן אין אזא פריער שעה?

איך בין האַסטיק אויפגעשפּרונגען און מיט טרייסלענדיקע הענט געעפנט די טיר. פאר מיר איז געשטאַנען א דערשיטערטע, אָן א טראָפּן בלוט אין געזיכט, מיין צארטע, מיין ליבע יוגנט־פריינדין.

נאָם מיינער, וואָס איז געשען?! — היינט נאָך האלבער נאכט — האָט מיר דאָס מיידל דערציילט מיט א ציטערנדער שטימע — האָבן זיך זשאנדארן אריינגעריסן צו אונז אין שטיבל, ווי חזירים איבערגעראַיעט יעדעס ווינקעלע, יעדן פאפירל, ארויסגעוואָרפן פון אלע קאַמאָדן און פון שרייבטיש אלץ, וואָס עס האָט זיך דאָרט געפונען, און נאָך א פּאָר שעה באלעבאטעווען ווי די ווילדסטע הור־נען, האָבן זיי פארנומען דעם טאטן און מיט איב אוועק.

איך האָב זי אריינגענומען אין שטוב. אינגיכן איז געווען טיי. זי האָט זיך דערוואַרעמט און אביסל בארואיקט פון מיינע טרייסט־ווערטער.

אין דער פרי האָבן מיר געדונגען א פור און אוועקגעפאָרן מיט איר אין שטאָט, וווהין מען האָט מיין פריינט פארשלעפּט.

נאָך גרויס מי און אָן א שיעור דערנידעריקונגען איז אונז גע־לונגען זיך דערשלאָגן צום אָדון־הגדול, צום זשאנדאמסקען פּולקאָוו־ניק אליין. עס ווייזט אויס, אז די טרערן פון דעם צארטן, יונגן קינד האָבן גערירט זיין פארשטיינערטע הארץ, און ער האָט באפוילן, אז מען זאָל אונז צולאָזן זיך זען מיטן ארעסטירטן.

אין א האלב־פינסטערן, פארגראטעוועטן, שמוציקן צימערל זע־נען געווען פארשפּארט עטלעכע פּאָליטישע ארעסטאנטן. מיר האָבן נאָך פון וויטן דערקענט דעם אונז נאָענטסטן, און זענען צוגעפאלן צו די גראטעס פון דעם אָפענעם פענסטער.

מיין אומפארגלייכלעכער פריינט און איר צארטער פאָטער האָט אונז ביידן געטרייסט און פארזיכערט, אז מען וועט אים לאנג נים האלטן פארשפּארט, ווייל עס זענען גיטאָ קיין פראקטישע באווייזן קעגן אים, — בלויז השערות און חשדים.

מיך האָט ער געבעטן, אז ביז וואנען ער וועט פריי ווערן, — זאָל איך דאָס קינד אריינעמען צו אונז אין הויז. וואָס איך האָב מיט פרייד און דאנקבארקייט אים צוגעזאָגט. איך זאָל אכטונג געבן אויפן וואלד־שטיבל, און אָנשטעלן א שומר, אז מען זאָל פון דאָרט גאָרנישט־נים ארויסשלעפּן. און איך זאָל וועגן זיין ארעסט טע־לעגראפירן אין גובערניע צו דער קאָמפּאניע, ביי וועלכער ער איז געווען אָנגעשטעלט.

ביים געזעגענען זיך האָט ער אונז געקושט דורך די אייזערנע גראטעס און מיט א אויפגעהייטערטער שטימע אויסגערופן:

— ניט געדאגהט קינדער! די נאכט איז שווארץ, אָבער נאָענט איז דער ליכטיקער, זוניקער טאָג...

זעקס חדשים נאָך די געשעענישן, האָט מען מיין פריינט פאַר־שיקט אויף פינף יאָר אין א ווייטן סיבירער קאנט, וווהין ער האָט מיטגענומען מיט זיך זיין ליבע טעכטערל...

אָט די אלע געשעענישן האָבן ווי לעבעדיקע דורכגעשוועבט פאַר מיינע אויגן, ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס פון דאן אָן זענען קאַר־גע פופצן יאָר פאַריבער...

מיין אָרעמע יוגנט־חברטע, דיין פריש־צובליטער לעבן איז אזוי גרויזאם פארשניטן געוואָרן!... פארוואָס קומט עס דיר אזא ביטע־רער גורל, פאַר וועלכע זינד?... און א שטראָם טרערן האָט א פליי געטאָן פון מיינע אויגן...

מיין פריינט האָט מיך געלאָזן אויסוויינען זיך..

שטילערהייט האָט ער אויך געשלונגען טרערן, און געמאכט זיך, אז ער קוקט מיט נייגעריקייט אויפן ים, וואָס איז פארבייגעלאָפן אונזער צוג...

ביסלעכווייז האָב איך זיך בארואיקט. ער האָט מיר דערציילט, אז ער פאָרט קיין באקו זוכן וועלכע עס איז ארבעט.

קומענדיק צוריק פון סיביר איז ער געווען זייער דערשימערט פון דעם טויט פון זיין טאָכטער, וואָס האָט פאסירט אייפן פינפטן יאָר פון זיין פאָסעלעניע. אָבער לעבן מוז מען דאָך — האָט ער געפונען ארבעט אין א וואלד לעם ווילנע. אָפגעארבעט דאָרטן שיינע עטלעכע יאָר, ביז וואנען מען האָט דעם וואלד אויסגעהאקט. נאכהער — געהאט עטלעכע קורצע שטעלעס. עס איז אים אָבער מי־אוס געוואָרן דער וואנדערן פון וואלד צו וואלד, און אגב דערמאָנט אים דער וואלד זיין פארשטאָרבענע טאָכטער. איצט פאָרט ער קיין באקו. אראָפּ אויף עטלעכע מעג קיין פעטראָווסק; מען האָט אים געזאָגט, אז דאָרטן וועט ער זיך קענען איינאָרדענען. ער האָט אָבער דאָרטן נאָרנישט געפונען...

איך האָב אים אויך דערציילט פון זיך. מיר האָבן באַשלאָסן נע־מען אין באַקו צוזאַמען אַ צימער און אָנפאַנגען זוכן אַרבעט.

דער וועג פון פּעטראָוווסק — איצט האָט מען געביטן זיין נאָמען אויף — מאַכאַטש־קאַלאַ — קיין באַקו ציט זיך פאזע דעם קאַספּישן ים. זייער זעלטן קירעוועט ער זיך־אָפּ עטלעכע ווערסט אָן אַ זייט, און באַלד באַווייזט זיך ווידער דער ים.

די לאַנדשאַפט טראָגט שוין דאָ אַ טראָפּישן כאַראַקטער. קוס־טעס פאַרדרייטע און פאַרפּלאָנטערטע אין אַ געדיכטן דזשאָנגל. ווו ניט ווו וואַרפן זיך דורך פאַרצווייגטע, הויכצעוואָקסענע קאַקטוסן. בערג־טייכלעך לויפן צום ים מיט אַ שטילן געזאַנג. זיי טראָגן דעם אַלטן קאַספּי זייערע קאַלטע וואַסערן, אָט ווי זיי וואָלטן וועלן אים אָפּפרישן פון דער ברענענדער היץ, וואָס גיסט זיך פון אויבן, ווי צעשמאָלצענער בליי.

מיר פאָרן־דורך דערבענט — אַ באַרג־שטעטל, וווּ עס געפינט זיך אַ היפּשע קהילה פון באַרג־אידן, וועגן וועלכע מיר וועט נאָך אויסקומען צו ריידן.

די באַן־סטאַנציע כאַטשמאַס ליגט נאָך איינגעטונקט אין טראָ־פּישע געוויקסן, אָבער באַלד נאָך איר שנייט זיך די באַן אריין אין אַ ברענענדן, טרוקענעם מדבר.

די גאַנצע שטרעקע ביז באַקו — אַ פיר שעה רייזע מיט דער באַן — איז פאַרברענט און צושפּאָלטן פון דער טראָפּישער זון. פון ים־ברעג, ביז די ווייטע הוילע בערג, וואָס ציען זיך רעכטס, איז עס אַ וויסטער געגנט. גרויסע שטיקער זיינען באַדעקט מיט זאַלץ, וואָס די שאַרפע זון־שטראַלן ציען אַרויס פון דער ערד. עס בליצן, ווי גרויסע שפּיגלען, פאַרגליווערטע אָזיערעס און וואַרפן־אָן אַר־מעט אויף די פּאַסאַזשירן. דער עולם זיצט און ליגט צעשפּיליעט און צעבריאַסטעט פון דער שטיקנדער היץ. מען רעדט כמעט ניט אַרויס קיין וואָרט צווישן זיך. דאַגעגן — איך מיט מיין פריינט גרעגאָרי וולאַדימיראָוויטש בערגער קענען זיך ניט אָנריידן צו זאַט. מיר האָבן דאָך אַזוי־פיל צו דערציילן איינער דעם אַנדערן.

קיין באַקו זיינען מיר אָנגעקומען שפּעט אין אָוונט. איבערגע־

געבטיקט אין א האָטעל זיינען מיר צומאָרגנס ארויס באקוקן די שטאָט און אויך אָפּוכן עפּעס ניט קיין טייערן צימער.

באקו פון יענער צייט איז געווען א שטאָט פון אן ערך הונדערט פופציק טויזנט איינוווינער. א פינף און זיבעציק טויזנט טאָטערן פון שיאיטסקן טאָלק, דאָס הייסט גלויבנס־ברידער פון די פּערסן, פאנאטישע מוסולמאנער — האָבן די טאָטערן געוויינט אָפּגעזונדערט אין דעם טייל שטאָט, וואָס הייסט: קרעפּאָסט — פעסטונג. אין די צייטן ווען רוסלאנד איז פון אסטראכאן אויף דער וואָלגא געקור־מען מיט אירע שיפן, דורכשניידנדיק דעם קאספּי, און דערנענטערט זיך צום אפשעראָנער האלב־אינזל, אויף וועלכן עס ליגט צושפּרייט די שטאָט, איז באקו באשטאנען נאָר אָט פון דער פעסטונג, ווו עס האָט געהערשט א כאַן. דאָס איז א נעץ פון קרומע, שמאָלע אויף אזויפיל, אז נאָר אן אייזעלע קען זיך דורכשפּארן, און שמוציקע געסלעך, וואָס ליגן פארדרייט און פארפּלאָנטערט אויף א שטיינערנעם בארג ביים סאמע ברעג ים.

א פופציק טויזנט איינוווינער פון שטאָט זיינען געווען ארמע־נער. צווישן זיי מיט די טאָטערן האָט געהערשט א ביטערע שנאה־קנאה, וואָס איז כסדר צובלאָזן געוואָרן דורך דער צארישער אדמי־ניסטראציע מיטן צוועק אָנצורייסן די טאָטערן, אן אומוויסנדער, רע־אקציאָנערער עלעמענט און ממילא א ווינשנסווערטער פאר די צארן, אויף די ארמענער — אן עלעמענט א ברויזנדער און רעוואָלוציאָנע־רער, וואָס האָט דורך דער רעוואָלוציאָנערער ארמענישער פּארטיי „דאשנאקצוטיון" פארשאפט די צארסקע סאטראפּן אָן א שיעור קאָפּ־ווייטאָק און הארץ־קלעמעניש. — די פּראָוואָקאטאָרישע אקטיווי־טעטן פון די צארסקע טשינאָווניקעס האָבן געבראכט פּרוכט און צו דער צייט, ווען איך בין געקומען קיין באקו, אין פעברואר 1903, פלעגן שוין ווען ניט ווען אויסברעכן בלוטיקע צוזאמענשטויסן צווישן די טאָטערן און ארמענער דערווייל נאָר אין קליינעם פארנעם.

די איבעריקע פינף און צוואנציק טויזנט איינוווינער זיינען באַ־שטאנען פון גרוזינער, טשערקעסן, אסעטינער, רוסן אידן, בארג־אידן אָדער „ביקעס", ווי מען האָט זיי גערופן, און נאָך פון פאַר־שטייער פון פארשידענע פעלקערלעך און שבטים פון די קאווקאזער

בערג. ווו ניט ווו האָבן זיך דורכגעוואָרפן — ענגלענדער, דייטשן, פראנצויזן, שוועדן, איטאַליענער.

די שטאָט איז געווען א היפש ביסל שמוציק, און ווען ניט דער באקוער סאניטאר, דער נאָרד־אָסט, וואָס פלעגט גאנץ אָפט צושפּילן זיך אין אן עכטן שטורם און אראָפּבלאָזן דאָס גאנצע מיסט פון באַקוער גאסן אין ים־אריין, וואָלט די שטאָט געווען פארוואלגערט פון מיסט און שמוץ. נאָר די הויפּט־גאסן פלעגט די פּאָליציי אכטונג געבן, אז זיי זאָלן געריייניקט און געקערט ווערן, די איבעריקע שמאָלע גאסן און געסלעך פלעגן איבערבלייבן אויף גאָטס בארא̈ט און אויף די ריינקייט־געפילן פון דער געמישטער באפעלקערונג...

צו מזרח פון שטאָט, אָפּגערוקט פון איר אויף א זיבן וויאָרסט, איז געלעגן דער נאפט־ראיאָן באלאכאני, א קאָלאָסאלע שטרעקע באדעקט מיט טויזנטער „ווישקעס", הילצערנע אָדער בלעכענע פּי־ראמידאלנע טורעמס, אויפן שפּיץ פון וועלכע עס געפינט זיך א שטאָלענער בלאָק. אויפן בלאָק איז אָנגעטאָן אן אייזערנער דיקער קאנאט, וואָס דערגרייכט אמאָל ביז דריי הונדערט מעטער די לייִנג. איין עק פון דעם קאנאט איז צוגעטשעפּעט צו א גרויס באראבאן, וואָס ווערט שנעל געטריבן פון אן עלקטרישן מאָטאָר אָדער א דאמף־מאשין. צו זיין צווייטן עק איז באהעפט א לאנגע „זשאָלאָנקע" פון אן ערך 4-5 מעטער, וואָס איז ענלעך צו א הארמאטן־קויל.

דער קאנאט לויפט שנעל־שנעל און פארטיפט זיך אין בויך פון דער ערד, דורך די טרויבן, וואָס זענען אריינגעשטעלט אין דער טיפעניש ביזן נאפט־קוואל. ווען די „זשאָלאנקע" שלאָגט זיך־אָן מיט איר אונ־טערשטן טייל אָן דעם נאפט, עפנט זיך אויטאָמאטיש א קלאפּאן, די זשאלאנקע פילט זיך גלייך אָן מיטן שווארצן גאָלד, און ווען דער קאנאט הייבט־אָן לויפן אין א פארקערטער ריכטונג, פארמאכט זיך דער קלאפּאן, און די „זשאָלאָנקע" שפּרינגט ארויס פון די איגעווייטן פון דער ערד. זי ווערט אָפּגעצויגן אָן א זייט און שנעל אויסגעליי־דיקט. און דאן ווידער אראָפּ און ארויף, — טאָג און נאכט, אָן אויפ־הער.

פון דערווייטנס זעט באלאכאני אויס ווי א גרויסער געדיכטער וואלד. די גאסן, געסלעך און דורכגאנגען צווישן די „ווישקעס" זיי־

נעבן שוואַרץ און פעט מיט אַ גלאַנץ פון דעם נאַפט, וואָס שפּריצט פון אַלע זייטן. די מענטשן דאָרט זיינען אויך שוואַרץ און אויסגעשמירט אין נאַפט. אויף אַ פרישן מענטשן מאַכט עס זייער אַ שווערען איינדרוק. עס דאַכט זיך, אַז מען איז אריינגעפאַלן אין אַ גיהנום: איבערהויפּט זומער־צייט, ווען די טראָפּישע זון ברענט און בראָט, ווי אין אַ קאַלך־אויוון, איז באַלאַכאַני טאַקע דער ריכטיקער גיהנום. און אין דעם גיהנום האָבן דאַן געאַרבעט ביז פופציק טויזנט אַרבעטער.

צו דרום־מערב פון שטאָט געפינט זיך ביבי־עיבאַט, אַ צווייטער קלענערער נאַפט־ראַיאָן. ביבי־עיבאַט ליגט אַן ערך פיר ווערסט פון שטאָט, אויף יענעם זייט פון אַ באַרג, וואָס פאַרשטעלט אים אינגאַנצן. זיינע „ווישקעס" שפּרייטן זיך ביים ברעג ים, און דער ים אַליין, וואָס פאָרמירט דאָרטן אַ קליינע בוכטע, איז פול מיט נאַפטפליאַמעס. זיי קומען פון די נאַפט־קוואַלן אויפן גרונט פון ים, פון וועלכע דער נאַפט שלאָגט אַמאָל אַרויס פון זיך אַליין. מיט יאָרן שפּעטער האָט מען טאַקע די ים־בוכטע פאַרשאָטן, און עס איז געוואָרן איינער פון די רייכסטע נאַפט־ראַיאָנען.

אַ גאַנצן טאָג זיינען מיר מיט בערגערן אַרומגעגאַנגען און אַרומגעפאָרן אין דער „קאָנקע" — אַ טראַמוויי געשלעפּט פון פערד — באַזוכט אַלע ווינקעלעך, און ערשט צו פאַרנאַכט־צו האָבן מיר געפונען אַ צימער אויף אַ זייטיקער גאַס, ביי אַ יידישער פרוי, זי האָט געהאַלטן אַ גאָרקיך און האָט אויך געהאַט אַ פּאָר צימערן צו פאַרדינגען.

אידן פלעגן קומען אַהין מיטאָג־עסן, און מיר האָבן זיך דורך זיי זייער שנעל באַקענט מיט דער שטאָט און מיט אידישן ישוב, וואָס איז דאַן באַשטאַנען פון אַן ערך טויזנט אייראָפּייאישע אידן.

אַ פאָרשטאָט פון באַקו, וואָס האָט געהייסן די „שוואַרצע שטאָט" — „טשאָרני־גאָראָד" — איז געווען פאַרבויט מיט גרויסע רעפענעריעס, וווּ מען האָט דעם נאַפט רעפענירט און אַרויסגעצויגן פון אים פאַרשידענע שמיר־אייל, גאַזאָלין און קעראָסין. דאָס וואָס איז פאַרבליבן — אַ געריכטלעכע, ברוינע מאַסע — מאַזוט — איז געגאַנגען אַלעם ברען מאַטעריאַל פאַר דאַמפער, פאַר באַן־לאָקאָמאָטיוון און פאַבריקן. היפּש עטלעכע רייכע אידן האָבן געהאַט זייערע

זאוואדן אין „טשארני־גאראד". איינוקע האָבן אויך געהאט אייגענע אָדער געדונגענע נאָפט־פּראָמיסלעס, מיט „פּראוואָזשיטעלסטווא" — — ווינרעכט האָבן אידן זיך אָן עצה געגעבן. אָדער מען איז געווען א מאָסקווער „פּערוואַי גילדיי קופּעץ", וואָס האָט געגעבן ווינרעכט איבער גאַנץ רוסלאַנד, דאָס הייסט, מען האָט געוווינט און געאַרבעט אין באקו און געצאָלט ערשטע גילדיע אין מאָסקווע, וואָס האָט געקאָסט א שטיק מיט גאָלד לויט יענער צייט. איידער א איד האָט געהאט די „זכיה" צו ווערן א מאָסקווער ערשטער־גילדעיעץ, האָט ער געמוזט צאָלן פינף יאָר נאָכאנאַנד ערשטע גלידיע ערגעץ אין א גו־בערנסקע שטאָט פון טשערטא אסעדלאָסטי. אָדער מען האָט געהאט די גרעסטע געשעפטן אויף פּרעמדע גויעשע נעמען און געצאָלט פּאָליציי גרויסע געהאַלטן זיי זאָלן ניט באַדערן מיטן ווינרעכט, געווען א פּאָר אידן, וואָס האָבן צוליב די אלע שוועריקייטן איבערגע־קערט די קאפּאָטע און געוואָרן ליוטעראַנער.

מיר מיט מיין פריינט האָט באַזונדערס אָפּגעגליקט. דעם 20־טן מאי 1903, דאָס הייסט אין צוויי חדשים נאָך אונזער קומען קיין באקו, האָט סטאָליפּין — דער דאמאָלסטיקער אינערן־מיניסטער — ארויסגעשיקט א צירקוליאר צו אלע גובערנאטאָרן פון רוסלאַנד, אז די אידן, וואָס וווינען אויסער דער טשערטא און באַזעצט זיך דאָרט ביז יענער דאטע, האָבן ווינרעכט נאָר אין יענעם פּליאץ, ווו דער צירקוליאר האָט זיי געטראָפן. אויף אזא אופן האָב איך מיט בערגערן באַקומען מעכאַנ־שע ווינרעכט אין באקו, וואָס מיר האָבן טאַקע גלייך פאַרפּיקסירט, ארויסקריגנדיק פון פּאָליציימייסטער דאָס גע־העריקע פּאַפּירל.

וואָס האָט געטריבן סטאָליפּינען געבן אזא גרויסע הנחה די פאַרפּאָלגטע אידן — איז ניט באַוווסט. מען גלויבט, אז ער האָט עס געטאָן צוליב דער רוסיש־יאפּאַנישער מלחמה, וואָס האָט גע־האלטן ביים אויסברעכן.

מיר האָבן זיך באַקענט מיטן קאַזיאַנעם ראַבינער, מאַיסעי יאַ־קאָוולעוויטש בערגער, וואָס האָט זיך ארויסגעצייגט מיין פריינטס א ווייטער קרוב און פאַר זייער א ליבן און קולטורעלן מענטשן. ער האָט אונז די ערשטע צייט שטאַרק מקרב געווען.

אזוי ווי קריגן ארבעט אין א קאנטאָר איז מיר דערווייל נאָך ניט געלונגען, האָבן איך אָנגענומען א צייטווייליקן פּאָסטן אלעם רעפּעטיטאָר פון צוויי אידישע אינגלעך, שילערס פון ערשטן און דריטן קלאַס גימנאזיע. זייער פאָטער, א רייכער מילנער מיטן נאָ־מען שטיינער, האָט געפירט א נגידישע הויז מיט דינסטן, גוווער־נאנטקעס. אויסער די צוויי אינגלעך האָב זיי נאָך געהאַט זייער א מיאוסע טאָכטער, וואָס איז דאן געווען אין זיבעטן קלאַס גימנאזיע, און וועלכער איך האָב שוין ניט אָפיציעל — געדאַרפט צוהעלפן, איבערהויפּט אין מאטעמאטיק.

מיין פריינט בערגער האָט צו יענער צייט אויך געקראָגן אַר־בעט אין א רעפּענעריע אין „טשרני־גאַראַד". ער האָט באקומען א צימער אין זאוואָד, ווו ער האָט געארבעט, און איך בין אריבער ווױ־נען צו די שטיינערס, ווו די מאדאם, א פעטע, גוטמוטיקע אידענע, מיט א האלדז פערל אונטערן דיקן גיידער, האָט זיך געשטעלט פאר איר לעבנס־אויפגאבע אכטונג צו געבן, אז איך זאָל חלילה ביי איר ניט פארהונגערט ווערן. אלע ווײלע פלעגט זי מיר צוטראָגן עפּעס איבערצוכאפּן די נשמה — ביז מיטאָג אָדער ביז וועטשערע איז דאָך נאָך אזוי ווייט.

דער עלטערער בחורל — אָן אויסגעפּאשעטער „מאמעס זינדל" — איז געווען מוראדיק פויל און צולאָזן. מיט גרויס מאטערניש פלעגט מיר אמאָל געלינגען אוועקזעצן אים ביים טיש און אריינדרײ־בען אין קאָפּ כאָטש עפּעס פון די נויטיקע אוראָקן. מערערע מאָל פלעגט ער אוועקגיין אין גימנאזיע ניט אויספילנדיק גאָרנישט, אב־סאָלוט גאָרניש, און „כאפּן" — פארשטייט זיך — פון די לערערס „איינסן" אָדער גאָר „נולן". עס האָט געהאלטן דערביי, אז מען זאָל אים ארויסוואַרפן פון גימנאזיע. נו, נו, האָט שוין די מאמע געהאַט א לויפעניש! — געשלעפּט ווערטפולע מתנות, געבעטן, געקליאַנ־טשעט...

דער טאַטע, א איד שטענדיק א פאַרדרייטער, מיט טויזנט גע־שעפטן אויפן קאָפּ, האָט דווקא געהאלטן, אז מען דאַרף דעם תכשיט אוועקגעבן ערגעץ אין א פארמאכטן אנשטאלט, ווו מע וועט אים רעפאָרמירן. די מאמע אָבער האָט וועגן דעם ניט געוואָלט הערן —

וואָס הייסט זי וועט זיך שיידן מיט איר טייערן איזינקען? — קיינ־מאָל ניט!

איך האָב ארויסגעזאָגט מיין מיינונג, אז די בעסטע זאַך וואָלט געווען אוועקגעבן אים פאַר א בעל מלאכה צו א שטריינגן באַלעבאָס. לאָמיר זאָגן פאַר א סלעסער. דאָס וואָלט פון אים ארויסגעטריבן די פוילקייט און געמאַכט פאַר א נוצלעכן מענטשן. דער טאַטע איז גע־ווען פולקאָם איינשטימיק מיט מיר, אָבער די מאמע — די מאמע האָט געשוויגן און געוואָרפן בייזע בליקן אין מיין זייט... פון דאַ־מאָלסט־אָן האָט זי מיך אויפגעהערט „צוזען" און שטאָפן ווי א גאַנדז.

דער אינגערער תלמיד מיינער, א יונג — א ברען, פלעגט איבער־קערן די שטוב מיט זיינע שטיפערייען, אָבער ווען איך פלעג אים אוועקזעצן לערנען, פלעגט ער פאָלגן, און איז געגאַנגען גאַנץ גוט.

די מיידל, א תלמידה פון זיבעטן קלאַס, וו מען האָט שוין גע־לערנט אביסל אַלגעברע און געאָמעטריע, האָט נאָך זייער שוואַך גע־ווּסט אריטמעטיק. ווי אזוי זי איז דערקראָכן ביזן זיבעטן קלאַס — איז פאַר מיר געווען א רעטעניש. אפשר וואָלט די מאמע יע גע־קענט לייזן די רעטעניש...

מיר איז דער עסק שטאַרק נמאס געוואָרן, און איך האָב זיך א נעם געטאָן זוכן ארבעט אין א קאַנטאָר.

צו יענער צייט בין איך שוין באַקאַנט־געווען מיט אייניקע קאַרפן־קעפּ פון ישוב. די ידיעה ווענן קישיניאָווער שווידערלעכן פּאָג־ראָם האָט א ריר געטאָן אפילו די פאַרשטיינערטע הערצער פון די געלט־מאַכער. אין דער איינציקער שול איז צונויפגערופן געוואָרן א פאָלקס־מיטינג־פּראָטעסט. אַלעס גאַסט און ציוניסט, האָט מען מיך געבעטן איך זאָל זיין דער רעדנער אויפן מיטינג. איך האָב געגעבן אין מיין רעדע אויך צוזאַמענגעשטעלטע אויסצוגן פון צייטונגען, וואָס האָבן געמאָלן א קלאָרן בילד פון די גרויזאַמקייטן, וואָס זיינען פאַר־געקומען אויף די קישיניאָווער גאַסן און אין אידישע הייזער. טאַקע גלייך אויפן אָרט איז געשאַפן געוואָרן א היפּשע סומע געלט פאַר די געליטענע פון פּאָגראָם. און — אויף מיין פאָרשלאַג — איז אויס־געקליבן געוואָרן א קאָמיסיע, וואָס זאָל אויסארבעטן סטאַטוטן פאַר

אָן ציוניסטישן קרוזשאָק אין באַקו. מעשה קישיניעוו האָט אַרויסגע־רופֿן נאַציאָנאַלע געפֿילן אַפילו ביי די, וואָס זיינען ביז אַהער גע־שטאַנען ווייט פֿון אידנטום און זיינע ליידן, און דער מאָמענט איז געווען זייער גינסטיק צו שאַפֿן אַ ציוניסטישע באַוועגונג צווישן דעם ווייטן און אָפּגעפֿרעמדטן אידישן ישוב.

איך האָב זיך אַריינגעוואָרפֿן אין דער אַרבעט מיטן גאַנצן ברען פֿון מיין יונגער נשמה, און אינגיכן האָבן מיר שוין געהאַט אַ קאָמ־פּאַקטן קרוזשאָק פֿון איבערגעגעבענע טוער.

איך אַנאַליזיר איצט מיין דאַמאָלסטיקע באַציאונג צום ציוניזם און זע איין, אַז מיין פּאַרטיי־קרעדאָ איז געווען אַ געמיש פֿון ציוניזם און סאָציאַליזם, מער סאָציאַליזם ווי ציוניזם, עפּוואָס וואָס מען רופֿט איצט — לינקער פּועלי ציון.

די ערשטע מיטגלידער פֿון אונזער קרוזשאָק זענען אויך געווען יונגע ענטוזיאַסטן — סאָציאַליסטיש געשטימטע, וואָס האָבן זיך אַ נייג־געטאָן צום נאַציאָנאַליזם אונטערן איינדרוק פֿון קישיניעווער פּאָגראָם. מיר האָבן צוזאַמען געחלומט וועגן אַן אייגענעם ווינקל פֿאַרן געפּלאָגט אידישן פֿאָלק, וווּ דער לעבנס־שטייגער זאָל איינגע־שטעלט ווערן אויף סאָציאַליסטישע יסודות.

וואָס ווייטער אָבער זיינען צו אונז צוגעשטאַנען אַלץ מער בורזשואַזע עלעמענטן. זייער צאָל איז געוואָרן אַלץ גרעסער, און מיר סאָציאַליסטיש־געשטימטע חברים האָבן זיך פּלוצלונג דערפֿילט אין אַ פֿרעמדער זאַגאַר פּיינטלעכער סביבה.

דער „אידעאַל" פֿון דעם זאַטן ציוניסט איז געווען — נאָך אַ געשמאַקן מיטאָג אויסגעצייגן אויף דעם באַקוועמען פֿולמאַן מיט אַ ציגאַר אין מויל — פֿאַנטאַזירן אויף דער טעמע: והשיבנו לציון עירך ברינה. פֿאַרוואָס טאַקע ניט האָבן אַן אייגענע מלוכה מיט אַלע קלי־פֿערגעצייג? — דערווייל זאָלן פֿאָרן אַהין די קבצנים, זאָלן זיי מיט זייער שווייס פֿאַרוואַנדלען דעם מדבר אין אַ מענטשלעכן ישוב; זאָל דאָקטאָר הערצל, דער אויסגעצייכנטער פּאָליטיקער לויטן אייראָפּיי־אישן מאַסשטאַב, ווייטער טרייבן זיין דיפּלאָמאַטיע אין אילדיז־קיאָסק, און מיט דער הילף פֿון די ראָטשילדס און אַנדערע גרויסע אידישע באַנקירן דערשלאָגן זיך צום געפּלאַנטן „טשאַרטער"; זאָל

מען קלייבן פאנדן איבער דער אידישער וועלט. זיי זאגן זיך ניט אפ, זיי וועלן אויך געבן — ניט זשאלעווען אפילו א פופציקער, זייער נאמען זאל ארייגעשריבן ווערן אין ספר הזהב... און אז אלץ וועט פארטיק זיין, איז עס אפשר גאר ניט אזוי שלעכט אריבערצוווארפן אהין קאפיטאלן צו אנטוויקלען די אינדוסטריע פון לאנד און — ווער וויים — אפשר גאר ווערן א גובערנאטאר אדער א מיניסטער ביי אידן.

פארדייענדיק דעם פעטן מיטאג, דרעמלט איין אונזער ציוניסט און זעט אין חלום, ווי ער — אלעס פרעזידענט ביי אידן — זיצט אויף שלמה המלכס גאלדענעם שטול... די גאלדענע טויבן פלאטערן איבער זיין קאפ, און די גאלדענע לייבן ברומען: חי אדונינו המלך!...

אז ער כאפט זיך אויף פון זיין זיסן דרעמל און קומט אריין אין קאנטאר, דערמאנט אים די סעקרעטארשע, אז היינט איז א זיצונג פון דער ציוניסטישער פארוואלטונג. ער איז שוין לאנג דארטן א מיטגליד און איז זיכער אינגיכן צו ווערן פרעזידענט... יע, מען דארף אומבאדינגט גיין אויף דער זיצונג...

ציוניסטן אט פון דעם סארט האבן אין א קורצער צייט פאר־נומען דעם אויבנאן פון באקוער קרוזשאק, און דאס הייפעלע סא־ציאליסטיש געשטימטע חברים האבן צוטומלטע געמאכט א פרווו צו שאפן אן אייגענעם קרוזשאק. דערפון האט זיך אבער גארנישט אויסגעלאזן, ווייל די סאציאל־רעוואלוציאנערע פארטיי, וואס איז געווען זייער שטארק אין באקו, דערשטעקנדיק די סיטואציע אין אונזער קרוזשאק, האט געשלאגן פארטיי־קאפיטאל פון דער לאגע און אריבערגעצויגן צו זיך כמעט אלע חברים.

ביי מיר האבן זיך אויך געעפנט די אויגן און איך האב קלאר דערזען, אז איך האב זיך „ארייגעזעצט ניט אין מיין שליטן"... א פארביטערטער בין איך ארויסגעטראטן פון דער פארטיי. א באוועג־גונג, וואס ציט אריין אין אירע רייען אזויפיל קאריערייסטן און „אלרייטניקעס" איז ניט פאר מיר...

אין זכרון זיינען ביי מיר פארבליבן א פאר בילדלעך פון די בורזשואזע ציוניסטישע פירער אין באקו.

אט איז זייער פארזיצער, אינזשיניר סאוועלי באריסאוויטש

פרידליאַנד. ער איז געווען דער פאַרוואַלטער פון אַ גרויסער נאַפט־דעפּאָזיט סטאַנציע אין „טשאַרדני־גאַראַד", וואָס האָט באַלאַנגט צו זייער אַ דייבער אידישער אַקציען־געזעלשאַפט „מאַזוט". אַ קליין, דיק מענטשל אין גאָלדענע ברילן מיט אַ שוואַרצער בערדל אַ לאַ בולאַנזשע. ער פלעגט קאַנוואַלסיוו אונטערהייבן די אַקסלען און אונטערהוסטן דערביי. אים איז ניט פרעמד געווען אַ אידישער ספר, אין וועלכן ער פלעגט אַמאָל אַריינקוקן. אין שטאָט האָט מען גע־וווּסט, אַז גיכער קען מען פון אַ שטיין וואַסער אַרויסקריגן, איידער דערשלאָגן זיך פון פרידליאַנדן עפּעס אַ טובה, אָדער ער זאָל צונעמען אַ אידישן אָנגעשטעלטן. דער מאַן איז געווען האַרט ווי קיזלשטיין און מען האָט אים מיט קיין זאַך ניט געקענט ווייך מאַכן.

די פאַרוואַלטונגס־זיצונגען פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע האָט ער געפירט ביד רמה, דיקטאַטאָריש, און האָט שטענדיק דורכ־געפירט, וואָס ער האָט געוואָלט.

ליפּמאַן איצקאָוויטש, דער קאַזנאַטשעי פון דער אָרגאַניזאַציע, אַ איד אַ גביר. ער האָט געהאַט אַן אייגענעם נאַפט־פּראָמיסעל אין באַלאַכאַני און אַ רעפענעריע אין „טשאַרני־גאַראַד".

קורץ און קיילעכדיק, ווי אַ פעסל, פלעגט ער זיך „קייקלען" זייער לאַנגזאַם. גערעדט האָט ער זייער ווייניק, זעלטן האָט מען פון אים געהערט אַ וואָרט. אַז ער פלעגט „אַריינקייקלען" זיך אין דער נאַפט־בירזשע, פלעגן אים די אידישע נאַפט־מעקלערס אַרומ־רינגלען, ווי בינען. אַפּגעזוכט זיך אַ שטול — פלעגט ער אַוועקזעצן זיך אַ קאַלטער און אומבאַוועגלעכער, ווי בודא.

— ה" איצקאָוויטש — פלעגט אים אַ מעקלער איינרוימען אין אויער — איך האָב הונדערט טויזנט פוד פון רילסקען אויף פופצן אַ פערטל. — ה" איצקאָוויטש שווייגט און גיט ניט קיין ריר מיט אַ ברעם.

— און אַז איך וועל עס מאַכן מיט אַן אַכטל? — מאַמערט זיך דער מעקלער. ער שווייגט ווידער, ווי ניט אים מיינט מען.

— איך וועל זיך פרוון, ה" איצקאָוויטש, אפשר וועל איך עס קענען מאַכן „גלייך", לאָזט זיך שוין דער מעקלער על קדוש השם.

— מאך, זאָגט „בודא" ארויס דעם איינאיינציקן וואָרט, און זיצט ווייטער פארגליווערט.

ער פלעגט אויפקויפן נאפט אין די מיליאָנען פודן ביי פאר זיין רעפינעריע, פאר וועלכער זיין אייגענער פראמיסעל האָט ניט געהאט גענוג פראָדוקציע, און ביי פאר ספעקולאציע.

ער האָט אמאָל/קינדוויז עפעס געלערנט און געדיינקט דערפון שטיקלעך און ברעקלעך. ער האָט ליב צו הערן א שטיקל תורה — א פסוק אָדער א מאמר ח״זל צוגעמאָסטן צום לעבן. ער סאָפעט דאן צופרידן און — שווייגט.

זיין ווייב סאָשע, א לייביקע, זייער א פּראָסטע אידענע, מיט א ווערימדיקן מויל, פון וועלכן עס פלעגן זיך אָפט שיטן מארק־קללות טאקע אויף איר טייערן, געליבטן מאנדל־בייגעלע, האָט גע־פירט אירע אייגענע געשעפטן. זי האָט געהאט איר אייגן קאפיטאל, און פלעגט ספעקולירן אויף דער בירזשע פון ווערט־פאפירן. זי איז געווען א „הייסע" ציוניסטקע, און אויף די אלגעמיינע פארזאמלונ־גען פלעגט זי אָפט ארויסטרעטן מיט אזעלכע נארישע רעדעס און פאָרשלאגן, אז עס האָט געשלאָגן צום הארצן. איר „בודא", אפילו ער, פלעגט אויך אמאָל א ריר־טאָן זיך אויף זיין שטול מיט א זויע־רער גרימאסע, ווען זיין סאָשקע פלעגט זיך צולאָזן אויף אלע פארוסן... און אויב ביי ליפע איצקאָוויטש האָט מען נאָך יע געקענט ארויס־רייסן אמאָל א גאנץ פיינע נדבה, איז ביי סאָשען געווען די האנט צוגעשלאָסן, ווי ביי א טויטן.

דער סעקרעטאר פון דער אָרגאניזאציע, וועמענס נאָמען איך קען מיך ניט דערמאָנען, א קוועק־זילבערדיקער יונגערמאנטשיק, איז געווען א מעקלער אויף דער נאפט־בירזשע. ער פלעגט זיך דרייען ארום פרידליאנדן און איצקאָוויטשן; מיט א הניפה־הכנעהדיקן שמייכעלע, עטוואָס געבויגן, איז ער שטענדיק געווען צו זייער דינסט: א לאָף־טאָן אויף דער בירזשע, אין באנק אָדער גלאט עפעס א נאנג פארן היימעשן געברויך. דערפאר פלעגט ער גיכער ווי אנדערע מעק־לערס ארייננכאפן ביי זיי א פארדינסטל — פאָרט אן אייגענער מענטש. ווען איך בין ארויס פו דער אָרגאניזאציע, איז ער א שטיק צייט

נאָבגעלאָפן נאָך מיר: סטייטש און סטייטש, היתכן? — פאַר וואָס, פאַר ווען? — איך האָב זיך פון אים קוים אָפּגעטשעפּעט.

אין גיכן האָב איך זיך אויך באַפרייט פון מיינע רעפּעטיטאָר־פּליכטן. איך האָב געקראָגן אַרבעט ביי א מיליאָנערסקן טאַטער, און האָב זיך צוזעגנט מיט מיינע תלמידים.

מיין אַרבעט־געבער מיט דעם פינפנאַרנדיקן נאָמען — גאַרדזשי שיך־אַלי דראַש־אָגלי, אָדער דראַשעוו. ווי זיינע זין האָבן עס איבערגעמאַכט אויפן רוסישן שטייגער, איז געווען אַן אַלטער מאַן מיט א פּאַטריאַרכאַלישן אויסזען. הויך און גלייך, ווי א ווירע, אין א לאַנגער זיידענער זשופּעצע, אָדער בעקעשע ווי עס הייסט אין טאַ־טעריש. פאַרגאַרטלט מיט א שיין־געוועבטן זיידענעם גאַרטל, אין שיך אָן זאַדניקעס, וועלכע מען קען אָנטאָן און אויסטאָן מיט איין מאַך מיט פוס, איז ער געגאַנגען לאַנגזאַם, מיט געציילטע טריט. אויפן קאָפּ האָט ער געטראָגן א הויכע קאַראַקולעווע קוטשמע, אין וועל־כער ער האָט אויסגעזען נאָך העכער, ממש א גיגאַנט. אין קאַנטאָר פּלעגן זיצן זיינע צוויי זין און ער אליין האָט געהאַט פאַר זיך א קליין צימערל אין הויף פון דער זעלבער הויז. דער צימערל איז גע־ווען אָן פענצטער מיט א שטענדיק אָפענער טיר, דורך וועלכער עס פּלעגט אַריינקומען לופט און אביסל ליכט, אויסגעבעט מיט א גוטן פּערסישן טעפּיך, אָן קיין שום מעבל. דער אַלטער פּלעגט זיצן די פיס אונטער זיך. ביי זיין רעכטער האַנט איז געשטאַנען אַן איי־זערנע קעסטעלע, ווו ער פּלעגט האַלטן געלט.

דאָס רענט פון די פערצן הייזער, וואָס ער האָט געהאַט אין שטאָט, און פּראַכט פון די פיר גרויסע דאַמפּער אויף צו פירן נאַפט, וואָס זיינען געשוואומען איבערן קאַספּישן ים, האָט געמוזט אַריינ־געטראָגן ווערן דעם אַלטן. ווען מען האָט געדאַרפט אויסצאָלן אַר־בעטער, אָנגעשטעלטע, פאַר פאַרשידענע בוי און אַנדערע מאַטע־ריאַלן, האָט מען געמוזט עס נעמען פון אים. ער האָט אַלעם פאַר־שריבן אויף טאָטעריש אין א לאַנגן, שמאָלן ביכעלע. דער קאָפּ האָט ביי אים אַזוי גוט געאַרבעט, אז ער פּלעגט געדיינקען יעדעם פּיצעלע.

זיינע צוויי זין — דער עלטערער אַלי־אַסגער, א מאַן איבער פערציק, און דער אינגערער אַלי־אַקבער, פון פינף און דרייסיק יאָר,

האָבן שוין פון יאָרן געפירט אַ רוגז צווישן זיך. דער געשעפט־פּי־רער איז געווען דער אינגערער זון. דער עלטערער פלעגט נאָר אין די פרימאָרגנס קומען אויף אַ פּאָר שעה אין קאַנטאָר איבערלייענען דאָס טאַטערשע בלעטל, וואָס פלעגט אַרויס אין באַקו, און די אָר־טיקע רוסישע צייטונג „קאַספּי". רוסיש האָבן ביידע זין שלעכט גע־רעדט, מיט מאַטערניש געליענט און ווייניק פאַרשטאַנען. זיי פלעגן מיך ביידע פאַרמאַטערן מיט אָן אַ שיעור פראַגעס — וואָס מיינט דאָס און וואָס באַדייט יענעס. ווען די ברידער האָבן געדאַרפט עפּעס איבערגעבן איינער דעם צווייטן איז עס געגאַנגען דורך מיר.

דער אַלטער טאַטע האָט סימפּאַטיזירט מיטן אינגערן זון און דערפאַר איז דער עלטערער געווען אויף אים אַש להבה. ער האָט דעם טאַטן קיינמאָל ניט באַזוכט, און ווען דער אַלטער גאַדזשי פלעגט אַמאָל אַריינקומען אויף אַ קורצער ווײַלע אין קאַנטאָר, פלעגט אַלי־אַסגער אויפשטעלן זיך פאַר אים און בלייבן שטיין די גאַנצע צייט, וואָס דער פאָטער פלעגט פאַרווײַלן אין קאַנטאָר. מיט קיין איין וואָרט פלעגט דער אַלטער ניט ווענדן זיך צום זון. דער כעס אויף אים איז געקומען פון דעם, וואָס אַלי־אַסגער האָט גענומען אַ צווײ־טע פרוי צו דער ערשטער, וועלכע איז געווען דעם אַלטנס אַ פּלי־מעניצע. דאָס האָט אים דער טאַטע ניט געקענט מוחל זיין.

ביידע זין האָבן געהאַט אויף זייער נאָמען הייזער און האָבן ניט געדאַרפט אָנקומען צום אַלטן.

קיינע ביינק האָט דער אַלטער ניט אַנערקענט. דאָס געלט — אין די שווערע צענדליקער טויזנטער — האָט ער געהאַלטן ביי זיך אין אַ גרויסן אייזערנעם קאַסטן, צוגעשמידט צום פּאָל מיט דיקע אייזערנע שטאַנגען און פאַרשלאָסן מיט דריי גרויסע שלעסער.

ווען עס פלעגט זיך אָנזאַמלען גאָר אַ גרויסע סומע, פלעגט ער צוטרעטן בויען אַ פיל־שטאָקיקע הויז אויף איינעם פון די פלעצער וואָס ער האָט געהאַט אין פאַרשידענע טיילן פון שטאָט. און אָט אַזוי איז געוואַקסן דער צאָל פון זיינע הייזער.

די צאַרישע רעגירונג, ווי איך האָב שוין דערמאָנט, האָט אין דער אָפּגעשטאַנענער טאָטערשער באַפעלקערונג געזען אַן אייזערנע וואַנט, אָן וועלכער זי קען זיך זיכער אָנשפּאַרן. דערפאַר איז מיר

טאקע געווען א וואונדער, וואָס יעדע מפּלה, וואָס די צאַרישע אַרמיי־
ען און דער צעפוילטער צאַרישער פּלאַט האָבן געליטן אין דער
מלחמה מיט יאפּאַן, האָבן ארויסגערופן פרייד אין די הערצער פון
גאַדזשי מיט זיינע צוויי זין. פאַר מיר האָבן זיי זיך ניט געשעמט
און ניט מורא געהאַט עס אָפן ארויסווייזן. איך האָב דאַן אויסגע־
שריבן די זייער ערנסטע, ליבעראַלע און ערלעכע מאָסקווער צייטונג
„רוסקיע וועדאָמאָסטי״, וועלכע האָט — אויף וויפל די שטרייננגע
אָבער אומוויסנדע צאַרישע צענזור האָט ערלויבט — געגעבן אמתע
באַריכטן פון די פראָנטן מלחמה, און אין יעדן נומער באַלויכטן אין
פּאַרטייטשט די ידיעות. מיינע טאָטערן פלעג מיך ניט אָפּלאָזן, ביז
וואַנען איך פלעג זיי ניט פאַרטייטשן יעדעס וואָרט פון צייטונג.
און אַזוי ווי די ידיעות זיינען כסדר געווען טרויעריקע פאַר די רוסי־
שע אַרמייען, פלעגן מיינע באַלעבאַטים זיי צוצוקערן און גאָר אָנ־
קוועלן פון פרייד.

דער אַלטער גאַדזשי פלעגט זייער אָפט מיך שיקן רופן צו אים
אין צימערל, הייסן ברייננגען א שטול פאַר מיר, און אויף זיין גע־
בראָכענעם רוסיש אריינלאָזן זיך מיט מיר אין א פּאָליטישן און
סטראַטעגישן געשפּרעך.

דער טאָג, ווען פּאָרט־אַרטור איז געפאַלן, איז געווען פאַר דעם
אַלטן מיט זיינע זין און פאַר אַלע טאָטערן א יום־טוב־טאָג. זיי האָבן
געשאָלטן מיט טויטע קללות דעם דאַמאָלסטדיקן פינאַנץ־מיניסטער
וויטע, פאַרוואָס ער האָט אין פּאָרטסמוט געשלאָסן שלום מיט די
יאַפּאַנעזער, אויף אַזעלכע פאַרהעלטנמעסיק־לייכטע פאַר רוסלאַנד
באַדינגונגען. דאָס וואָס רוסלאַנד האָט פאַרלאָרן א האַלבן אינזל
סאַכאַלין, דעם גאַנצן קוואַנטון־האַלב־אינזל מיט א שטיק הינטער־
לאַנד, און וואָס האָט געדאַרפט באַצאָלן א שיינע מטבע קאָנטריבו־
ציע, איז פאַר זיי ווייניק געווען. זיי האָבן געוואָלט זען איר גאַנצע
מפּלה און העכסטע דערנידערונג.

באַקענענדיק זיך מיט די געדיכטע טאָטערשע שיכטן, און צו־
קוקנדיק זיך נעענטער צו זייער לעבנסשטייגער, האָב איך פאַר־
שטאַנען, אַז הגם זיי זיינען זייער אָפּגעשטאַנען, רעאַקציאָנער גע־
שטימט און אין אַבסאָלוט אנטירעוואָלוציאָנערער עלעמענט, ברענט

אָבער אין זייערע הערצער א פייערדיקע שנאה צום רוסישן באהער־שער, וואָס שטרעבט אויף זיין אומגעלומפּערטן פּאָליציייעשן אופן זיי רוסיפיצירן, און איגנאָרירט זייער רעליגיע און זייערע מנהגים.

איין מנהג, אמת, האָט די צארישע מאכט ניט נאָר טאָלערירט, נאָר אפילו פּראָטעזשירט. דאָס איז אָבער דערפאר, וואָס עס איז געווען א ווילד־פאנאטישער, בלוטיקער מנהג, און ער האָט נאָך מער פארטונקלט די אזוי אויך פינצטערע טאָטערשע פּאָלקס־מחות. איך רייד וועגן די ווילדע פּראָצעסיעס, יואָס פלעגן אין משך פון א גאנצן חודש יעדן יאָר, טאָג איין טאָג אויס, ציען זיך איבער באקוער גאסן.

מאהאמעד, דער נביא פון די מאהאָמעדאנער, האָט געהאט א פעטער אלי. אָט דער אלי איז דערהרגעט געוואָרן אין איינער פון די אומציייליקע מלחמות, וואָס מאהאָמעד האָט געפירט.

דער שיאיטישער טאָלק פון דעם מאהאָמעדאנער גלויבן פאר־הייליקט אָט דעם אלי, און דער חודש, אין וועלכן ער איז געטויט געוואָרן, איז ביי די שיאיטן א טרויער־חודש.

אָנגעטאָן אין א זאק, וועלכער איז אויסגעשניטן אויפן פּליי־צע, מיט א בינדל קייטן אין די הענט, ציען זיך לאנגע פּראָצעסיעס פון די טרויערער. פאר זיי גייען עטלעכע פייקלער, וואָס שלאָגן אין זייערע פּויקן מיט אלע כוחות. די פּראָצעסיע זינגט עפּעס וועגן אלי, זינגט מיט משוגענע הוויות און מיט אוינן־גלאָצעריי און שלאָגט זיך מיט די קייטן איבער די ענטהילטע פּלייצעס. די פּלייצעס זיי־נען אויפגעלאָפן און מיט בלוט פארגאָסן, די פאנאטישע טרויערער פילן עס אָבער ניט און שמייסן זיך מיט די קייטן איבער די פאר־בלוטיקטע וווּנדן. פון צייט צו צייט שרייט איינער אויס: שאכסעי! — און דער גאנצער עולם ענטפערט: וואכסעי!... דאָס איז עטוואָס ענלעכעס צום העברעאישן — אוי ואבוי. דערפאר הייסט טאקע אָט די ווילדע צערעמאָניע — שאכסעי, וואכסעי.

דעם לעצטן טרויער־טאָג פלעגן די שאכסעי־וואכסעיניקעס פארזאמלען זיך אין מעטשעט, ביי דער אָנוועזנהייט פון א גרויסן עולם פרומע צושויער. די מולאָס פלעגן צוהיצן זייער פאנטאזיע מיט א פאָרשטעלונג, וואָס האָט געוויזן ווי אזוי אלי איז געטויט גע־וואָרן, און מיט פּאסיקע רעדעס און תפילות. אין דעם קולמינאציאָ־

נעם מאָמענט פלעגן די פאנאטיקער ארויסכאפּ שווערדן און מעסערס, וואָס זיי פלעגן ספּעציעל ברייננען, און צושניידן זיך די געגאלטע קעפּ. עס פלעגן טרעפן טויט־פאלן.

פארשטייט זיך, אז אין די טרויער־פּראָצעסיעס פלעגן גיין נאָר די אָרימסטע שיכטן פון דער באפעלקערונג. די רייכע פלעגט מען דאָרט קיינמאָל ניט זען, און אויב ווו ניט ווו פלעגט זיך אין דער פּראָצעסיע באווייזן אמאָל ווער פון מיטלקלאַס, איז ער געגאַנגען אין זיי געוויינלעכער קליידונג און אָן קייטן. מיטן האנט פלעגט ער לייכט זיך שלאָגן אין הארצן, אָט ווי א האלב־פרומער איד שלאָגט זיך על חטא — נאָר פון יוצא' וועגן. האקן די קעפּ פלעגן נאָר די קבצנים. גאָר פרומע נגידים פלעגן דינגן אימעצן, ער זאָל פאר זיי טרויערן, און פלעגן אכטונג געבן, אז ער זאָל זיך שמייסן מיט די קייטן מיט התמדה, און צוהאקן זיך דעם קאָפּ ביז פארפלייצט ווערן מיט בלוט.

די צייט איז געגאנגען און געבראכט מיט זיך נייע וויאונגען. די צושלאָגענע, פארפייניקטע ארמייען האָבן זיך אומגעקערט אהיים אומצופרידענע, צורייצטע. איבער דער לייננ און ברייט פון דעם גרויסן לאַנד האָבן אָנגעהויבן בלאָזן רעוואָלוציאָנערע ווינטן. אין די טיפענישן פון פאָלק האָט געברויזט און געקאָכט ווי אין א קעסל. די צארסקע פּאָליציי האָט זיך געוואָרפן אין אלע זייטן, זי איז אָבער געווען צוטומלט און ניט געוווסט וואָס צו טאָן. און אָט איז אין אָקטאָבער נייננצן פינף אויסגעבראָכן דער אלגעמיינער אלרוסישער סטרייק.

דאָס גאַנצע לעבן אין לאַנד האָט זיך אָפּגעשטעלט. די באנען גייען ניט. פאבריקן און זאוואָדן שטייען. קיין ליכט איז ניטאָ.

אין פעטערבורג האָט מען פארלאָרן דעם קאָפּ. נאָך לאנגן ישוב הדעת האָט דער געקרוינטער אידיאָט אונטערגעשריבן די „באַרימטע" רוסישע „קאָנסטיטוציע" פון דעם 17־טן אָקטאָבער.

די רעאַקציאָנערע באנדע ארום דעם טראָן האָט אויסגעארבעט די „קאָנסטיטוציע" מיטן אבזיכט, אז זי זאָל בלייבן אויפן פּאַפּיר און טאקע גלייך נאָך דעם, ווי דאָס לעבן אין לאַנד איז געוואָרן נאָרמאַל, האָט מען זיך גענומען פארפלייצן רוסלאַנד מיט כולי־

גאנישע שווארץ־מאה באנדעס, וועלכע האָבן געשאַלטעוועט אויף דער פריי אונטערן שוץ און מיט דער הילף פון דער אָפענער און סעקרעטער פּאָליציי.

איך געדיינק, אז אזוי שנעל ווי אין נאָוועמבער פון יענעם יאָר, קוים א חודש נאָך דעם קאָנסטיטוציאָנעלן מאניפעסט, האָבן זיך שוין איבער באקוער גאסן, ווי פינצטערע שאָטנס, געשלייכט טונקעלע פארשוינען מיט צארסקע פאָנען אין די הענט. איינציקווייז פלעגן זיי פארשווינדן אין די פּאָליציי־אוטשאסטקעס, ווו מען האָט זיי קאָנסטרואירט אין דער פּאָגראָם־מלאכה און באזאָרגט מיט געווער.

אממייסטן זיינען עס געווען טאָטערן, דער אומוויסנדער און רעאקציאָנערער טייל פון דער באפעלקערונג.

ווי גאָר גיך האָט זיך ארויסגעצייגט, האָט מען זיי געהעצט קעגן די ארמענער, און געמאכט פּלענער פון פלוצלומדיקן אָנפאל אויף זיי איינצייטיק אין אלע טיילן פון שטאָט.

איך קען מיך ניט דערמאָנען פונקט דעם טאָג, ווען דער מערדערישער אָנפאל אויף די פופציק טויזנט ארמענער אין שטאָט איז אויסגעבראָכן. עס איז אָבער געווען אין רעלאטיוו זייער א קורצער צייט נאָך דער אָקטאָבערסקער „קאָנסטיטוציע".

אזייגער איינס בייטאָג האָבן זיך פלוצלונג דערהערט זאלפּן פון ביקסן און רעוואָלווערן. די געשעפטן האָבן זיך מאָמענטאל פארמאכט, און דער צוטומלטער עולם איז אין שרעק געלאָפן איבער די גאסן, זוכנדיק א באהעלטעניש פון די קוילן, וואָס זיינען געפלויגן פון אלע זייטן.

עס האָבן אָנגעהויבן פאלן קרבנות — אויסשליסלעך ארמענער, און דאָ, דאָ, דאָ דאָרט זיינען שוין געלעגן הרוגים אין לוזשעס בלוט.

ביים ערשטן טומל האָב איך מיך געאיילט אין גימנאזיע אָפּצונעמען מיין קליינעם זון, וואָס האָט דאָרט געלערנט אין ערשטן קלאס. לויפנדיק מיט אים אהיים, שוין ניט ווייט פון מיין וווינונג, האָבן מיר זיך אָנגעשטויסן אויף איין אָרימן ארמענישן טרעגער, וועלכער איז אין טויט־שרעק געלאָפן פון זיין פארפאָלגער — א

דיקן, גוט אויסגעפּאַשעטן טאַטער. יענער האָט אויף אים געשאָסן פון א רעוואָלווער, און ווען דער אומגליקלעכער איז דורכגעלאָפן הארט פארביי אונז, האָט א שטראָם בלוט פארגאָסן מיין קינדס שינעל — די אָפיציעלע אוניפאָרם פון גימנאזיע.

פינף טעג האָבן צעיושעטע רוצחים געמאָרדעוועט און גערא־בירט אין שטאָט און קיינער האָט זיי ניט אָפּגעהאלטן. די פּאָליציי איז ווי אויסגעשטאָרבן און דעם מיליטער גארניזאָן, וואָס האָט זיך געפונען אין שטאָט, האָט מען ניט ארויסגעלאָזן פון די קאזארמעס. איבער דריי טויזנט ארמענער זיינען געפאלן אין די פינף טעג, און אויך ביי א טויזנט טאָטערן זיינען דערהרגעט געוואָרן פון דעם „דאשנאק־צוטיון" — די רעוואָלוציאָנערע ארמענישע פארטיי, וואָס האָט זיך איילנדיק מאָביליזירט און געגעבן א ווידערשטאנד.

אויפן זעקסטן טאָג, ווען די פארצווייפלטע באפעלקערונג פון שטאָט האָט אין דער פרי ארויסגעקוקט דורך די שפּארונעס פון די פארמאכטע לאָדנס, האָט זי דערזען אויף די אויסגעשטאָרבענע גאסן מיליטער און פּאָליציי־פּאטרולן.

אויף די ראָג־גאסן זיינען געווען אויסגעקלעפּט מודעות פון דעם באקוער גובערנאטאָר, אז ווען די פּאָליציי וועט כאפּן מיט געווער אין די הענט, וועט זי גלייך אויפן אָרט דערשיסן. דאָס האָט געווירקט, ווי דורך א צויבער. אין א שעה שפּעטער זיינען די גאסן פול געוואָרן מיט מענטשן. ווו ניט ווו האָבן זיך אפילו די געשעפ־טען געעפנט. פּאָזשארנע קאָמאנדע האָט מיט גערויש געאיילט צו די פלעצער, ווו עס האָבן געברענט אונטערגעצונדענע נאפט־ווישקעס. גרויסע וועגענער, אָנגעלאָדענע מיט טויטע קערפּערס, האָבן זיך מיט זייטיקע גאסן געשלייכט ארויס פון שטאָט, צו די בית עולמס. עס האָבן זיך באוויזן אויף די גאסן אויך ארמענער, וועלכע האָבן זיך נאָך ארומגעקוקט אויף אלע זייטן מיט דערשראָ־קענע אויגן.

אויפן צווייטן טאָג איז דער לעבן אין שטאָט געוואָרן כמעט נאָרמאל, דאָס איינציקע וואָס האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן זיי־נען געווען די פולע וועגענער מיט שטוב־חפצים און אנדערע בע־

בעבעס, וואָס האָבן זיך געצויגן איבער די גאַסן, ווי אייגנאַרטיקע פּראָצעסיעס.

דאָס האָבן זיך אַרמענישע פאַמיליעס אין די טויזנטער אַריי־בערגעצויגן פון זייערע ווײַן־פעלעצער, וואָס האָבן זיך געפונען אין יענע ראַיאָנען, וו דאָס מייסטע טייל איינוווינער זיינען טאָטערן, אין די טיילן, וו עס וווינען מער אַרמענער.

די טאָטערן — אויס מורא פאַר נקמה — האָבן אויך געטאָן דאָס זעלבע. און פון דאַן אָן, אויף לאַנגע יאָרן, ביז דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע, האָט זיך די שטאָט שאַרף צוטיילט אויף צוויי טיילן — אַרמענישע און טאָטאַרשע.

מיינע טאָטערן, ביי וועלכע איך האָב געאַרבעט, דער אַלטער גאַדזשי־שייך־אַלי דאַדאַש־אָגלי מיט זיינע צוויי בנים, מיט אַ מינע פון גרעסטן אומשולד אויף זייערע פּנימער, זיינען, ווי געוויען, יעדערער געזעסן פלעגמאַטיש אויף זיין פּלאַץ און פון צייט צו צייט אַרויסגעלאָזן אַ זיפץ, און גלייך נאָכדעם — אַ גלאָץ מיט די אויגן און אַ פרומען אויסרוף: אַללאַ! — דאָס האָט געמיינט דערמאָנסטרירן פאַר דער גאַנצער וועלט, אַז זיי זיינען ריין פון דעם פאַרגאָסענעם בלוט, ווי אומשולדיקע לעמעלעך.

נו, געוויס — אַליין האָבן זיי קיינעם ניט געשאָסן, אָבער זייערע „הויף־מענטשן", וואָס בויגן זיך אין דרייען פאַר זיי און לעבן מיט זייער חסד, האָבן שוין יאָ געשאָסן, און טאַקע אַ סך...

די רעאַקציע אין לאַנד איז דערווייל געוואַקסן, און עס איז שווער געוואָרן צו אָטעמען.

אַלעס וואָס רייסט זיך צו פרייהייט האָט זיך פאַרשטעקט אין דער „פּאָדפּאָליע" און פון דאָרטן ענערגיש אונטערגעגראָבן די פוילע פונדאַמענטן פון דער צאַרישער „סאַמאָדערזשאַוויע".

איך האָב אויך צוגעלייגט אַ האַנט, אָבער דער פריערדיקער ברען איז פאַרשוואונדן. די בלוטיקע געשעענישן פון דער טאָטער־אַרמענישער שחיטה האָבן אויף מיר געמאַכט אַ דערדריקנדן רושם, און איך האָב אַ לאַנגע צייט ניט געקענט צו זיך קומען.

כדי צו באַפרייען זיך פון דעם בלוטיקן קאָשמאַר, האָב איך זיך פאַרנומען אויסצופאָרשן דאָס לעבן פון די גרים, וועלכע האָבן

מיט 150 יאָר צוריק געגרינדעט אין דעם מוגאַניער סטעפּ, נישט ווייט פון באַקו, אַ גרויסן דאָרף מיטן נאָמען: פּריוואָלנאַיע, וואָס ליגט כמעט ביים פּערסישן גרעניץ.

געגומען זיך אַ פּאָר פרייע טעג, בין איך אין אַ פּראָסטן וואָגן געפאָרן אין דעם דאָרף צו באַקענען זיך נעענטער מיט די גרים.

די פּראַכטפולע שיינקייט פון דעם סטעפּ, וועלכער האָט זיך ברייט צעלייגט צווישן דעם קאַספּישן ים און דעם זאַגעגאַנטן קליינעם האַוקאַזער ברעבעט; די געטלעכע שיינקייט, וואָס רוט אויף דער גרויסער שטרעקע לאַנד באַוואָקסן מיט הויכע גראָזן, האָט אריינגע־דרונגען אין מיין צעוויטאָקטער נשמה. איך האָב מיך דערפילט ווייט־ווייט פון דער ערד מיט אירע טרויעריקע ווירקלעכקייטן...

די געשיכטע פון אָט די גרים איז אַ גאַנץ זאָנדערבאַרע.

אין דעם לעצטן פערטל פון 18־טן יאָרהונדערט, ווען אין רוס־לאַנד האָט געהערשט יעקאַטערינאַ די צווייטע, האָבן זיך עטלעכע דערפער פּויערים, אין איינער פון די צענטראַלע גרויס־רוסישע גו־בערניעס, ניט באַוווסט אונטער וועלכן איינדרוק, איינצייטיק מגיר געווען. געמאַכט אויף זיך די אָפּעראַציע פון מילה און — געוואָרן אידן.

אַז די רעגירונג האָט זיך דערפון דערוווּסט, האָט מען געפּרוווט מיט אַלע גרויזאַמע מיטלען זיי מחזיר בתשובה זיין, און ווען עס האָט קיין זאַך ניט געהאָלפן, האָט מען זיי אַלעמען מיט זייערע ווייבער און קינדער פאַרשיקט אין דער שוידערהאַפטער — פאַר יענער צייט — ווייטער און ווילדער זאַקאַווקאַזיע, וואָס איז ניט לאַנג דע־ראָבערט געוואָרן.

פיל האָבן די מענטשן אויסגעליטן ראַנגלענדיק זיך מיט דער נאַ־טור אין דער וויסטעניש און מיט די ווילדע בייזע שכנים אַרום, ביז עס אַז זיי געלונגען צו באַזעצן זיך אין דעם מוגאַניער סטעפּ און צו גרינדן דאָס דאָרף „פּריוואַלנאַיע".

דאָס לאַנד, ווו די גרים האָבן זיך באַזעצט, איז געווען אַזוי ווייט פון פּעטערבורג, דאָס אַהין האָט אַפילו די שטאַרקע סאַמאָדערזשאַוו־נע האַנט פון יעקאַטערינען כמעט ניט דערגרייכט, און די גרים האָבן זיך ווירקלעך געפילט דאָרטן פריוואַלנע און פריי צו דינען זייער ניי־עם אידישן גאָט.

קוקנדיק אויף די ווייטע, ליבטיקע האָריזאָנטן פון דעם סטעפּ, וועלכער האָט אויסגעזען ווי א בית המקדש, ווו — אונטער דעם מעי־לאָדישן געזאנג פון די פרייע פויגעלעך — האָבן די הויכע גראָזן גע־שאָקלט זיך מיט כוונה אין א טיפן לויב־געזאנג צו זייער שעפער, האָב איך געטראכט פון די פּראָסטע דאָרפישע גויים, וואָס האָבן אין יענע פינצטערע צייטן אזוי שווער און פארשקלאפט געארבעט פאנ־טשינע, וואָס האָט זיי — פארגרעבטע, פארהאָרעוועטע, פינצטערע מענטשן — געבראכט צו דער הויכער מדרגה מוסר נפש זיין זיך פאר זייער נייעם גלויבן? — וועלכע שטארקע הייוון האָבן יאָרן־לאנג גערירט זייער נשמה אום ארויסצורופן אין לעבן אזא העלדישע באַ־ציאונג צו א געטלעכער אידייע? — וועלכע גייסטיקע כוחות האָבן זיי באוועקט אָפּצורייסן זיך פון זייער וועלט, וואָס האָט געקוקט אויף זיי מיט דער גרעסטער פאראכטונג, און אוועקגיין אין א פרעמדער וועלט פון טיפע געטלעכע געדאנקען, אָבער אויך פון טיפע, אומער־מרעגלעכע ליידן? —

ווער קען עס אונז דערציילן, וואָס די מענטשן האָבן איבערגע־טראכט און איבערגעלעבט!...

און מיר האָט זיך פאָרגעשטעלט, אז די אור־אייניקלעך פון אזעל־כע גרויסע נשמות מוזן געוויס זיין אנטוויקלטע מענטשן מיט א ריינעם, פרישמעקענדיקן גלויבן...

מיין וואָגן האָט זיך לאנגזאם געשלעפּט דורכן סטעפּ און אויך לאנגזאם זיינען געדונען מיינע געדאנקען...

איך האָב זיך פאָרגעשטעלט, ווי סם־המותדיק די גלחים פון יע־נער צייט האָבן זיך געביסן די פינגער, ווען זייערע „בוימלדיקע" רייד האָבן נים געווירקט אויף די „זשידאָווסטוואָוושטשיע" — ווי מען האָט די גרים דאמאָלסט גערופן. ווי די טשינאָווניקעס פון דער אימ־פעראטעריצא האָבן רציחה געקריצט מיט די ציין, בעת זיי האָ־בען די „כופרים" מערדעריש געשמיסן, און ניט איין קרעכץ האָט זיך געהערט פון די געמאטערטע...

און א געמישטער געפיל פון גאוה און נקמה האָט מיך באַ־הערשט. גאוה — פאר מיין פאָלק און מיין גלויבן. און נקמה — אָן יענע ווילדע ברואים, וואָס פייניקן אונז אזוי פיל אלעם אידן.

— אהא, זעט נאָר, ווי אייערע עבט־רוסישע פּראוואָסלאווניע שעפּסן זיינען ארויסגעשפּרונגען פון דער טשערעדע און געוויזן אייך, במחילה, די הינטערשטע פּיס!... זיי זיינען אוועק צו אונז. און ווייסט איר פאַרוואָס? — ווייל ביי אייך איז נאָר דער רייער, חיה־שער כוח. איר קענט שלאָגן, שמייסן, אומברייננגען. מיר אָבער פאַר־מעגן דעם גייסט און ער בלייבט שטענדיק דער זיגער!...

זים זיינען געווען אָט די געדאנקען, זיי האָבן באלזאם געגאָסן אויף מיינע ספּעציפישע אידישע וואונדן. זיי האָבן מיך בארואיקט און פאַרוויגט, — איך האָב איינגעדרעמלט...

אויפגעכאפּט האָב איך זיך, ווען מיר זיינען שוין אריינגעפאָרן אין דאָרף.

נייגעריק האָב איך זיך ארומגעקוקט אין אלע זייטן, געזוכט אי־דישע פּנימער, — איך האָב זיי אָבער ניט געפונען. אנטקעגן זיי־נען מיר געקומען עכט רוסישע פּויערים מיט גרויסע, אָפט רויטע, בערד. קינדער מיט ווייסע פלאַקסענע האָר און מיט פּרעכע נעזלעך, ווי א קליינע קארטאָפליע, האָבן זיך געשפּילט ביי די הייזלעך גייעס, געקליידט ווי אלע גרויס־רוסישע דאָרפישע פּויערטעס, האָבן זיך איבערגעשריען מיט די שכנות איבערן גאס אין דער עכטער גרויס־רוסישער אויסשפּראך.

איך רייב די אויגן און פרעג זיך: ווו בין איך עס? — בין איך אמאָל ניט פאַרפאָרן אין א דאָרף אין קאַלוגער אָדער פּענזער גובערניע?...

אָט פאָרט רייטנדיק א געזונטער פּויערע מיט א פלאַם־פייַ־ערדיקער ברייטער באָרד, ווי א לאָפּעטע. פון דער דערבייאיקער היי־זעל עפנט זיך א פענצטער; עס רוקט זיך ארויס פון דאָרטן א קוד־לאטע קאָפּ און שרייט:

— חיים, חיים, דו פאָרסט היינט אין סטעפּ נאָך היי?

די רויטע באָרד שטעלט אָפּ דאָס פערדל, קערט זיך אום צום פענצטער און ענטפערט:

— ניין, נאָך היי איז אוועקגעפאָרן מיין יעקב. איך פאָר צום שמיד איבערשמידן מיין בולאנעס, עפּעס הינקט ער אונטער אביסל.

איך שטעל אַפּ מיין פור לעבן דעם רויטן חיימען און גיב אים א פרעג, ווו הין איך קען דאָ אריינפאָרן אויף א טאָג צייט.

ער ענטפערט מיר זייער פריינטלעך, און בעט מיך איך זאָל זיך אָפּשטעלן ביי אים. ער ווינט דאָ טאקע ניט ווייט און וועט זיין זייער צופרידן מיך האָבן פאר א גאסט.

צוליב דער אָקאזיע לייגט ער אָפּ זיין נסיעה צום שמיד און פירט מיך צו זיך.

מיר זיינען צוגעפאָרן צו א געוויינלעכער רוסישער „איזבא", נאָר אביסעלע פעסטער געבויט, און מיר זיינען אריינגעפאָרן אין הויף.

דער הויף איז פארבויט מיט שטאַלן פאר די פערד און בהמות און מיט א גרויסן, פעסט־געבויטן שייער. טיפער אין הויף געפינט זיך א קליין סעדל, און נאָך ווייטער ציט זיך א גרויסער גאָרטן.

מיר זיינען אריין אין הייזל. א מיטליאָריקע דאָרפישע גויע האָט זיך נידעריק פארנייגט פאר מיר.

— דאָס איז מיין פרוי מלכה — האָט זי מיר חיים פאָרגעשטעלט.

גערעט האָבן מיר, פארשטייט זיך, רוסיש, וואָרים ניט איינער פון די איבער פינף טויזנט גרים, וואָס באזיצן דעם דאָרף, פאר־שטייט א וואָרט אידיש.

איך האָב מיך ארומגעקוקט. א גרויסער רוסישער אויוון האָט פארנומען א דריטל פון דער „איזבא". א פּראָסטער ווייסער טיש מיט לאנגע, ווייסע בענקעלעך ביי די ווענט און צוויי הילצערנע ניט געפאַרבטע בעטן, אַלץ סאמאָדעלניע, האָבן צוזאמענגעשטעלט דאָס מעבל פון חיימס וווינונג. אויפן מזרח וואנט איז געהאנגען א „מזרח" און דעם ווילנער גאונס פאָרטרעט,ביידע — אין אַלטע שווארצע רעמלעך, גרינדלעך פארשמוצט פון פליגן.

חיים האָט מיר געגעבן א ברייטן „שלום עליכם" און געבעטן צום טיש, וועלכן מלכה האָט געשווינד אָפּגעווישט מיטן פארטוך און באדעקט מיט א טישטוך פון גראָבן אין דער היים געוועבטן ליי־ווענט.

באלד האָט מלכה דערלאַנגט א גרויסן שיסל מיט געקאָכטע קארטאָפליעס און א טעלער מיט זויערע אוגערקעס. חיים האָט עפּעס

פון א ווינקל ארויסגענומען א פּלעשל בראנפן מיט צוויי קיילעש־קעס. מיר האָבן געטרונקען „לחיים“ און פאנאנדערגערעט זיך מיטן גאסטפריינדלעכן באַלעבאָס. זיין פאמיליע־נאָמען איז — מאטוועיעוו.

אלע גרים רופן זיך דאָ מיט אידישע נעמען, נאָר די פאמיליע־נעמען זיינען זיי געבליבן בירושה פון די עלטער־זיידעס: פּאָפּאָוו, וואָלקאָוו, זאכאַראַטשקין, מאטוועיעוו און אזוי ווייטער.

אין אלגעמיין לעבט זיך די גרים אין פּריוואלנאיע ניט שלעכט. זיי האָבן גענוג ערד, וועלכע שפּייזט זיי בריוח, און עס געפינען זיך צווישן זיי גאנץ היפּש יוסטע, איינגעפונדרעוועטע באַלעבאַטים.

אין די יאָרן, ווען דער היישעריק עסט ניט אָפּ די פעלדער, נע־מען זיי אריין אין די שייערן א סך תבואה, איבערהויפּט ווייץ. מיטן היישעריק ראנגלען זיי זיך מיט דערפאָלג, און האָפן אים גרינטלעך צו באזיגן.

מיט די ארומיקע שכנים —טאטערן און פּערסן — לעבן זיי בשלום. זעלטן ווען עס קומט־פאָר עפּעס א סכסוך.

זיי האָבן אין דאָרף א שול, א רב, א ליטווישן אידן, וועלכער איז אויך דער שוחט און דער בעל־תפילה. שטרעבן מיט דער צייט אויסצובויען א צווייטע שול, ווייל אין דער איינציקער איז זיי זייער ענג. דער עולם איז פרום, און שבת און יום־טוב איז די שול גע־פּאקט.

האָבן א סך חדרים, ווו ליטווישע רביים לערנען מיט זייערע קינדער. ווייטער פון עברי, זעלטן א פּרשה חומש, גייען זיי ניט. ווען דער אינגל לערנט זיך אויס דאווענען, נעמט אים דער טאטע צו דער ארבעט אין פעלד.

די רייכע שיקן אמאָל זייערע זין אין באקו שטודירן אלגעמיינע בילדונג, זיי דערקריכן אפילו ביזן אוניווערסיטעט.

די לעצטע יאָרן האָבן די רייכע גענומען זוכן חתנים פאר זיי־ערע טעכטער און כלות פאר זייערע זין ביי די רוסישע אידן. עס איז ביי זיי א גרויסער יחוס משדך זיין זיך מיט אונז.

חיים האָט מיך געפירט ווייזן זייער שול און האָט מיך באַ־קענט מיט זייער ליטווישן רב, וועלכער האָט זיך מיר געקלאָגט אויפן גייסטיקן דלות און איינזאמקייט, וואָס עס איז ניט אריבערצוטראָגן

אהיימפארנדיק האב איך געטראכט וועגן דעם וואונדערבארן אידישן בלוט, וואס לאזט זיך ניט אויסמישן מיט פרעמדן בלוט. א באווייז — די אנדערהאלבן יארהונדערט עקזיסטענץ פון די גרים, וואס האבן זיך שוין פילע מאל געמישט מיט אידן. געמישט אבער ניט אויסגעמישט. זיי זיינען געבליבן רוסישע פויערים ביז אויף היינטיקן טאג.

געמאכט דעם אנהויב מיט די גרים, האב איך זיך גענומען איינ־טערעסירן מיט די בערג־אידן און אין אלגעמיין מיט דער געשיכטע פון קאווקאז און די פילע פעלקער און שבטים, וואס באזעצן אים שוין פון יאר טויזנטער.

אין געשיכטע ביכער און אנדערע קוואלן האב איך אויסגעפור־נען וועגן דעם וואונדערלאנד קאווקאז אט וואס.

קאווקאז איז א טעריטאריע פון 300 טויזנט קוואדראט קילא־מעטער, און ליגט צווישן איירָאפּע און אזיע. צו מערב איז דער שווארצער ים, צו מזרח — דער קאספּישער ים, צו דרום פערסיע און טערקיי און צו צפון־מערב איז קרים און אוקראינע.

די ברייטע קאווקאזער בערג־קייט איז איבער עלף הונדערט קילאמעטער די לייננג און ציט זיך פון צפון־מערב,ביים שווארצן ים, ביז דרום־מזרח ביים קאספּישן ים. ברייט איז די קייט פון פער־ציק ביז 200 קילאמעטער.

די העכסטע שפּיצן פון דער בארג־קייט זיינען „עלברוס" און „קאזבעק" — געוועזענע, איצט פארלאשענע, ווולקאנען.

„עלברוס" און „קאזבעק", אויף דער רוקן פון דער קייט זיינען באדעקט מיט אייביקן שניי.

• קאווקאז האט א סך פרוכטבאר לאנד, געדיכטע וועלדער און א סך גרויסע און קליינע טייכן, וואס קומען פון די בערג און טרינ־קען אן דאס לאנד.

קאווקאזער אויל־קוואלן זיינען אומאויסשעפּלעך. אויך האט קאווקאז מינעס פון מאנגאנעז, קופער, זילבער, צינק און אנדערע מעטאלן.

די קאווקאזער גרופּע פון מינעראל־וואסער און די ברייטע

בארזשאם קוואלן זיינען אַן אמתע ברכה פאר דער ליידנדער מענטש־הייט.

אין קאווקאז לעבן א סך פעלקער און שבטים וואָס די מערסטע פון זיי פארשטייען ניט איינער דעם אנדערס שפּראך.

די בארג־מענטשן דערציילן א לעגענדע, פארוואָס קאווקאז באַזיצט אזויפיל שבטים און שטאַמען.

ווען גאָט האָט געבראכט דעם מבול אויף דער ערד, האָט ער טאקע נחן געהייסן אריינגעמען אין דער תבה אלע באַשעפענישן צו פּאָר פון יעדן מין. אָבער בסוד פון אים האָט גאָט גענומען פאַר־לעך פון יעדן פאָלק און שבט, און האָט זיי געראַטעוועט פון דעם מבול אויף די שפּיצן פון די העכסטע קאווקאזער בערג, וואָס זיינען העכער פון דעם בארג אררט, ווו נחם קאסטן איז שטיין געבליבן, און צו וועלכע די וואסערן פון מבול האָבן ניט דערגרייכט.

די פון גאָט געראַטעוועטע, אויסדערוויילטע פּאַרלעך פון אלע פעלקער און שבטים, זיינען פארבליבן צווישן די קאווקאזער בערג, און פון דאנען נעמט זיך די פילפעלקערקייט פון קאווקאז.

קאווקאז איז געווען באַוווסט אין די אוראַלטע צייטן. כמעט אלע וועלט־דעראָבערער האָבן געזוכט אים צו באַזיגן.

אלעקסאנדער מוקדון האָט מיט העכער 22 יאָרהונדערט צו־ריק איינגענומען קאווקאז. רוים האָט אויך דאָרט געהערשט.

מען גלויבט, אז אידן געפינען זיך אין קאווקאז זינט די צייטן פון ערשטן בית המקדש.

די כוזרים, דאָס פאָלק, וואָס האָט שפּעטער אָנגענומען דעם אידישן גלויבן, האָבן מיט 17 הונדערט יאָר צוריק איינגענומען קאווקאז.

מיט 14 הונדערט יאָר צוריק זיינען דאָרט געווען די הונען, און מיט 7 הונדערט יאָר צוריק — די מאָנגאָלן.

פּערסיע און טערקיי זיינען אויך געווען די הערשער פון דעם שיינעם לאנד.

אלע דעראָבערער האָבן געזוכט פארגוואלטיקן דאָס לאנד, פאר־שקלאַפן אירע פעלקער, פעלקערלעך און שבטים. ניט אלע מאָל האָט זיך עס זיי איינגעגעבן.

די בארג־מענטשן זיינען זייער קריגעריש און ווייזן תמיד ארויס גרויס העלדישקייט. פון קינדווייז־אָן ביזן קבר שיידט זיך ניט דער קאווקאזער מיט זיין געווער און מיט זיין ספּריטנעם פערד, וואָס איז געוויינט צו קלעטערן איבער די בערג.

ער איז גרייט אוועקצוגעבן זיין לעבן פאר זיין פרייהייט און אומאָפּהיינגיקייט, און לויערט אויפן שונא הינטער יעדן שטיין.

שוין די בערג אליין גיבן אים די מעגלעכקייט צו האלטן זיך לאנג קעגן דעם שטארקסטן פיינט. רוסלאנד האָט גענומען 60 יאָר „זאמירען" קאווקאז, ווי די צארסקע גענעראלן פלעגן עס רופן.

שיין זיינען די מענער אין קאווקאז: הויך, דין, בויגיק, מיט שווארצע אויגן, וואָס שפּריצן פונקען, און א קליין קאָפּ, וואָס זיצט שטאָלץ אויף די פּלייצעס. ניט אומזיסט גרויסן זיך אלע ווייסע מענטשן אויף דער ערד, אז זיי זיינען פון דער קאווקאזער ראסע.

די קאווקאזער פרויען אָבער זיינען פיל שענער. דאָס זיינען טיפּן פון כמעט פּערפעקטער שיינקייט. פייערדיקע שווארצע אויגן, א געטאָקטער נאָז, הויכער שטערן און א קיילעכדיק קין פול מיט חן. דער פּנים־קאָליר איז טונקל־מאט מיט א גאָלדענעם אָפּגלאַנץ. קליינע, סטראָינע פיס, און א קערפּער, ווי א יונגע פּאלמע.

די פּערסישע באנען מיט זייערע סאטראפּן, און די טערקישע סולטאנען מיט זייערע פּאשאָס פלעגן פאנגען די יונגע קאווקאזער שיינהייטן פאר זייערע הארעמס. ניט ווייניק בלוט פון די העלדיי־שע דזשיגיטן, וואָס פלעגן באשיצן זייערע כלות, פרויען און טעכ־טער פון די רויבערישע הענט, האָט איינגעזאפּט די קאווקאזער ערד.

איידער עס זיינען געקומען די סאָוועטן, איז די פרוי אין די קאווקאזער בערג, ווי אין אלע מזרח־לענדער, געווען פארשקלאָפּט און פארבאהאלטן. דעם פּנים האָט זי פארדעקט, און אז אין שטוב איז געקומען צו גאסט א פרעמדער מאן, האָט זי ניט געטאָרט ארייננגיין אין דעם צימער, ווו ער געפינט זיך.

א פרוי האָט דער מאן געמוזט קויפן ביי איר פּאָטער און באַ־צאָלן „קאלים".

אויב ער האָט ניט געהאט מיט וואָס צו באצאָלן, האָט די טראדיציע דערלויבט ארויסגנבענען דאָס מיידל, און אז זי האָט

ליב געהאַט דעם בחור און איז איינשטימיק געווען צו ווערן זיין ווייב, האָט דער פאָטער גאָר ניט געקענט טאָן קעגן דעם. דער פאַר־ליבטער יונג האָט אין אַזאַ פאַל שטענדיק ריזיקירט מיט זיין לעבען, ווייל דער פאָטער מיט נאָך מיטגלידער פון דער משפחה פלעגן אים געוויינלעך נאָכיאָגן, און ווי איז געווען צו אים, אויב זיי האָבן אים דעריאָגט, איידער ער האָט דערגרייכט זיין הויז.

צוליב דעם קריגערישן כאַראַקטער פון די באַרג־מענטשן און זייער היים־בלוט, האָט קיין שלום ניט געהערשט צווישן די פילע פעלקערלעך, שבטים און אפילו משפחות.

אגב זיינען די הערשער פון יעדן שבט גאַנץ אָפט געווען פּראָסטע רויבער, און האָבן געזוכט צו באַרויבן זייערע שכנים. פון דאַנען — די שטענדיקע רייעסרייען און מלחמות צווישן די שבטים.

די הייליקע טראַדיציע פון גואל הדם, דאָס הייסט, ווען אימי־צער האָט פאַרגאָסן דאָס בלוט פון א מיטגליד פון דער משפחה, דאַרפן די נאָענטע קרובים, און אויב אַזעלכע זיינען ניטאָ — איז די גאַנצע משפחה, נוקם זיין זיך, „אויסלייזן“ דאָס פאַרגאָסענע בלוט, און פאַרגיסן דאָס בלוט פון דעם מערדער, און אויב דאָס איז ניט דערגרייכבאַר, איז פון איינעם פון דעם מערדערס משפחה.

און ווען דאָס איז דערפילט געוואָרן, האָט יענע משפחה געזוכט „אויסלייזן“ דאָס פאַרגאָסענע בלוט פון איר מיטגליד, און אַזוי ווייטער. א בלוטיקע קייט, וואָס ענדיקט זיך קיינמאָל ניט.

דאָס האָט געשאַפן א צושטאַנד פון אייביקער שנאה פון פיל משפחות צווישן זיך, און שטענדיקן לויערן פון זייערע מיטגלידער אויף די לעבנס איינע פון די אַנדערע.

די קאַווקאַזער אידן, די באַרג־אידן, אָדער די „ביקעס“, ווי מען האָט זיי וווּלגאַר גערופן, אונטערשיידן זיך ניט פון זייערע שכנים ניט אידן: דאָס זעלבע קליידונג, דאָס זעלבע געווער, מיט וועלכן זיי שיידן זיך אויך קיינמאָל ניט. נאָר אָן די לאַנגע בערד און פאות האָט מען דערקענט, אַז דאָס איז א באַרג־איד. זיי ריידן די טאַט־שפּראַך, א פּערסישער דיאַלעקט געמישט מיט העברעאישע ווערטער.

זיי זיינען זייער פרום. האָבן שולן און „חדרים“ צו לערנען די

קינדער. זייערע רבנים גיבן אכטונג, אז דער עולם זאָל אָפּהיטן אלע מצוות.

ביז דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע זיינען די בארג־איד׳ן געווען זייער פּרימיטיוו און אָפּגעשטאנען. זיי האָבן געהאט מנהגים פון טויזנטער יאָרן צוריק, וואָס זיינען אונז לגמרי פרעמד. און אייניקע זעען אוים אפילו ווילד אין אונזערע אויגן. למשל, די חתונה צערעמאָניעס, און די צערעמאָניע ביים פּסחדיקן סדר.

דערפאר אָבער האָבן זיי אָפּגעהיט די מידה פון הכנסת אורחים מיט איר גאנצן ברען און ווארימקייט, אָט ווי זי איז געווען אין אברהם אבינוס צייטן. אפילו די פים וואשט מען דעם אורח, ווי אברהם האָט עס געטאָן מיט די מלאכים.

איך בין א פּאָר טעג געווען דער גאסט פון א בארג־אידן אין דערבענט, און האָב מיך געפילט אין א צושטאנד פון — כל העולם כולו לא נברא אלא בשבילי, אליץ אין דער וועלט פאר מיר, דעם גאסט. אָבער פאר אונזערן א מענטשן איז עס א מאָדנער, איך וואָלט זאָגן, א פריקרער געפיל...

איך האָב געזוכט, ווי געזאָגט, צו באפרייען זיך פון דעם קאַשמארנעם איינדרוק, וואָס די בלוטיקע געשעענישן האָבן אויף מיר געמאכט, און בין אוועק קיין באָרזשאָם, דעם וועלט־בארימטן קוראָרט, כדי אויפן שוים פון דער וונדערבארער קאווקאזער נאטור בארואיקן מיינע צורודערטע נערוון.

קיין באָרזשאָם פון באקו פאָרט מען דורך טיפליס, וווהין די באן־ליניע ציט זיך צופוסנס פון גרינע באוועלדערטע אָפּצווייגן פון דער הויפּט בארג־קייט, וואָס גליווערט קעגן דער זון מיט איר פון אייביקן שניי באדעקטן רוקן.

דורכפאָרנדיק טיפליס, קרייצט די באן איבער דעם משוגע־שפּרינגענדיקן טייך קורא, און שניידט זיך אריין אין הארץ פון די בערג.

עס אנטפּלעקן זיך פאר אונזערע אויגן אזעלכע שיינקייטן פון דער נאטור, אז אָפט גלויבן מיר זיך אליין ניט, אז דאָס זעען מיר אויף דער וואָר, און ניט אין חלום.

באָרזשאָם ליגט אין א טיפן, שמאָלן בארג־שפּאלט, וואָס שליינ־

געלט זיך צוזאמען מיטן רוישיקן באַרג־טייכל באַרזשאמקא צווישן מעכטיקע, געדיכט באוואקסענע בערג.

פון ביידע זייטן שפּרינגען שרייענדע וואסער־פאלן און שטראָמען אריין מיט א געפּילדער אין דער באַרזשאמקא. אויבן — אין דעם שמאָלן פּאס בלויען הימל, וואָס זעט זיך איבער דעם שפּאַלט, שוועבן מאיעסטעטיש באַרג־אָדלערס מיט ברייט צושפּרייטע אומבאוועגלעכע פליגלען.

און אָט איינמאָל, האָט זיך צוזאמענגענומען א גרופּע יונגע מענטשן און באַשלאָסן ארויסלאָזן זיך צופוס צום באַרימטן באַרג־שפּיץ צכרא־צכארא, וואָס עס מיינט אין גרוזיניש: זיבן שפּיצן, פון וועלכן מען קען זען דעם הערלעכסטן אין דער וועלט זון־אויפגאנג, און ביי ספּעציפישער לויטערקייט פון דער לופט און אין א גוטן בינאָקל — ביידע ימים; צום מזרח — דעם קאַספּי און צו מערב — דעם שווארצן ים.

איך בין דאמאָלסט נאָך גאָר יונג געווען און האָב שטארק חשק געהאט צו אזעלכע אווענטורעס.

מיר האָבן זיך ארויסגעלאָזן גאנץ פרי אין וועג אריין. מען האָט געדארפט דורכשפּאנען 32 קילאָמעטער ביזן צכרא־צכאַראָ, אָפּרוען אין ספּעציעלע ביידלעך צופוסנס פון באַרג ביז האלבער נאכט, און דאַן אָנהייבן דאָס ארויפקלעטערן, כדי דערגרייכן דעם שפּיץ פאַרן זון־אויפגאנג.

געפירט האָט אונז א יונגער אימעריטין — אן אפּיטנער באַרג־מענטש פון יענעם געגנט, וואָס ווייס יעדעס שטעגעלע אין די בערג.

עס איז געווען נישט קיין גרינגע אונטערנעמונג. דורכמאכן אזא שטרעקע אין די בערג און נאָך באַלאָדענע מיט צידה לדרך און וואַרעמע מאנטלען — אויפן צכרא־צכאַראָ איז פאַרטאָג שטארק קאַלט און בלאָזן אָפט שניידנדע ווינטן — איז נישט פון די לייכטע זאכן. דערנאָך, דער ארויפשטייגן אויפן באַרג איז פאַרבונדן מיט גרויסע שוועריקייטן און אפילו געפאַרן, אָבער — איז דען פאַראן אזא זאך אין דער יוגנט, וואָס זאָל אויסזען שווער?

מיר האָבן געשפּרייזט א גאנצן טאָג. עטלעכע מאָל געזעצט

זיך אָפּרוען, אונטערגעלעענט דאָס הארץ און ווייטער געגאנגען און געקלעטערט איבער ניט זייער הייכע בערג און בערגלעך.

דאָס יונגוואַרג האָט פריילעך געזונגען, געלאַכט און מיט פרייד איינגעזאַפּט אין זיך די אומבאַשרייבלעכע שיינקייט פון דער פאַר־כשופטער וועלט אַרום.

צום צכרא־צכאַראָ זענען מיר אָנגעקומען שוין פאַרנאַכטלעך היפּש אויסגעמאַטערטע, אָבער צופרידענע און גליקלעכע. אויסגע־צויגן זיך אין די ביידלעך אויף טרוקענע שמעקעדיקע היי, איינגע־דעקט זיך מיט די מאַנטלען און גלייך איינגעשלאָפן.

פונקט האַלבע נאַכט האָט אונזער אימעריטין אונז אויפגע־וועקט. עס איז געווען פריש און מיר האָבן געכאַפּט א ציטער. דער־וואַרימט זיך מיט א גלאָז קאָכעטינסקן ווייַן און מיט א שמעקעדיקן שאַשליק, וואָס אונזער וועג־ווייזער האָט צוגעגרייט פאַר אונז, האָבן מיר אָנגעהויבן קלעטערן באַרג אַרויף.

שווער און געפערלעך איז געווען דער וועג. א צייט האָבן מיר געשפּאַנט איבער שמאָלע סטעזשקעס אויפן געדיכט־באַוואַקסענעם באַרג. דער פירער איז געגאַנגען פאָרויס מיט א ברענענדן פאַקעל פון סמאָלע אין דער האַנט, און מיר „נוסקאָם", איינער נאָך איינעם, ווי די אינדיאַנער, נאָך אים.

אָפט פלעגן די סטעזשעקס שליינגלען זיך ביים ראַנד פון א פינצטערן טיפן אָפּגרונט, דעם דעק פון וועלכן מען האָט ניט געזען.

דערנאָך האָט זיך דער וואַלד געענדיקט און אונזער וועג האָט זיך געדרייט צווישן סקאַלעס מיט מאָך באַוואַקסענע, ווו עס האָט געבלאָזן א קאַלטער ווינט.

עס האָט שוין אָנגעהויבן שפּראָצן אויף טאָג, ווען מיר האָבן פאַרגליווערטע דערקליבן זיך צום שפּיץ פון באַרג.

דאָרט האָבן מיר געפונען א שטיינערנע הייזקע אָן פענצטער, ווו מיר האָבן זיך געקענט באַשיצן פון דעם שניידנדן ווינט.

אונזערע אויגן זענען געווען געווענדעט צום מזרח, וועלכער איז מיט יעדן מינוט אַלץ בלאַסער געוואָרן, אַלץ ליכטיקער און העל־לער. עס איז שוין גאָר ליכטיק. און אָט האָבן פון הימל־ראַנד אַרויס־געשטעקט עטלעכע פייערדיקע שפּיזן: זיי זיינען געוואָרן אַלץ מער

און געהויבן זיך אַלץ העכער איבערן האָריזאָנט. דער גאַנצער מזרח־זייט פון הימל איז פאַרגאָסן געוואָרן מיט בלוט.

די ווייסע שנייאיקע שפּיצן פון דער באַרג־קייט און דער גיגאַנט עלברוס, וואָס האָט לינקס מיט זיין שפּיץ אַריינגעשניטן זיך אין הימל, העט העכער פון די העכסטע שפּיצן, האָבן מיט אַ מאָל זיך אָפּגעפאַרבט אין רויט. אַ רויטע וועלט.

און אָט האָט אַ שפּאַר געטון פון הינטערן האָריזאָנט אַ גינגאָלדענע קרוין, וועלכע האָט זיך געהויבן און געשפּרייט אַלץ העכער און ברייטער.

פאַרשוואונדן איז די רויטע, בלוטיקע וועלט און אויף איר אָרט איז ערשינען אַ וועלט פון לויטער גאָלד געשמידט. די שנייאיקע בערג־שפּיצן האָבן געפינקלט מיט אַלע קאָלירן פון רעגנבויגן און געלויכטן ווי קאָלאָסאַלע דימענטן.

אַ שמאָלער גאָלד־פייערדיקער ראַנד האָט זיך באַוויזן און פאַרפּלייצט די העכערע שפּיצן מיט צושמאָלצענעם גאָלדיקן פייער, וואָס האָט זיי אָנגעצונדן מיט קאַלטן גלי. ביסלעכווייז האָט זיך אַרויסגערוקט דער גאַנצער זון־קוגל און די טשערעדע פון מיטעלע, גרויסע און נאָך גרעסערע באַרג־מאַסיוון האָבן זיך צעלויכטן און צעבליצט אין פרייד פון ניי־אָנטשטאַנענעם טאָג.

אַ פריידיקע, ליכטיקע, שווייגנדע, פאַרגליווערטע וועלט.

פאַרגאַפטע, מיט אָפענע מיילער זענען מיר געשטאַנען ביים געבורט פון אַ וועלט, וואָס איז אַרוים מאפילה לאורה — פון פינצטערניש צום גרויסן בליצנדן ליכט.

און ווען די זון האָט זיך אויפגעהויבן נאָך העכער און באַלויכטן אַלע ווינקעלעך פון דער מאָדנער פאַרכשופטער וועלט, האָבן מיר געוואַנדט אונזערע בינאָקלען פריער צום מערב, וווּ מיר האָבן גלייך דערזען די שימערירנדע וואַסרן פון שוואַרצן ים, און נאָכער צו מזרח, וווּ מיר האָבן נאָר געזען בערג און בערג, און מער בערג. דער אַלטער פאַרכמורעטער קאַספּי האָט זיך צו אונז ניט אַנטפּלעקט.

די עקסקורסיע האָט מיך דערפרישט און ערמוטיקט. אין עטלעכע טעג אַרום בין איך, כמעט אינגאַנצן אַ באַרואיקטער, צוריקגעפאָרן קיין באַקו.

און די יאָרן זיינען זיך געגאנגען זייער וועג. פון צייט צו צייט פלעגט זיך דורך דער געדיכטער פינצטערניש דורכרייסן א פייער־צונג און באלד פארלאָשן ווערן פון שווארצע, בלוטיקע הענט.

די „דומע״ האָט עפּעס דאָרטן אין פעטערבורג געפּלאפּלט, און די צארישע סאטראפּן האָבן געטאָן זייער הענקערישע ארבעט.

עס איז אנטשטאַנען די ראספּוטנע עפּאָפּייע פון דעם צעלאָזע־נעם און כיטרען סיבירער נואף ראספּוטין.

די ערלעכע וועלט האָט געגאפט, הערנדיק די מעשים תעתועים, וואָס טוען זיך־אָפּ אין הויף פון דעם אידיאָט אויפן טראָן. אין דער לופט האָט זיך געפילט, אז די וואקכאנאליע מוז זיך פארענדיקן מיט א קאטאסטראָפע.

איך געדיינק, דעם ניי־יאָר 1914 האָבן מיר באגעגנט אין א געדריקטער שטימונג.

אייניקע חברים האָבן געפּרוווט קינסטלעך אויפהויבן די שטי־מונג, עס איז אָבער ניט געגאנגען, און זיי זיינען אנטשוויגן געוואָרן.

פאר די לעצטע עטלעכע יאָר האָב איך זיך צושיידט מיט „מיי־נע״ טאָטערן. איך האָב געארבעט ביי א וועלט־בארימטער אויל־פירמע, וואָס איז געווען די גרעסטע און שטארקסטע אין באקו.

אין יולי חודש פון 1914 האָט מיך די פירמע געשיקט קיין ווילנע ערלייידיקן אייניקע געשעפטלעכע שוועריקייטן, וואָס זי האָט געהאט מיט איר דאָרטיקן פארשטייער.

נאָך דעם סאראיעווער שאָס אויפן יורש פון עסטרייך, וואָס האָט אים געטויט, האָט מען גלייך געזען, אז דער דאמאָלסטיקער יונקער אויפן טראָן, דער פאררעסענער פסיכאָפּאט מיט די פארדריי־טע, פארריסענע וואָנצעס — ווילהעלם דער צווייטער, וועט אויס־נוצן דעם שאָס פאר זיינע קרימינעלע שטרעבונגען צו באהערשן די וועלט.

איך האָב מיך געאיילט אומצוקערן זיך קיין באקו, ווייל איך בין זיכער געווען, אז א מלחמה קען אויסברעכן יעדע מינוט.

מיין פארגעפיל האָט מיך ניט אָפּגענארט. אונטערוועגנס, ער־געץ ארום מינסק, האָט מיך דערגרייכט די שרעקלעכע ידיעה, אז

די וועלט שרפה איז אָנגעצונדן, און אז רוסלאַנד מאָביליזירט אירע ארמייען.

מיט אומגעהויערע שוועריקייטן איז מיר געלונגען דערקלייבן זיך אהיים. איבערהויפּט — דורכמאכן דעם ליבאַווע־ראָמענער וועג, וועלכן איך האָב געמוזט דורכפאָרן ביז באַכמאַטש — א שטרעקע פון וועלבע 600 ווייאָרסט. די גאַנצע ליניע איז געווען פארשטאָפּט מיט אומענדלעכע צוגן, וואָס האָבן געפירט חיל און געווער צום מערב־גרענעץ מיט דייטשלאַנד. איך געדיינק ניט וויפל טעג די נסיעה האָט מיר גענומען. איך געדיינק נאָר, אז איך בין געקומען אהיים קוים א לעבעדיקער.

אין שטאָט האָט געזאָדן, ווי אין א קעסל. די מאָביליזאַציע האָט גלייך אָנגעגריפן א גרויסע צאָל מענטשן. פרויען האָבן מיט געוויין באַגלייט זייערע זין און מענער אין דער ארמיי. אונזער פירמע האָט באַקומען א באַפעל פון דער מיליטער מאכט, אז זי זאָל אלע אירע אויל־פּראָדוקטן צושטעלן דער רעגירונג פאַר מלחמה־צוועקן, און איבערדייסן אלע אירע געשעפטלעכע פּריוואַטע באַציאונגען. די נאַפט און אַקציען־בירזשעס האָבן זיך פארמאַכט. פון צענטר זיינען קיין צייטונגען ניט אָנגעקומען, ווייל די פּאָסט האָט ניט פונקציאָנירט. די אָרטיקע צייטונגען האָבן אַלע פאַר שעה ארויסגעלאָזן עקסטראַס מיט שרייענדע קעפּ.

ווען די מאָביליזאַציע האָט זיך פארענדיקט און די באַנען האָבן ווידער אָנגעהויבן פירן די פּאָסט, זיינען פון פּעטערבורג און מאָסקווע אָנגעקומען גאַנצע בערג מיט צייטונגען.

די ערשטע ידיעות פון שלאַכטפעלד זיינען געווען שלעכטע. די פארפלוכטע דייטשן האָבן גלייך אָנגעהויבן געווינען און זיינען לייכט געגאַנגען פון איין נצחון צום צווייטן.

גאָר א סך פון דעם אידישן ישוב אין באַקו זיינען געווען פּראָ־דייטש. די פארביטערטקייט קעגן דער צארישער מאכט איז געווען גרויס, און מענטשן האָבן געוואָלט גלויבן, אז די דייטשע רוט איז געקומען אין צייט צו באַשטראָפן די פארברעכער ביים רודער פון דער רוסישער שיף. וויטזיכטיקע אָבער האָבן געוואָרנט, אז די

דייטשע ברוטאליטעט וועט פארגיסן די וועלט מיט בלוט, און וועט ברייננגען אומעטום אומגליק און פארשקלאפונג.

עס האָבן זיך געטראָגן גוט באגרינדעטע קלאנגען, אז אלעק־סאנדרא — אליסא, די פרוי פון דעם געקרוינטן קרעטין, האָט די רשעותדיקע דייטשקע, וואָס איז געווען די רוסישע אימפעראטעריץ, איז ווילהעלמס א שפּיאָנקע און שיקט־איבער קיין דייטשלאנד די וויכטיקסטע מיליטערישע סודות; אז אין צארסקן הויף איז דאָ א גאנצע פּאַרטיע, וואָס פּראָפּאגאנדירט און נעמט אָן אקטיווע שריט לטובת דייטשלאנד; אז אפילו אייניקע גענעראלן, וואָס פירן אָן מיט רוסישע ארמייען זיינען געקויפט פון דייטשלאנד. וואָס פאר א צערודערונג און צומישונג אזעלכע קלאנגען האָבן אריינגעטראָגן אין די מהות פון פאָלק, איז זיך לייכט פאָרצושטעלן.

פון די שלאכט־פעלדער זיינען דערווייל געקומען ידיעות איינע ערגער פון דער אנדערער. רוסישע ארמייען שלאָגט מען אומטום. דייטשלאנד און טיילווייז עסטרייך רייסן זיך אריין אין רוסלאנד און פארנעמען גרויסע שטחים. און טאָמער האָבן די רוסן פארנומען א קליינעם טייל פון מזרח־פרייסן, האָט זיי הינדענבורג פארנארט אויף געפערלעכע זומפּן, און דאָרטן האָבן זיי געכאפּט די אמתע מפּלה.

אלעם קענגעגעוויכט צו דער הויף־קאמארילע, וואָס איז אויס־געשפּראָכן פאר דייטשלאנד, שאפט זיך א גרופּע, וואָס פאָדערט, אז ניקאָלאי ניקאָלאיעוויטש, דעם געקרוינטן אידיאָטס פעטער, זאָל אי־בערנעמען די הויפּט־אָנפירונג מיט אלע רוסישע ארמייען.

ניקאָלאי ניקאָלאיעוויטש איז געווען א ביטערער רעאקציאָנער און אידנפיינט, אָבער אויך א פארביסענער שונא פון אלעם, וואָס איז דייטש. ער האָט געהאלטן, אז דייטשן שאלטעווען צופיל אין רוסלאנד און מען דאַרף פון זיי פּטור ווערן.

די גרופּע האָט אויסגעפירט, און דורך אן „אלערהעכסטן" דעקרעט איז ניקאָלאי ניקאָלאיעוויטש געוואָרן דער הויפּט־פירער פון די רוסישע ארמייען. ער האָט גלייך אָנגענומען דראסטישע מיטלען קעגן די דייטשע שפּיאָנען און זייערע משרתים, און אויך קעגן דער אידישער באפעלקערונג, וואָס האָט זיך געפונען נאָענט צום פראָנט. דער צורר היהודים האָט ארויסגעטריבן כמעט אלע ליטווישע, לאט־

ווישע און עסטאָנישע אידן, וועלכע האָבן אויסגעוואַנדערט אממיים־טען אין די דרום־רוסישע געגנטן און אין אוקראַינע.

די לאַגע אויף די פראָנטן האָט זיך אָבער ניט געביטן, און עס איז כסדר געגאַנגען פון שלעכט צו ערגער.

פון מערב־פראָנט זיינען אויך קיין גוטע בשורות ניט אָנגעקומען. די „באָשעס" האָבן זיך געריסן אַלץ טיפער אין פראַנקרייך און זיינען שוין דערגאַנגען כמעט ביז פּאַריז.

אויף די וואַסערן האָבן דייטשע אונטערוואַסער־שיפלעך געטרונקען אין די צענדליקער שיפן פון די פאַרבינדעטע. עס איז אפילו דערטרונקען געוואָרן צוזאַמען מיט זיין שיף דער הויפּט פון ענגלישן פלאָט, אַדמיראַל קיטשענער.

די טאַטערן אין באַקו זיינען אַרומגעגאַנגען מיט פאַרריסענע קעפּ. זייערע גלויבנס גענאָסן — די טערקן זיינען געווען דייטשלאַנדס שותּפים אין דעם בלוטיקן שפּיל, און אונזערע היימישע גאַזשיסים און מאַהאַמעדס האָבן אָפן גערעדט, אַז אין גיכן וועלן די טערקן פאַרנעמען באַקו און גאַנץ זאַקאַווקאַזיע.

די הויף־קאַמאַרילע מיט אַליסאַן אין דער שפּיץ האָט ניט גערוט. מיט אַלע מיטלען האָט מען געוווירקט אויף ניקאָלאַיען, אַז ער זאָל אָפּשטופּן דעם פעטער און אַליין איבערנעמען די לייצעס איבער די אַרמייען. לסוף איז זיי עס געלונגען, און דער אידיאָט האָט זיך אַליין געקריינט פאַרן גלאַוונאָקאָמאַנדוויושטשי פון אַלע רוסישע אַרמייען, און איז אַרויסגעפאָרן צום פראָנט, ווו ער האָט איינגעשטעלט זיין „סטאַווקע" אין מאַהיליעוו אויפן דניעפּר.

די פירערשאַפט פון די רוסישע אַרמייען איז געווען דורכגעפוילט אויף דורך און דורך, און „ווי זיי זאָלן זיך ניט זעצן, האָבן זיי אַלץ ניט געטויגט פאַר מוזיקאַנטן". דערפאַר האָט אפילו דער „געליבטער" מאָנאַרך ניט געקענט פאַרבעסערן די לאַגע, און צרות האָבן ניט געפעלט.

אויפן דריטן יאָר פון קריג, ענדע 1916, איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז אפילו די „דומע" האָט אָנגעהויבן ריידן מיט אַן אַנדער שפּראַך, אונטערן דרוק פון דער רעוואָלוציאָנערער כוואַליע, וואָס האָט זיך צוגאָסן איבערן לאַנד.

עס האָט אויסגעבראָכן די רעוואָלוציע פון פעברואר 1917, און דער „פון גאָט־געזאַלבטער" האָט אָפּגעדאַנקט פון טראָן.

ביים רול פון דער שיף האָט זיך געשטעלט קערענסקי, דער סאָציאַליסט־רעוואָלוציאָנער. דער גרעסטער טייל פון זיין קאבינעט איז באַשטאַנען פון מיטגלידער פון דער קאָנסטיטוציאָנער־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, ווי מיליוקאָוו, ראָדיטשעוו, מאַקלאַקאָוו און אַנדערע, וועלכע זיינען געווען די טאָן־געבער אין דער „דומע".

דער לאָזונג פון דער רעגירונג: געטריי צו די פאַרפּליכטונגען מיט אירע פאַרבינדעטע, וועט די נייע, פרייע רוסלאַנד שלאָגן זיך מיטן שונא ביזן זיגרייכן סוף. אַזוי האָבן געטראַכט די רוסישע מיניסטאָרן, אָבער ניט די אויסגעמאַטערטע פאַרפייניקטע אַרמייען; זיי האָבן מער ניט געוואָלט און ניט געקענט זיך שלאָגן, און דאָס האָט געשאַפן א גוטן באָדן פאַר דער באָלשעוויסטישער פּראָפּאַגאַנדע, וואָס האָט אויפגעפאָדערט, אַז די סאָלדאַטן זאָלן פאַרלאָזן דעם פראָנט און אומקערן זיך צו זייערע היימען.

עס ערשיינען אויף די ברעטער פון דער רוסישער וועלט־סצענע די פייאיקסטע שפּילער לענין און טראָצקי.

עס זיינען קוים פאַרגאַנגען אַכט חדשים זינט דער איבערקערעניש אין רוסלאַנד, און די שפּיל האָט אָנגענומען אַן אַנדער ווענדונג.

דעם 25־טן אָקטאָבער 1917, לויטן אַלטן רעכענונג־סטיל, אָדער דעם 7־טן נאָוועמבער, לויטן נייעם סטיל, האָבן לענין מיט טראָצקין פאַרקירעוועט דעם רוסישן וואָגן אויף אַנדערע נייע וועגן.

די באָלשעוויסטישע רעוואָלוציע האָט גלייך געמאַכט א סוף צום בלוטיקן קריג, און האָט געשלאָסן דעם ברעסט־ליטאָווסקן שלום מיט דייטשלאַנד. די דעמאָביליזירטע אַרמייען פאַרפלייצן אַלע וועגן פון דער גרויסער רוסלאַנד. טיילן פון די אַרמייען ווערן געכאַפּט אין נעץ פון די „בעלאָ־גוואַרדייצעם" — דעניקין, קאָלטשאַק, וראַנגעל. די באָלשעוויקן פון זייער זייט שאַפן אין איילעניש אימפּראָווירטע אַרמייען פון עלעמענטן וואָס זיינען טריי דער רעוואָלוציע. עס פאַנגט זיך אָן א בירגער־קריג. עס אַנטשטייען באַאָס, הונגער און נויט.

אין פרילינג 1918 איז די לאַגע געווען אַזאַ.

נאָכדעם, ווי דער באָלשעוויסטישער דיפּלאָמאַט יאָפּע האָט געשלאָסן מיט די דייטשן דעם ברעסט־ליטאָווסקן שלום, זענען די אַליירטע, מיטן ארויספאלן פון רוסלאנד, שטארק אָפּגעשוואכט געוואָרן און די לאגע אויף די פראָנטן איז געווען א שווערע.

גאנץ צענטראל־רוסלאנד, די צפון גובערניעס און אלע גובערניעס, וואָס ליגן ביי דער וואָלגא, זענען געווען אין די הענט פון די באָלשעוויקעס. אין סיביר האָט אדמיראל קאלטשאק מיט זיינע פאָלקן פון געפאנגענע משעכן געפרווט דערשטיקן די רעוואָלוציע. אין דרום־רוסלאנד, איבערהויפּט אין קרים, האָט גענעראל ווראנגעל פאָרמירט אַן אנטי־באָלשעוויסטישע ארמיי, און אופן דאָן און אין צפון־קאווקאז האָבן געבושעוועט דעניקינס פּאָגראָמשטשיקעס.

צו אונז אין באקו איז דער באָלשעוויזם אָנגעקומען פון אסטראכאן, דורכן קאספּישן ים.

עטלעכע באָלשעוויקעס, וועלכע זענען ספּעציעל ארונטערגעקומען צו אונז, איז צוזאמען מיט דער אָרטיקער באָלשעוויסטישער פּארטיי, געלונגען אריבערצוציען דעם קליינעם באקוער גאַרניזאָן אויף זייער זייט, און אין איין שיינעם פרילינג־טאָג האָבן מיר זיך אויפגעכאפּט אין דער פרי סאָוועטישע בירגער. די רעגירונגס־באנק, די פּאָסט, די שטאָט־דומע, די מיליטער־קאזארמעס זיינען אין פארלויף פון דער נאכט פארנומען געפאָרן פון די רויטע. איבער די גאַסן פון שטאָט האָבן מארשירט באָלשעוויסטישע פּאטרולן מיט רויטע בענדער אויף די ארבל. אויף די ווענט פון די הייזער זיינען געווען פונאנדערגעקלעפּט אויפרופן צו דער באפעלקערונג, אין וועלכע מען האָט צווויסן־געגעבן וועגן דער באָלשעוויסטישער איבערקערעניש, און געבעטן דעם עולם צו פארהאלטן זיך רואיק.

גלייך אויף מאָרגן האָט מען אָנגעהויבן נאציאָנאליזירן די פּריוואטע ביינק און אויסארבעטן פּלענער, ווי צו נאציאָנאליזירן די קאָמפּליצירטע און ברייט פארצוויגטע פּעטראָלעאום־אינדוסטריע. פּריוואטע הייזער האָט מען דערווייל צורו געלאָזט.

אין רעכטן ברען פון אָט דער ארבעט איז געקומען די ידיעה, אז א טערקישע ארמיי דערנענטערט זיך צום שטאָט.

טערקיי, דייטשלאנדס פארבינדעטע אין יענער צייט, האָט

שטארק חשק געהאט צו פארכאפן באקו מיט אירע רייכטימער. די טאַטערן, דער גרעסטער טייל באפעלקערונג פון שטאָט, וואָס האָט געציילט ארום הונדערט טויזנט נפשות, האָבן געהאט געהיימע פארבינדונגען מיט די טערקן, זייערע רעליגיע־ברידער. און אזוי ווי פאר די ערשטע פינף חדשים נאָך דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע איז באקו געווען אָן א רעגירונג, האָט טערקיי געפונען דעם מאָמענט פאר דעם פאסיקסטן אונטערצונעמען א מיליטערישע אוואנטורע קעגן באקו. פון ערזערום איז א היפשע מיליטער־אָפטיילונג פון אינפאנטעריע און ארטילעריע אריבער די בערג פון דער אזוי גערופענער קליינער קאווקאזער בערג־קייט, און איז צוגעקומען הארט צום שטאָט, און זי באלאגערט פון אלע זייטן.

עס איז געוואָרן א טומל, א לויפעניש. דער גארניזאָן פון באקו האָט פארנומען פאָזיציעס ביי ביבי־עיבאט, איינער פון די נאפט־ראיאָנען, פון וואנען די טערקן האָבן אמלייכטסטן געקענט פאר־כאפן די שטאָט. עס איז דערקלערט געוואָרן א מאָביליזאציע פון אלע מענער, וואָס קענען נאָר האלטן א ביקס אין האנט. טויזנטער און טויזנטער פון דער ציווילער באפעלקערונג האָט מען אָן שום צוגרייטונגען גלייך געשיקט אויף די פאָזיציעס.

דער טערק האָט אָפּגעשניטן די שטאָט פון דער גאנצער וועלט. מיר זיינען געבליבן אָן ברויט און — וואָס איז ערגער פון אלץ — אָן וואסער, ווייל די וואסער־ליטונג פון באקו האָט זיך געצויגן פון די בערג, אויף א שטח פון זיבעציק קילאָמעטער, און איז גלייך אי־בערגעריסן געוואָרן פון דעם שונא.

דער באָדן אויף דעם אפשעראָן האלב־אינזל, אויף וועלכן די שטאָט מיט אירע נאפט־ברונימער זיינען צעשפּרייט, איז א שטיי־נערנער, און ווען מען בויערט דורך דעם שטיינערנעם פלאסט, גע־פינט מען נישט קיין וואסער נאָר נאפט, אָדער וואסער געמישט מיט נאפט, וואָס טויג אבסאָלוט נישט צום טרינקען.

דער באקוער פאָרט, צוזאמען מיט דער שטאָט, פלעגט צוויי מאָל אין טאָג באשאָסן ווערן פון דער טערקישער ארטילעריע אזוי, אז פון אסטראכאן האָט צו אונז נישט געקענט קומען נישט קיין מי־ליטערישע הילף און נישט קיין שפּייז און וואסער.

מיר האָבן געגעסן וועלשענע ניס, פון וואָס עס איז צופעליק געווען א היפשער זאפאס אין שטאָט, און געטרונקען דיסטילירט ים־וואסער. גררויסע רעזערוואַרן פון נאפט האט מען צוגעפאסט פאר דיסטילאציע, און דאָס וואסער פלעגט שטארק שמעקן מיט נאפט. מען האָט עס געקענט טרינקען נאָר מיט לימאָן־זאלץ, כדי צו דער־שטיקן דעם נאפט־גערוך און דעם שלעכטן נאָך־טעם.

מיט יעדן טאָג איז אונזער לאגע געוואָרן פארצווייפלטער. דאָך האָבן מיר געהאלטן דעם פראָנט דעם גאנצן זומער.

דעם אמת געזאָגט, ווען די טערקן וואָלטן געווען אביסל אק־טיווער, וואָלטן זיי שוין לאנג געווען געקענט פארנעמען די שטאָט, ווייל מיר זיינען געווען אויסגעהונגערט און פארטריקנט פון דאָרשט, און געהאלטן האָבן מיר דעם פראָנט ממש מיט נסים. נאָר זיי האָבן זיך באנוגנט מיטן באָמבארדירן — ווי געזאָגט — צוויי מאָל טעג־לעך, און מיט... בראָטן שאשליקן״ פון שאפן־פלייש. דער דאָזיקער ריח פלעגט דערגרייכן צו אונזערע נאָזלעכער און מאכן אונז נאָך מער צו ליידן פון הונגער.

צו אלץ אָבער קומט א סוף, און עס איז געווען אין יום־כיפור־נאכט, ווען די טערקן האָבן געשטורעמט אונזערע ליניעס, זיי לייכט דורכגעבראָכן און אריינגעריסן זיך אין שטאָט.

עס האָט זיך גלייך אָנגעפאנגען א מוראדיקע שחיטה אויף די ארמענער.

די קאָמיסארן, זיבן־און־צוואנציק אין צאָל, איז געלונגען צו אנט־לויפן קיין קראסנאָוואָדסק — א פאָרט פון טראנס־קאספי, אויפן אזיאטישן ברעג. פון דאָרטן האָבן זיי מיט דער טראנסקאספישער באן געפרווט דערקלייבן זיך קיין טאשקענט, וווּ עס האָבן שוין גע־וועלטיקט די באָלשעוויקעס. אין אסכאבאד אָבער האָבן זיי די ענג־לענדער געפאקט און אלעמען דערשאָסן.

דריי טעג און דריי נעכט איז דערוויי‌ל אָנגעגאנגען די שחיטה אין שטאָט. מער ווי צוואנציק טויזנט ארמענער זענען אויסגעשאָכ־טן געוואָרן. אויפן פערטן טאָג האָבן די טערקן אין פארשידענע ראיאָנען פון שטאָט אויפגעהאנגען אויף די טעלעגראף־סלופעס עט־לעכע טאָטערן, און רייטער אויף פערד זיינען ארומגעפאָרן איבער

די גאסן און אויסגערופן, אז כן יעשה — אזוי וועט מען טאָן צו די אלע, וועלכע וועלן זיך נישט בארואיקן און ווייטער אָנגיין מיט די „אומרועןײ.

פארשטייט זיך, אז עס איז גלייך שטיל געוואָרן. די טאַטערן האָבן געוווסט, אז מען האָט זיי געלאָזן דריי טעג א הוליע־טאָן, און איצט דאַרף מען פאָלגן, ווייל — וואָס, וואָס, אויף הענגען מענטשן זענען די טערקן גרויסע מומחים...

און דאָן האָבן זיך אָנגעהויבן נייע אומגליקן. פון שטוב צו שטוב זיינען די טערקן געגאנגען גרופנווייז און אפילו איינציקווייז און האָבן צוגענומען אלץ וואָס זיי האָבן נאָר געקענט פארנעמען. א סך יונגע, שיינע פרויען זיינען פארשלעפּט געוואָרן אין די קאזאר־מעס, און דאָס לעבן אין שטאָט איז געוואָרן אומדערטרעגלעך.

מיט יאוש אין הארצן האָבן מיר ארויסגעקוקט: מאין יבוא עזרנו? — פון וואנען וועט קומען די הילף? — עס איז אָבער ניט געווען פון וואנען זי צו דערווארטן.

מיט סכנות נפשות איז געלונגען צוויסן געבן די ענגלענדער אין זאקאספּי פון אונזער לאגע. זיי האָבן זיך אָבער נישט געאיילט קומען אונז צו הילף.

אזוי, אין ליידן און פארצווייפלונג, זענען אריבער א פּאָר וואָ־כען. און אין איין שיינעם פרימאָרגן האָט די שטאָט זיך אויפגע־כאפּט, און — והילד איננו — ניטאָ א טערק אויף א רפואה.

אזוי ווי מיר זיינען געווען אָפּגעריסן פון דער גאנצער וועלט, האָבן מיר קיין אנונג נישט געהאט וואָס עס טוט זיך אויף די איירא־פּעאישע פראָנטן. מיר האָבן נישט געוווסט, אז דייטשלאנד האָט דערווייל צוזאמענגעבראָכן און געבעטן וואפנשטילשטאנד. און אז אונזערע טערקן, האָבן באקומען די טרויעריקע ידיעה, האָבן זיי בחפזון זיך אויפגעהויבן ביינאכט און געמאכט א ויברח.

אז מיר האָבן באגריפן, אז אונזערע פּייניקער זיינען טאקע אויף אן אמת פארשוואונדן, הגם מיר האָבן נישט פארשטאנען, וואָס עס האָט זיי געטריבן דערצו, איז אין שטאָט געוואָרן ששון ושמחה. מענטשן אומבאקאנטע האָבן זיך ארומגעכאפּט, געהאלזט זיך און געקושט און געוויינט פון פרייד. פרומע אידן האָבן געטענהט, אז

דאָס איז געשען א נס מן השמים. און די באָלשעוויקעס האָבן זיך גענומען צו זייערס: זיי האָבן געקליבן נייע קאָמיסארן, און ווידער איז געוואָרן פול מיט קאָנפערענצן און רעזאָלוציעס א. אז. וו. אָבער די שמחה האָט נישט לאַנג געדויערט. עס איז נישט אריבער א וואָך, און צום באקוער פּאָרט זיינען צוגעשוווּמען שיפן אָנגעפּי־קעוועט מיט ענגלישע סאָלדאטן און מיליטער־מכשירים.

איצט, אז די טערקן זענען אנטלאָפן, האָבן די ענגלענדער ניט געלאָזן זיך בעטן און זענען גלייך געקומען אויפצוהייבן דעם פעטן ביסן וואָס האָט זיך געוואַלגערט כמעט אויף הפקר.

די באָלשעוויסטישע פּארטיי פירער און די וועלכע האָבן מיט זיי מיטגעארבעט האָבן זיך תיכף ומיד אָפּגעטראָגן קיין טיפליס. און די רואיקע ענגלענדער האָבן זיך גענומען איינפירן זייער אָר־דענונג, וואָס האָט זיך אויסקריסטאליזירט אין אן אזערביידזשאנער דעמאָקראטישער רעפּובליק, אונטער ענגלאנדס השגחה, פארשטייט זיך, מיט דער הויפּטשטאָט באקו.

איינצייטיק זיינען אויך געגרינדעט געוואָרן די גרוזינישע רע־פּובליק, מיט דער הויפּטשטאָט טיפליס, און די ארמענישע, מיט דער הויפּטשטאָט עריוואן.

אויף אזא אופן זיינען מיר פּלוצלונג געוואָרן בירגער פון א טאָטערשער רעפּובליק, וואָס איז ניט נאָר געווען אינגאנצן אָפּגע־ריסן פון רוסלאנד, נאָר אויך פיינטלעך געשטימט קעגן איר. אלץ, וואָס עס האָט דערמאָנט רוסלאנד, איז ביי די טאָטערן געווען טריף ווי חזיר.

די אזערביידזשאנער רעגירונג מיט א קארליקאָוון פּארלאמענט און מיט אלע קליפּערגעציייג האָט אויסגעזען ווי א שפּיל פון קינ־דער, וואָס מאכן נאָך די גרויסע. עס איז געווען א קוקאָלנע דעמאָ־קראטיע.

דער פּרעמיער האָט געשאפן זייער א סך רעגירונגס־פּאָסטנס, אמתע לופט־שטעלעס, כדי צו האָבן גענוג פאר די משפּחות פון זיינע זעקס ברידער און צוויי שוועסטער, און פאר די פארצווייגטע קרובהשאפט פון זיינע דריי ווייבער. און ווו זיינען די נאָענטע פון

זיינע מיניסטאָרן און זייערע געהילפן, — מען טאָר דאָך זיי אויך ניט פארגעסן.

עס האָט זיך באקומען א גאנצע ארמיי דארמאָיעדניקעס, וואָס האָבן געשמאק געריסן פון דעם געזעלשאפטלעכן קוכן. די אויל־אינדוסטריע האָט אָבער אויף אלץ געגעבן.

איינמאָל, געדיינק איך, בין איך געקומען אין דעם רעגירונגס־אויל־דעפּארטאמענט, ווו איך האָב געדארפט באקומען אן דערלויבעניש ארויסצופירן קיין טיפליס 50 וואגאָנעס אויל־פּראָדוקטן.

דער אָנגעשטעלטער, וואָס האָט מיך געדארפט אויסהערן כדי „דערלייגן" וועגן דעם צום שעף פון דעפּארטאמענט, איז ניט געווען אויף זיין פּליאץ. זיין געהילף האָט מיך אינפאָרמירט, אז ער איז אוועק מיט א פּאָר פריינט קיין ביזאָוווני — א דערפל איינגעטונקט אין וויינגערטנער, אויפן ברעג ים, 20 ווערסט פון באקו — עסן דעם וואונדערבארן שאשליק, וואָס מען גרייט דאָרטן צו ספּעציעל פאר זיי.

— אפשר קענט איר בעטן פאר מיר אן ערלויבעניש ביים שעף צו זען אים פאר א פּאָר מינוט, כדי ערליידיקן וואָס שנעלער די זאך, די וואגאָנען זיינען אָנגעלאָדן אוןווארטן נאָר אויפן „פּראָפּוסק" פון אייער דעפּארטאמענט, האָב איך געפרעגט.

— איך וואָלט עס מיט פארגעניגן טאָן פאר אייך, איז געווען דער ענטפער, נאָר דער שעף איז היינט ניט געקומען אין דעפּארטאמענט, ניט היינט, ניט נעכטן און ניט אייערנעכטן.

— איז וואָס־זשע טוט מען פּאָרט, בין איך שוין אביסל אויפגערעגט געוואָרן, די וואגאָנעס מוזן נאָך היינט אָפּגעשיקט ווערן, זיי זיינען אדרעסירט צום עקאָנאָמישן דעפּארטאמענט פון דער גרוזינישער רעפּובליק.

דער מאַן, א יונגער, סימפּאטישער טאָטער מיט א פּאָר שווארצע קלוגע אויגן, האָט זיך א ווײַלע פארטראכט, און דערנאָך געווענדעט זיך צו מיר מיט א שמייכל:

— אָט האָט איר דעם היימישן אדרעס פון שעף, גייט אהין און דאָרטן וועט איר עס שנעל ערליידיקן. עס איז ניט צום ערשטן מאָל.

איך האָב עס טאָקע דאָרטן שנעל ערליידיקט פאַר א — פיינעם „באַקשיש"...

די יונגע אזערביידזשאַנער רעפּובליק האָט גאַנץ שנעל איבער־גענומען די תורה פון „לאַפּקע־געלט" פון אירע רוסישע פאָרגענגער, און ניט נאָר איבערגענומען, נאָר אריבערגעשטייגט.

דער רוסישער מענטש איז געווינט צו געבן, — נאַדאַ־זש־דאַט, איז געוואָרן א דעוויז אין רוסלאַנד, און דערפאַר טאַקע האָט זיך די 15 חדשים, וואָס די אזערביידזשאַנער רעפּובליק האָט עקזיס־טירט, געלעבט אין באַקו גאָרניט שלעכט. דער עולם האָט „געגעבן" און האָט צוריק באַקומען כפל כפלים, פּרנסה איז געווען בריוח.

און אין דער צייט, וואָס מיר האָבן אין באַקו געלעבט מיט אַלעם גוטן, איז די רוסישע ערד פאַרפלייצט געוואָרן פון דעם בלוט פון אירע זין. א זון איז געגאַנגען אויף א טאַטן, א ברודער אויף א ברודער.

די „ווייסע", מיט דער הילף פון ענגלאַנד, פראַנקרייך און אמעריקע, האָבן געוואָלט א דריי־טאָן אויף צוריק די ראָד פון דער געשיכטע. די ראָד האָט זיי אָבער צומאָלן.

די אָפּגעריסענע און הונגעריקע רויטע סאָלדאַטן פון דער רע־וואָלוציע האָבן צוקלאַפּט קאָלטשאַקן אין סיביר, אריינגעוואָרפן וראַנגלען מיט זיינע חילות אין שווארצן ים, און פון דעניקינס פּאָגראָמשטשיקעס געמאַכט רויך און פּאָראָך.

מיר האָבן זיך דערוווסט, אַז די רויטע זיינען שוין אין פּעט־ראָווסק און וועלן זיכער גיין אויף באַקו אָפּצונעמען דעם שווארצן גאָלד, וואָס איז צייטווייליק אריינגעפאַלן אין פרעמדע הענט.

דער הויפן אזערביידזשאַנער סאָלדאַטן האָבן געפּאָכעט מיטן שווערדל, געמאַרשירט איבער באַקוער גאַסן און דעמאָנסטרירט זייער „מאַכט".

אין דער נאַכט פון 27־טן אַפּריל 1920 איז געקומען א ידיעה, אַז דער באָלשעוויסטישער אוואַנגאַרד איז אַרוים פון דערבענט אין דער ריכטונג פון באַקו.

פאַרשטייט זיך, אַז די ידיעה האָבן דערהאַלטן די רעגירער; דער עולם האָט זיך פון דעם דערוווסט נאָר אויף מאָרגן, ווען די רויטע

זיינען שוין געווען אין שטאָט. מען האָט זיך אויך דערוווּסט, אַז די רעגירונג אין־קאָרפּאָראַ, צוזאַמען מיט די „פאָרשטייער" פון פאָלק, האָבן זיך די זעלבע נאַכט אָפּגעטראָגן אין אַן עקסטרא־צוג קיין טיפליס, און די „אַרמייען" פון דער רעפּובליק האָבן געמאַכט אַן אַוטאָ־דע־פע אויף זייערע מיליטער־אוניפאָרמען און פאַרגראָבן טיף אין דער ערד זייער געווער.

דאָס הייסט ענגלענדער, וואָס זיינען געווען אין שטאָט, האָבן זיך באַצייטנס אַריבערגעכאַפּט אין זאַקאַספּי, און — אויס מיט דער אַזערביידזשאַנער רעפּובליק!...

דעם 28־טן אַפּריל 1920 זיינען מיר צום צווייטן מאָל געוואָרען סאָוועטישע בירגער. דער ערשטער אָנזאָג, אַז דאָס איז געשען, איז געקומען אין דער פאָרם פון „ניטאָ". עס זיינען באַלד פאַרשוואונדן ברויט, פלייש, מילך, פּוטער, קעז, פיש קאַרטאָפל, גרינסן, גרויפּנס, מיט איין וואָרט — אַלעס, וואָס איז נאָר עסבאַר.

די קלייטן געשלאָסן. אויף די מערק פּוסט ווי אין א מדבר. די אויל־מאַגנאַטן — דאָס גרעסטע טייל אַנטלאָפן דורך טיפליס און באַטום, איבערן שוואַרצן ים, קיין אויסלאַנד. געבליבן די פאַרוואַלטער און די סטעפּן אָנגעשטעלטע.

אין שטאָט איז ניט געבליבן קיין איין מענטשן־האַריע, וואָס זאָל קלאַפּן נאָרמאַל: אָדער עס האָט געפּלאַטערט פון שרעק, אָדער געשפּרונגען פון פרייד: די באָלשעוויקעס, די פון צענטער, די עכטע זיינען דאָ!...

באַלד אויפן צווייטן טאָג נאָך זייער אַריינקומען, איז אַרויס א פאַראָרדענונג, אַז די אויל־פּראָמיסלעס זאָלן אַרבעטן נאָרמאַל; אַז די באַנקן זאָלן ניט אויסצאָלן זייערע דעפּאָזיטער, און אינגאַנצן אָפּשטעלן זייער טעטיקייט; אַז די אייגנטימער פון אַלע געשעפטן אין שטאָט זאָלן אין משך פון דריי טעג אַריינטראָגן די שליסלען פון זייערע לאָקאַלן צו א ספּעציעל פאַר דעם צוועק געשאַפענער קאָמיסיע. אַן אַנדער קאָמיסיע איז צוגעטראָטן מאַכן דעם אינווענטאַר פון דער אויל־באַלעבאַטישקייט. דאָס איז א קאָלאָסאַלע אַרבעט און האָט זיך טאַקע פאַרצייגן אויף חדשים.

אַלע לעבנס־פּראָדוקטן זיינען גלייך פאַררעגיסטרירט געוואָרן

און מען האָט אָנגעהויבן אַרויסגעבן דער באַפעלקערונג שפּייז־קאַרטלעך — פריער די אַרבעטער מיט אַ גרעסערער פּאָרציע און נאָכהער — די איבעריקע איינוווינער פון שטאָט מיט אַ פאַרקלענער־טען ראַציאָן.

דאָ־דאָ, דאָ דאָרט האָבן זיך פאָרמירט לאַנגע רייען פון מענ־טשען, וואָס האָבן געוואַרט צו קריגן דעם אָדער יענעם פּראָדוקט אויף זייערע קאַרטלעך. שעהן־ווייס איז מען אָפּגעשטאַנען אין דער ריי, אונטער די ברענענדע שטראַלן פון דער באַקוער זון, און ניט אַלעמאָל געקראָגן עפּעס. מען האָט אָבער געשוויגן — קיין קרומען וואָרט, קיין פּיפּס, שאַ, שטיל...

טעאַטערן, קינאָס און אַנדערע פאַרוויילונגס־פּלעצער — גע־שלאָסן. אין די גאַסן זעט מען ווייניק מענטשן, מען זיצט אין שטוב, מען האָט מורא די נאָז אַרויסשטעקן, און נאָר די נויט טרייבט צו שטעלן זיך אין „אָטשערעד״, אפשר וועט מען עפּעס קריגן.

דער געוויינלעכער לעבנס־שטייגער, די רוטינע איז מיט אַמאָל פאַרשוווּנדן, און קיין נייע לעבנס־פאָרמען זיינען נאָך ניט געשאַפן געוואָרן, איז פון זיך אַליין אַנטשטאַנען כאַאָס. מענטשן האָבן ניט געוווּסט, וואָס אַזוינס טוט זיך עס אַרום זיי, מיט וואָס וועט זיך עס ענדיקן, און האָבן פאַרלאָרן דעם קאָפּ.

אויף די בולוואַרן און אָפענע פּלעצער פלעגן טעגלעך כמעט פאָרקומען מיטינגען, ווו אָראַטאָרן האָבן געהאַלטן פלאַם־פייערדיקע רעוואָלוציאָנערע רעדעס, פאַרטייטשנדיק פאַרן עולם, וואָס אַזוינס איז די האָוועטן־מאַכט און צו וואָס זי שטרעבט. אויף די מיטינגען פלעגן זיך פאַרזאַמלען נאָר אַרבעטער, דער בורזשואַזער קלאַס האָט מורא צו באַווייזן זיך. אים דאַכט זיך, אַז די וועלט גייט אונטער.

די קאָמיסאַרן האָבן שנעל באַזעצט די גרויסע אויל־פירמעס און, זעלבסטפאַרשטענדלעך, אויפן ערשטן פּלאַן — די פירמע, וווּ איך האָב געאַרבעט.

אַזוי ווי די קעפּ פון די צענדליקער אָפּטיילונגען אין דער פיר־מע זיינען אָדער אַנטלאָפן, אָדער האָבן זיך אויסבאַהאַלטן — אַלץ פאַר דער זעלבער מורא, וואָס האָט אַלעמען פאַראַליזירט, האָבן די

קאָמיסאַרן אויף די פרייע פּלעצער אוועקגעשטעלט אייגענע מענ־
טשען, און ניט וויניק פון די, וואָס האָבן זיך ניט באהאלטן — איי־
בערגעטאשט און צוואָרפן אויף אנדערע פּאָסטנס. וועלנדיק, הפּנים,
אויף אזא אופן גרינטלעכער באהערשן די אויל־אינדוסטריע אין
פּילן זיך מער באַלעבאָס.

פארשטייט זיך, אז דאָס איז געווען א שווערער טעות, און די
אינדוסטריע און ניט אפּיטנע הענט האָט מוראדיק געליטן דערפון.
גאָר איינגיכן איז דערפאר אנטשטאנען א ראזרוכע, וואָס האָט די
פּראָדוקציע בײַן אויל פארקלענערט אויף 75 פּראָצענט.

מיך האָט מען באשטעטיקט אלעם בוכהאלטער, סעקרעטאר און
קאזנאטשעי אין דעם קלוב בײַ די רויטע ארמייער, וואָס מען האָט
געעפנט אין זומער־וווינונג פון דעם אויל־מאגנאטן קלוב.

די געביידע פון קלוב איז געשטאנען אין דעם איינציקן פּארק
אויפן ברעג ים, וואָס באקו האָט פארמאָגט, און האָט געהאט דעם
גרעסטן זאל פון שטאָט.

עס איז אריבער א קורצע צייט און עס האָבן זיך אָנגעפאנגען
פארשידענע צוזאמענפאָרן, און די קאָנפערענצן פון די צוזאמענפאָרן
פלעגן פארקומען אָט אין דעם זאל. די דעלעגאטן פלעגן באקומען
זייערע מאָלצייטן טאקע דאָ אין קלוב, און דאָס איז געווען פאר
מיר דער איינציקער מיטל צו דערהאלטן די נשמות פון מיין פאמי־
ליע — איך פלעג יעדן טאָג נאָך דער ארבעט טראָגן אהיים א קע־
סעלע מיט שפּייז און א שטיק שווארצן ברויט. פאר די מיליאָנען
רובלס, וואָס איך האָב באקומען געהאלט פאר מיינע דריי פּאָסטנס,
האָב איך אפילו ניט געקענט קויפן גענוג ברויט אָנצועסן זיך צו זאט.

דער פארוואלטער פון קלוב איז געווען חבר סמירנאָוו, אן אָפי־
ציר פון דער רויטער ארמיי, א מאן פון א יאָר דרייסיק. א דאָרפי־
שער בחור מיט זייער א קליין זעלבסטבילדונג, איז ער אָבער געווען
ניט קיין נארישער יונג, מיט א געזונטער „סמעקאלקע", און האָט
זיך זייער גוט געקענט פאנאנדערקלייבן אין די פארפּלאָנטערטע
פראגן, וואָס זיינען דאן געשטאנען על סדר היום.

די ערשטע צייט האָט ער אויף מיר געקוקט מיט חשד. ער האָט
אין מיר געזען א מענטשן, וואָס איז געקומען פון יענער פיינטלעכער

בורזשואזער וועלט, און וואָס דאַרף דערפאַר, לויט דעם פּראָלעטאַריי־שן אני מאמין, באַטראַכט ווערן ווי א שונא.

ביסלעכווייז אָבער איז מיר געלונגען צוברעכן די קלאַסן־וואַנט, וואָס איז געשטאַנען צווישן אונז, און מיר זיינען געוואָרן פריינט.

חבר סמירנאָוו איז געווען ערלעך ביזן העכסטן גראַד. ער האָט ביי זיין פּאָסטן פון קלוב־פאַרוואַלטער געקענט גאָר א סך אויפטאָן פערזענלעך פאַר זיך, ער האָט עס אָבער ניט געטאָן, און האָט ניט נהנה געווען מער ווי אַלע איבעריקע רויטע אַרמייער אפילו אויף א שוה פרוטה.

אויף זיין גראַדליניקן און טרוקענעם שטייגער איז ער געווען יושרדיק, און האָט קיינמאָל ניט מיסברויכט זיין מאַכט. קיין „טובה" וואָלט זיך ביי אים ניט דערשלאָגן אפילו זיין אייגענער טאַטע.

אין א קורצער צייט אַרום איז דער פּאָלק, ווו סמירנאָוו האָט גע־דינט, אוועק קיין טיפליס, וואָס איז שוין אויך געווען ביי די רוי־טע, און סמירנאָוו האָט געמוזט גיין מיט זיין פּאָלק.

ער האָט זיך זייער וואַרים געזעגנט מיט מיר, און עס האָט מיר באמת באַנג געטאָן, וואָס מיר דאַרפן זיך שיידן מיט אים.

אויף זיין אָרט האָט מען באַשטעטיקט א ציוויל־ן פּאַרטיי־מאַן, א געוועזענעם לערער אין אן אָנפאַנג־שולע פאַר טאָטערישע קינדער, חבר גאַדזשי־בעק גאַדזשיבעקאָוו, א שטיל רואיק מענטשל. ער האָט געהאַט א נאַציאָנאַלע שוואַכקייט פאַר זייניקע, און הגם דער באָל־שעוויסטישער שולחן עריך איז זייער ווייט פון וועלכע עס איז נאַ־ציאָנאַלע סענטימענטן, האָט מען אָבער ביי חבר גאַדזשיבעקאָוון גי־כער געפּועלט עפּעס, אויב דער בעטער איז געווען א טאָטער.

אט די שוואַכקייט זיינע האָט אויסגנוצט א פלינקער, דורכגע־טריבענער יונג אכמעד סאַלימאָוו, וועמען גאַדזשיבעקאָוו האָט איינ־געלאָדן אלס זיין געהילף, פאַרשרייבנדיק אים אין דער טאָטערישער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי.

אינגיכן האָט מען מיך איבערגעפירט אין וואָינסקאַיע פּריי־סטאָסטוויע, ווו מען האָט ווערבירט סאָלדאַטן פאַר דער רויטער אַרמיי.

די ליניע פון יענער צייט איז געווען ניט צו האַלטן א מענטשן

זייער לאנג אויף דעם זעלבן פאסטן, איבערהויפט נאך אן אומפאר־טייאישן.

דער פארוואלטער פון דער פריסוטסטוויע איז געווען חבר נעווסקי, א געוועזענער צארישער אפיציר, וואס האט זיך ניט לאנג פארשריבן אין דער פארטיי.

ווי אלע פראַזעליטן איז חבר נעווסקי געווען „מער פויפסט ווי דער פויפסט אליין". אויף מיטינגען אדער קאנפערענסיעס איז גע־ווען דער שטייגער זינגען ביים ענדע דעם "אינטערנאציאנאל", און אויב חבר נעווסקי איז דארט געווען, האט זיין שטימע געקלונגען העכער פון אלע. געשטאנען איז ער ביים זינגען, ווי א גוטער איד צו קדושה — מיט חדוה און יראת הכבוד.

חבר נעווסקי איז געווען א מענטש מיט העכערער בילדונג — געענדיקט א מיליטער־אקאדעמיע. ער האט עס אבער קיינמאל ניט ארויסגעוויזן. פארקערט, ער האט זיך געסטארעט רעדן פראסט, ניט אויפהייבן זיך, חלילה, העכער פון זיינע חברים אפיצירן, וואס האבן אממייסטן געשטאמט פון דארף, — פויערשע קינדער.

וויפל פרווון איך האב ניט געמאכט ארויסרופן אים אויף א געשפרעך וועגן זיין פארגאנגענהייט, איז עס מיר קיינמאל ניט גע־לינגען. ער איז געווען פארשלאסן אין זיך און האט זיך געהיט ארויסקומען מיט אן איבעריקן ווארט.

די אלע פארזיכטיקייטן האבן אים אבער ניט געהאלפן. און ביי דער ערשטער „טשיסטקע" האט מען אים אויסגערייניקט פון דער פארטיי, און ארויסגעווארפן פון דער ארמיי. וואס מיט אים איז געווארן — ווייס איך ניט.

צו יענער צייט האט זיך אין באקו געעפנט אן אפטיילונג פון מאסקווער „גאסטארג", און גלייך נאך דעם — פון „וונעשטארג". די ביידע אינסטיטוציעס האבן זיך געטוליעט איינע צו דער צווייטער, און האבן צוזאמען פארנומען די לוקסוספולע געביידע פון וואלזשסקא־קאמסקן באנק.

„גאסטארג"ס פונקציעס זיינען געווען — אינעווייניקסטער האנדל און פארשידענע טראנסאקציעס מיט די רעפובליקן, וואס זיינען אריין אין סאוועטנפארבאנד.

דאגעגן — „וונעשטאַרג" האָט געדאַרפט אַנטוויקלען דעם האנדל מיט אויסלאַנד, אין פאַל פון באַקוער אָפּמיילונג — מיט פּערסיע, וואָס איז דאַן באַשטאַנען אויסשליסלעך כמעט אין „מאַוואַ־ראַאָבּמען" — בייטן סחורה אויף סחורה. קיין פּערסיע האָט מען געשיקט צוקער און ביליקע מאַנופאַקטור און באַקומען פון איר — רייז, טרוקענע פרוכטן און טעפּיכער.

אלס פאַרוואַלטער פון „גאָסטאָרג" האָט מען צוגעשיקט פון מאָסקווע חבר צייטלין. ער האָט אויך געדאַרפט אָרגאַניזירן דעם סטעף אָנגעשטעלטע פון „וונעשטאָרג".

ווען איך האָב זיך פון דעם דערוווּסט, בין איך אַוועק צו חבר צייטלין פאַרלייגן זיך אלס בוכהאַלטער פון „וונעשטאָרג". מיר איז מיאוס געוואָרן מיין אַרבעט אין דער פריסוטסטוויע צוליב איר מאָ־נאָטאָניקייט און נישטיקייט, און איך האָב באַשלאָסן ווי ניט איז אַרויסדרייען זיך פון איר.

חבר צייטלין איז געווען א טיפּישער ליטווישער יונגערמאַן פון א יאָר עטלעכע און דרייסיק. קליין, דאַר, מיט א שאַרפן קוק, וואָס האָט דורכגענומען ביז די ביינער. גערעדט האָט ער ניט קיין שלעכ־טען רוסיש, הגם מיט א שטיקל אַקצענט. די ווערטער האָט ער גע־זיימט פון צווישן די ציינער, און אין א געשפּרעך — האָט ער אַליין גערעדט זייער ווייניק און כסדר געמיט זיך אַרויסציען ביי זיין מיטשמועסער וואָס מער אינפאָרמאַציעס. איך האָב אַלע מאָל חושד געווען, אז ער איז א געוועזענער ישיבה־בחור, ווייל זיין אַרט ריידן איז שטענדיק געווען מיט א גמרא קנייטש און אַן „איפכא מסתברא".

מיך האָט ער צוגענומען זייער טרוקן אין דעם שיקאַנעם קאַ־בינעט פון דעם באַנק־פאַרוואַלטער. אָנגעפירט מיך אויף מיין פאַר־גאַנגענהייט און געלאָזן מיך אויסדערציילן זי מיט אַלע איינצלהייטן. אַליין האָט ער ניט אַראָפּגענומען די אויגן פון מיר און געשטודירט יעדע באַוועגונג מיינע. — אונטער זיינע דורכדרינגענדע בליקן איז מיר געוואָרן אומהיימלעך, און איך האָב זיך געסטאַרעט מאַכן עס בקיצור.

אים איז עכ, הפנים, ניט געפעלן געוואָרן, און ער האָט מיר

שטריינג באמערקט, אז — ווי עס ווייזט — באהאלט איך עפעס פון אים. אויב איך וויל באקומען דעם פאסטן, איז זיין עצה, אז איך זאל עס ניט טאן.

מיך האט עס שטארק באליידיקט, און אונטער דעם געפיל האבן זיך ביי מיר א גאס געטאן ווערטער, ווי א דורכגעריסענער שטראם.

גענוי, וואס איך האב אים דאמאלסט אנגערעדט, -- געדיינק איך ניט, נאר דער תוך איז געווען, אז איך וועל קיינעם ניט דער־לויבן באשולדיקן מיך אין ליגן־זאגן און אין באהאלטן זאכן פון מיין פארגאנגענהייט. מיין פארגאנגענער לעבן איז ריין און פול מיט ארבעט, איך האב ניט וואס צו באהאלטן.

אין מיין אויפרעגונג בין איך ריידנדיק אויפגעשפרונגען פון שטול, און מיין שטימע האט געקלונגען שטארקער, ווי געוויינלעך.

ער האט מיך געלאזן ענדיקן, און ווען איך האב זיך אביסל בארואיקט, האט ער מיר באמערקט:

— בירגער דובאָוויטש, פאר אייערע געוואגטע רייד און הויכן טאן האב איך אייך געקענט לאזן ארעסטירן, נאר — מיר נעפעלט אייער אפנהארציקייט, זיצט.

ער האט א קלונג געטאן און געהייסן אריינשיקן זיין סעקרעטאר. ווען יענער איז אריינגעקומען, האט ער אים דיקטירט א בריוו צו חבר נעוזסקין, אין וועלכן ער בעט אפצולאזן בירגער דובאָוויטש, ווי א "ספעץ", פארן "וונעשטארג".

דעם בריוו האט ער מיר איבערגעגעבן און געהייסן — זאפארט, ווי איך וועל באקומען פון חבר נעוזסקי דאס געהעריקע פא־פירל, — קומען צו דער ארבעט.

מיט צוויי טעג שפעטער בין איך שוין געזעסן אין דעם רהבית־דיקן זאל פון "וונעשטארג", ביי מיין טיש, פארטרונקען אין א ים פון ביכער און רעכענונגען. איך בין אבער געווען זייער צופרידן מיט דעם איבערבייט פון מיין ארבעט.

אין משך פון עטלעכע טעג איז צוזאמענגעשטעלט געווארן דער גאנצער סטעף פון אנגעשטעלטע, און די ארבעט איז אוועק אין פולן גאנג.

חבר צייטלין איז געבליבן דער פארוואלטער פון "גאסטארג",

און אלס פאַרוואַלטער פון "וונעשטאָרג" האָט מען צוגעשיקט פון אסטראַכאַן חבר אנאַנטשענקאָ.

מען האָט געשמועסט, אַז חבר אנאַנטשענקאָ איז דאָרט געווען דער הויפּט פון "טשעקא", און אונטער זיין אָנפיר איז "ליקווידירט" געוואָרן די אסטראַכאַנער פיש־בורזשואַזיע. די מלאכה האָט דעם מענטשן אַזוי נערווירט, אַז מען האָט אים געמוזט אַריינגעבן אין אַ משוגעים־אַנשטאַלט. און ווען ער האָט זיך אביסל געבעסערט, האָט מען אים, כדי איבערבייטן דעם "קלימאַט", געשיקט אין באַקוער "וונעשטאָרג".

דאָס איז געווען אַ שטיל, רואיק מענטש, אַ גרויסער שווייגער. אָבער ווען מען האָט אים מיט עפּעס דערגזנט, פלעגט ער ווערן בלייך, ווי די וואַנט, און זיינע אויגן פלעגן שפּריצן מיט בלויען פייער. עס איז דאַן סטראַשנע געווען אויף אים צו קוקן.

איינמאָל, ווען איך בין געווען אין זיין קאַבינעט וועגן עפּעס אַן ענין, איז אַריינגעקומען דער עקספּעדיטאָר פון "וונעשטאָרג" און דערלאַנגט אים עטלעכע קאָנאָסאַמענטן פון אַרויסגעשיקטער סחורה. דער יונג האָט על פּי טעות פאַרביטן די יוצרות, און די סחורה, וואָס האָט געדאַרפט גיין קיין טיפליס, איז אַוועקגעשיקט געוואָרן קיין ענזעלי, פּערסיע, און פאַרקערט.

ווען אנאַנטשענקאָ האָט עס באַמערקט, איז ער ווייס ווי קאַלך אויפגעשפּרונגען פון אָרט, די אויגן ווי ביי אַ וואָלף אָנגעצונדענע, און מיט דער האַנט אויפן רעוואָלווער איז ער צוגעשפּרונגען צו דעם אָרימען בחור. עס איז געווען ניט ווייט פון אַ טראַגעדיע. שרעקלעכער פון אַלץ איז געווען דאָס, וואָס ער האָט דערביי קיין איין וואָרט ניט אַרויסגערעדט.

עס איז פאַריבער אַ קורצע צייט און מען האָט אנאַנטשענקען צוגענומען אויף אַן אַנדער פּלאַץ און אַלס פאַרוואַלטער פון "וונעשטאָרג" האָט מען צוגעשיקט פון מאָסקווע חבר סערגעי פּעטראָוויטש בעליאיעוו.

אַ בלאָנדער חברה־מאַן מיט בלויע אביסל וואַסערדיקע אויגן, הויך, ברייטפּלייציק. שטילערהייט האָט מען געשמועסט, אַז ער

איז א דייטש פון די פריבאַלטישע לענדער, און אז זיין ריכטיקער נאָמען איז שוואַרצקאָפּף.

ווי עס ווייזט, איז עס אמת געווען. דער מענטש האָט אונטער דער מאַסקע פון קאָמוניזם באַהאַלטן א רעאַקציאָנערן פּרצוף פון דעם העסלעכסטן סאָרט.

א פאַרביסענער אַנטיסעמיט — האָט ער מיך גערודפט און געזוכט אַרויסוואַרפן פון "וועגנשטאָרג". ער וואָלט זיכער זיינס דערגרייכט, ווען ניט ניקאָלאַי וואַסיליעוויטש פּאָקין, דער קאָנטראָ־ליאָר פון אַלע זאַקאַווקאַזער אָפּטיילונגען פון "וונעשטאָרג", וואָס איז גראָד געקומען קאָנטראָלירן אונזער אָפּטיילונג.

דאָס איז געווען א ריין־רוסישער טיפּ. א מאַן פון א יאָר עט־לעכע און פערציק, מיט א גוטמוטיקן געזיכט, מיט לאַכנדע ברוינע אויגן און מיט א שיינער קאַשטאַנאַווער באָרד, האָט ער פון ערשטן קוק צוגעצויגן מענטשן צו זיך.

גערעדט האָט ער געלאַסן מיט א ווייכן באַריטאָן און וואַרימען שמייכל אויף די ליפּן.

מיך האָט ער גלייך גענומען אונטער זיין שוץ, און ביים ערשטן פּרווו פון דעם פּאַרוואַלטער פאַרמיאוסן מיך אין פּאָקינס אויגן, האָט ער אים אזוי שאַרף אָפּגעשניטן, אז יענער איז אַוועק פון אים, ווי א צושלאָגענער הונט.

חבר פּאָקין האָט פאַרשטאַנען וואָס פאַר א פייגל דאָס איז. און א דאַנק זיינע באַמיאונגען, איז ער גאָר גיך פאַרשוווּנדן פון אונזער האָריזאָנט.

לויט א טעלעגראַפישן פאַראָרדנונג פון מאָסקווע, איז חבר פּאָ־קין באַשטעטיקט געוואָרן אַלס פּאַרוואַלטער פון "וונעשטאָרג", און איך — אַלעם "גלאַווּבוך," דאָס הייסט, גלאַוונער בוכהאַלטער, אויף וועמעס פּליכט עס איז געלעגן דער קאָנטראָל פון אַלע אונזערע אָפּ־טיילונגען.

צו יענער צייט איז שוין דער באַרימטער "נעפּ", פּראָקלאַמירט פון לענינען, אריין אין קראַפט, און די סאָוועטישע רעגירונג האָט געזוכט "ספּעצן" אַפילו צווישן אומפּאַרטייאישע, און האָט זיי אָנ־פאַרטרויט פאַראַנטוואָרטלעכע פּאָסטנס. אויף אזא אופן איז אויך

מעגלעך געווארן, אז איך זאל פארנעמען דעם פאסטן פון "גלאווביך".

אונזער נייער פארוואלטער, ווי איך האב שוין באמערקט, איז געווען א גוטער מענטש און, ווי איך האב זיך שפעטער דערוווסט, אן אומפארטייאישער, און דאס האט זיך גלייך אנגעהויבן פילן ביי דער ארבעט.

עס איז פארשוואונדן די אנגעצייגנקייט, וואס פלעגט פארמאכן דאס מויל דעם בעסטן פארטיי־מאן, ווי נאר ער פלעגט זיך צוזאמענקומען מיט אן אומפארטייאישן, ווייל אזוי באפעלט דער פארטייאישער שולחן־ערוך: דער אומפארטייאישער איז ניט מיט אונז, איז ער קעגן אונז. ער איז א פרעמדער, א שונא, היט זיך פאר אים און גלויב אים ניט.

אזוי ווי דער "נעפ" האט ערלויבט און אפילו ערמוטיקט פריוואטן האנדל, האבן זיך אין אפיס פון "וונעשטארג" אנגעהויבן באוויזן מענטשן מיט פארשידענע פארשלאגן פון עקספארט און אימפארט. א סך אזעלכע פארשלאגן האט דער פארוואלטער אפגעווארפן, אבער איינציקע פון זיי האט ער אנגענומען און דורכגעפירט מיטן גרעסטן דערפאלג.

מיר איז צו יענער צייט אויסגעקומען צו באזוכן אונזערע אפטיילונגען אין פערסיע — אין ענזעלי, רעשט, מעשעדעכער. איך האב געקליבן מאטעריאל פאר א גענעראלן אינווענטאר פון אונזער באלעבאטישקייט. דאס האט געפאדערט מאסקווע, געבנדיק זייער א קורצן טערמין כדי אויסצופילן די פאדערונג, און מען האט גענויטט פערזענלעך צואיילן די ארבעט.

די באלעבאטישקייט איז געווען א קאלאסאלע און איז געגאנגען אין מיליאנען דאלערס.

מיט דער גרעסטער שפאנונג האב איך מיך צוגעקוקט צום לעבנסשטייגער, מנהגים און טראדיציעס פון דעם פערסישן פאלק.

דער דורכשניטלעכער פערס איז אינטעליגענט און קולטורעל אויף זיין שטייגער, דאס מיינט, אז ער איז גוט באהאוונט אין דער מאכמעדאנישער ביבליע, אין דעם קאראן, און איז א שטיקל בקי אין דער געשיכטע פון מאהאמעדס מלחמות. ניט זעלטן הערט מען אים ציטירן פסוקים פון קאראן, מאכנדיק דערביי א פרומע מינע.

דער אָרימער שיכט פון פאָלק איז פראָסט און פארגרעבט. אין יענע צייטן, פאר דער רעוואָלוציע אין רוסלאנד, איז דער אידעאל פון דעם פשוטן פערם געווען — אוועקלאָזן זיך קיין באקו, ווו עס איז דאן לייכט געווען צו קריגן ארבעט פון א לאסט־טרעגער אין פאָרט און ביי דער נאפט־אינדוסטריע, אָפּארבעטן א פּאָר יאָר, אויסקומענדיק מיט א שטיקל ״טשורעק״ — אָרטיקע ברויט־פלעצ־לעך — מיט קעז און שלאָפנדיק סיי זומער, סיי ווינטער אין די הויפן פון די גרויסע קאראוואן־סארייען אונטערן אָפענעם הימל, אָנקלייבן אביסל געלט און אומקערן זיך אהיים, ווו ער האָט פאר דעם געלט געקויפט זיך א נייע ווייב.

איך האָב פערזענלעך געקענט פערסן, וואָס האָבן שוין דריי־פיר מאָל דורכגעמאכט רייזעס קיין באקו און האָבן געהאט אין דער היים דריי, פיר און אפילו פינף ווייבער, וועלכע האָבן זיי אלע יאָר ״באשאָנקען״ מיט א קינד.

אלע ווייבער מיט זייערע קינדער ווינען צוזאמען אין עפּעס איין ערדענער הייזקע, מען רייסט זיך צווישן זיך ווי די קעץ, די קינדער שרייען האלב הונגעריקע, די שמוץ ארום איז אין לשער.

און אין שכנות מיט אָט אזא פארהונגערטן מוראווייניק שטייט א פּאלאַץ אינמיטן פון א פראכטפולן בלומען־גאָרטן. דאָרטן זיי־נען אויך דאָ עטלעכע ווייבער מיט א סך קינדער, אָבער אלע זיי־נען זיי אָנגעפרעסענע, גלאטע. דער באלעבאָס פון פּאלאַץ און דער האר פון די ווייבער מיט די פילע דינסטן, וואָס דרייען זיך דאָרט ארום, באזיצט גרויסע שטרעקעס פון רייז־פעלדער, פעדער און ווייגגערטנער, ווו אָן יענע אָרימע, פאר דער צייט פארעלטערטע פרויען, ארבעטן פון באגינען ביז פינצטער פאר א הונגער־לוין.

צו אזא איינעם בין איך אין מעשעדעסער איינגעלאַדן געוואָרן צוזאמען מיטן פארוואלטער פון אונזער אָפּטיילונג דאָרטן.

דער רייכער פערם פלעגט מיט אונז בייטן זיינע רייז און טרוק־קענע פרוכטן אויף צוקער און מאנופאקטור, און לכבוד מיין קומען האָט ער געמאכט א שטיקל יום טוב.

אין א גרויסן זאל, איינגאנצן באדעקט מיט זיידענע פערסישע טעפּיכער, זיינען געזעסן א צענדליק מיושבע געסט אין ווייסע זיי־

דענע בעקעשעס מיט קאראקולענע קוטשמעס אויף די געגאָלטע קעפּ. ביים אריינגאנג אין זאל זיינען געשטאנען אין ריי א צענדליק פאר פאנטאָפל, וואס די געסט האָבן איבערגעלאָזן אריינקומענדיק.

געזעסן זיינען זיי אויף דער ערד, די פיס אונטער זיך. געריי־כערט נארגילעס און וועז ניט ווען דורכגעוואָרפן זיך מיט א וואָרט.

פאר אונז איז געווען צוגעגרייט א טישל מיט צוויי שטולן.

ווען א דינער האט אונז אריינגעפירט אין זאל, האָבן זיך די געסט צוזאמען מיטן באלעבאָס אויפגעהייבן פון פלאץ און באַ־גריסט אונז, צולייגנדיק די רעכטע האנט צום הארצן און לייבט אָנ־בייגנדיק דעם קאָפּ. ווידער געזעצט זיך מיט א לייכטן קרעכץ און שטילן ״אללא״ אויף די ליפּן, האט דער באלעבאָס אין א צוקאָ־ליעטשעטן רוסיש אויסגעדריקט זיין צופרידנקייט מיט אונזער קו־מען אין זיין ״אָרים הייזקע״, און געפרעגט וועגן אונזער געזונט.

באלד האָבן דינער אָנגעהייבן אריינברייגנען פארשידענע זי־סע נאשעריייען, לאנגע פארפארנע פאלומעסקעס מיט ״פּילאוו״ — געבראָטענע רייז געמישט מיט הינער פלייש, צעשלאָגענע אייער און טרוקענע פרוכטן, ווי ראָזשינקעס, שאפּטאלן, פייגן — איז צוויי דינער האָבן אריינגעטראָגן אויף א קאָלאָסאלן זילבערנעם טאץ א גאנצן געבראָטענעם שעפּס, פון וועלכן עס האט געשלאָגן מיט א דופטענדער פארע.

ווי אונזער פּארוואלטער האט מיר דערנאָך דערציילט, ווערט דער שעפּס געבראָטן אויף אזא אופן: מען ליידיקט אים אויס פון די אינעווייניקסטע און מען פילט אים אָן מיט פארשידענע געווירקנטע פרוכטן און בשמים. דערנאָך ציט מען אויף אים אָן זיין אייגענער פעל. מען פארנייט עס גאנץ און מען לייגט אריין דעם שעפּס אין א גרוב, ווו עס האט געפלאקערט א שייטערהויפן; מען דעקט אים צו מיטן זודיקן אש און מען פארשיט אויבן מיט גליענדע קוילן.

ווען דער באלעבאָס האט זיך אליין מטריח געווען און מיט א גרויסן מעסער צעשניטן דעם שעפּס אויף שטיקער, האט זיך אין צי־מער פארשפּרייט א בשמים־ריח געמישט מיטן ריח פון געבראָטן פלייש, וואס האט גערייצט דעם אפּעטיט.

פארשטייט זיך, אז מיר האָבן אָפּגעגעבן כבוד דעם אָנדענק

פון דעם שמעקעדיקן נפטר און נים געלאָזן לאנג זיך בעטן טועם צו זיין פון דעם אויסטערלישן מאכל.

פאר דער גאנצער צייט, וואָס מיר האָבן פארבראכט אין פאַלאַץ, איז ניט געווען צו זען א סימן פון א פרוי, ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס דער באלעבאָס האָט זיי געהאט גאנצע זעקס. נאָר שוין ביים אוועקגיין, באגלייט פון באלעבאָס, האָב איך פלוצלינג דער־פילט, אז מען קוקט אויף מיר. און ווען איך האָב זיך אומגעקערט צו זען ווער עס איז, האָבן אויף מיר פון א האלב־אָפענער טיר א בליץ געטאָן א פאָר שווארצע אויגן. א בליץ געטאָן און גלייך פאר־שוווּנדן.

צוריקוועגס קיין באקו האָב איך דורכגעמאכט א שטורם אויפן ים. עס האָט זיך צושפילט א שטארקער נאָרד־אָסט, און ווער עס ווייס וואָס עס הייסט א נאָרד־אָסט אין יענע מקומות און ווי דער אלטער קאספי קען זיך צוהוליען, וועט פארשטיין, וואָס מיר, עט־לעכע פאסאזשירן אויף דעם קרעכצענדן "סאמארקאנד", א שיף א זקנה אויף צו פירן נאפט, וואָס האָט פריער געהערט צו מיין גע־וועזענעם באלעבאָס גאדזשי שייך־אלי דאדאשעוו, האָבן איבערגע־לעבט.

פון מעשעדעסער ביז איך געפאָרן קיין ענזעלי, ווו איך האָב פארבראכט א פאָר טעג, און דאָן, אויסגענוצט די געלעגנהייט. וואָס אין ענזעליער פאָרט האָט "סאמארקאנד" גראָד אויסגעלאָדן נאפט, וואָס ער האָט געבראכט, און האָט זיך געגרייט אָפּפאָרן קיין באקו, און האָב נאָך מיט עטלעכע צופעליקע פאסאזשירן, אלע רעגירונגס אָנגעשטעלטע, באשלאָסן — ניט קוקנדיק אויף א סך אומבאקוועמ־לעכקייטן — אומקערן זיך אויפן "סאמארקאנד" אהיים. דער וועג איז קורץ און מיר ווילן ווי עס איז איבערפּטרן דעם מעת לעת אויף דער פאלובע פון דער שמוציקער שיף, אבי ניט ווארטן אין ענזעלי אויף א בעסערער געלעגנהייט, וואָס קען קומען ווער ווייסט ווען, ווייל קיין רעגעלע רייסן זיינען דאָן ניט געווען צווישן באקו און פערסישע פאָרטן.

פון ענזעלי זיינען מיר אָפּגעשוווּמען ארום האלבן טאָג. דער ים איז געלעגן א רואיקער, גלאט ווי א שפיגל, אָן איין קנייטש

אויף זיין ליכטיקן פּנים. עס איז געשטאַנען א הייסער יולי־טאָג און די פרישקייט פון וואסער האָט אונז ממש דערקוויקט.

ארום צוויי אזייגער בייטאָג האָט אונז דער קאַפּיטאַן פון שיף אָנגעוויזן אויפן האָריזאָנט פון צפון־מזרח זייט פון הימל און האָט באַזאָרגט געשאָקלט מיטן קאָפּ.

פון דאָרטן האָט זיך שנעל געררוקט א שוואַרץ־גרויע כמאַרע, די לופט איז פול געוואָרן מיט שטויב, און מיר האָבן קיין צייט ניט געהאַט ארומקוקן זיך — איז שוין דער גאַנצער הימל באַדעקט געווען פון איר.

עס זיינען אָנגעלאָפן די ערשטע ווינט־שטויסן, און דער ים, ווי א גוטער פערד, וועלכן מען האָט דערלאַנגט עטלעכע מאָל מיט דער בייטש, האָט זיך א צאַפּל געטאָן און איז געוואָרן אומרואיק. באַלד האָט זיך צעשפּילט די אמתע חתונה: ווי טויזנטער וועלף וואָלטן זיך ארויסגעריסן פון זייערע נאָרעס — האָט זיך דער שטורם צעוואָיעט אויף אַלערליי קולות. דער ים — א דערשראָקענער, א צוטומלטער האָט זיך געוואָרפן מיט זיינע בערג־כוואַליעס, און גע־דאַכט האָט זיך, אז ער וויל ווו אנטלויפן פון דעם שרעקלעכן יאָגער. וואָס האָט אים געיאָגט אָן אויפהער. איך האָב מיך דערמאָנט אָן דעם: מה לך הים כי תנוס? — וואָס איז דאָ צו פרעגן — עס איז קלאָר פאַרוואָס ער אנטלויפט: ער אנטלויפט, ווייל מען יאָגט אים.

אויף וויפל דאָס אויג האָט דערגרייכט אין דעם תהו ובהו, וואָס איז אנטשטאַנען אויף דעם ניט לאַנג רואיקן אויבערפלאַך, האָבן זיך געזען חיילות פון סטראַשנע אומצייליקע רייען געטריבן פון שונא אין איין אומבאַוווסטער ריכטונג. דער ים איז געלאָפן, אָבער אין אָרדענונג, ווי א העלד.

אונזער שיף האָט זיך געפּלאָנטערט צווישן די פיס פון די לוי־פענדע מעכטיקע כוואַליעס און זיי האָבן זיך געוואָרפן מיט איר, ווי מיט א פּילקע. אָט האָט זי איין כוואַליע א שטויס געטאָן מיטן פוס; פון דעם שטויס האָט זי א שפּרונג געטאָן גלייך אויפן קאָפּ פון דער פאָרויס לויפנדער, און יענע האָט זי א זעץ געטאָן מיטן קאָפּ און אראָפּגעשליידערט צו די פיס פון א דריטער.

בלייבן אויף דער פּאַלובע איז געוואָרן אבסאָלוט אוממעגליך,

און מיר האָבן זיך צונויפגעהורבעט אין דעם קאַפּיטאַנס קאַיוטע, ווער זיצנדיק, ווער שטייענדיק, און ווער אפילו ליגנדיק אויפן פּאָל, ווייל איינשטיין אויף די פיס איז געווען זייער שווער.

די קאַיוטע, פאַרשטייט זיך, איז געווען הערמעטיש געשלאָסן, כדי מיר זאָלן ניט קריגן אַן אומזיסטע באָד פון די כוואַליעס, וואָס האָבן געוואַשן די פּאַלובע, און דאָך האָט עס ניט פאַרקלענערט די פאַרטויבנדע קלעפּ מיט וועלכע, דער ים האָט באַגלייט זיין געלאַף, אָט ווי ער וואָלט פון טויזנטער האַרמאַטן אויף א מאָל געשאָסן אין שונא. מיר האָבן געמוזט שרייען כדי דער שכן זאָל אונז קענען הערן.

דרייסיק שעה נאָכאַנאַנד האָבן מיר ערוואַרט, אַז אָט־אָט וועט די אַלטע שיף ניט אויסהאַלטן די מעכטיקע קלעפּ און וועט צופאַלן אויף שטיקער. עס איז געווען טאָג, געוואָרן נאַכט און ווידער טאָג, און מיר האָבן עס ניט געזען און ניט באַמערקט. האַלב טויטע, אָן עסן, אָן טרינקען האָבן מיר זיך געקייקלט, ווי אינערטע גופים, גע־קייקלט זיך אַהין, וווהין די שיף האָט אונז געשליידערט און יעדע מינוט געמיינט, אַז עס איז די לעצטע אין אונזער לעבן.

מיר איז ניט איינמאָל אויסגעקומען דורכמאַכן אויפן ים א שטורם, אָבער אַזא מעכטיקן שטורם האָב איך נאָך ניט געזען.

ווען מיר האָבן זיך פאַרשלעפּט אין באַקו אויפן דריטן טאָג נאָך אונזער אַרויספאָרן פון ענזעלי, דאָט אונז קיינער ניט דער־קענט, — אַזוי שרעקלעך האָט אונז די רייזע אָפּגעצערט און אויס־געמאַטערט.

אין דער צייט פון מיין אָפּוועזנהייט האָט אונזער „וונעש־טאָרג" באַקומען א באַפעל פון מאָסקווע, אַז מיר זאָלן אין משך פון א יאָר ליקווידירן אַלע אונזערע אָפּטיילונגען און אויפלייזן זיך.

די געשיכטע פון דעם באַפעל איז אַזאַ:

די דריי סאָוועטישע רעפּובליקן, וואָס זיינען געגרינדעט גע־וואָרן אין זאַקאַווקאַזיע, — אַזערביידזשאַן, גרוזיע און אַרמעניע — האָבן, מיטן צוועק צו אַנטוויקלען זייער האַנדל מיט אויסלאַנד, יעדע ביי זיך געגרינדעט אַן אייגענעם „וונעשטאָרג", וועלכע זיי האָבן פאַרבונדן דערנאָך אין א פעדעראַציע, כדי צוזאַמען געפינען בעסע־רע און לייכטערע וועגן פון אַנטוויקלונג פאַר זייער האַנדל.

אזוי ווי אונזער צענטראלער "וונעשטאָרג" האָט געהאַט אָפּ־טיילונגען אין טיפליס, באטום און פּערסיע, און איז באזעסן קאָלאָ־סאלע געלט־מיטלען אין אויסלענדישער וואליוטע און גרויסע זאַ־פּאסן פון מאנופאקטור און צוקער, האָט, פארשטייט זיך, די אָרימע זאקאווקאזער פעדעראציע גאָר נישט ניט געקענט אויפטאָן און איז געזעסן ביי דער "צובראַכענער קאָרעטע".

דאָן האָט זיך אָנגעפאנגען א סדרה פון קלאָגעס. אז מען בעוואלט זיי, מען לאָזט זיי א קאָפּ ניט אויפהויבן. זיי האָבן אזוי לאנג געגנענזשעט אין מאָסקווע, ביז דאָרטן איז די זאך מיאוס גע־וואָרן, און מען האָט באשלאָסן אויפלייזן אלע זאקאווקאזער אָפּטיי־לונגען.

במשך דעם גאנצן יאָר, וואָס מיר האָבן זיך ליקווידירט, איז מיר אויסגעקומען צו ארבעטן אויסער באקו. א שטיק צייט האָב איך געארבעט אין טיפליס.

טיפליס קען מען אָנרופן דאָס פערל פון זאקאווקאזיע. צו־שפּרייט אויףביידע ברעגן פון דעם טייך קורא — ליגט זי א בלי־ענדע, א צעשטראָלטע צווישן באוואקסענע ברעג און גרינע טאָלן, אונטער די גין־גאָלדענע שטראַלן פון דער הייסער זאקאווקאזער זון.

דער בארימטער באָטאנישער גאָרטן אין טיפליס פארכאפּט מיט זיין שיינקייט און רייכקייט אין פלאנצן און פארשידענע עקזאָטי־שע בלומען.

וואונדערבאר־שיין איז דער בארג פון דעם "הייליקן דוד", וווּ־הין מען הייבט זיך אויף אין א קייט־באַן. פון דאָרטן זעט מען די פּאנאָראמע פון דער גאנצער שטאָט מיט די נאָענטע און ווייטע בערג ארום איר און פון דעם טייך, וואָס שלייגלט זיך אין די טיפע טאָלן צווישן די בערג.

פון שטענדיקאָן א גרויסער בעלן אויף נאטור־עקסקורסיעס, האָב איך זיך מיט אייניקע פריינט געלאָזן שווימען אויף דער קורא, אויף א פליט, צו די רואינען פון אן אלטן מאָנאסטיר פון זיבעטן יאָרהונדערט, וואָס געפינט זיך צען קילאָמעטער ווייט פון שטאָט, ביים ברעג טייך.

די עמאָציעס פון דער עקסקורסיע זיינען געווען אומבאשרייבלעך.

די קורא רינט ארויס פון הייכע בערג פון דער קליינער קאווקאזער בארג־קייט און טראָגט אירע וואסערן מיט רעש און געפּילדער צווישן די בערג־שפּאלטן און שמאָלע טאָלן צום קאספּי, וווהין זי פאלט אריין נידעריקער פון באקו. א פּאָר צענדליק קילאָמעטער איידער זי דערגרייכט דעם ים, נעמט זי אריין אין זיך דעם אראקס — א בורנער בארג־טייך, און ביים אָנקומען צום ים צושפּרייט זי זיך אויף א גרויסן שטח, און אין ים גופא דערקענט מען אירע זיסע, זייער מוטנע וואסערן אויף גאָר א גרויסער שטרעקע פון ברעג.

דער פּליט האָט זיך שנעל געטראָגן וואסער אראָפּ, און די אויפגאבע פון דעם טרייבער איז נאָר געווען אָפּשטויסן זיך פון די פילע שטיינערנע אינזעלעך, וואָס דער טייך אליין האָט געבראכט פון די בערג און אָנגעוואָרפן שטיין נאָך שטיין קופּעס־ווייז, אָדער פון די ברעגן ביי יעדן שארפן קער, וואָס דער טייך האָט כסדר געמאכט צווישן די בערג.

פיל מאָל האָט זיך געדאכט, אז אָט־אָט שלאָגט זיך אָן דער פּליט אָן די שטיינערנע ווענט פון ברעג און ווערט צעפאלן אויף באזונדערע קלעצער, פון וועלכע ער באשטייט. אין אייניקע פּלעצער איז דער טייך שמאָל און רייסט זיך דורך מיט ווילדער גבורה צווישן סקאלעס, וואָס דערגרייכן א הונדערט מעטער די הויך. די שטיינערנע גלאטע ווענט פון ביידע זייטן זיינען ווי מיט א מעסער אָפּגעשניטן. דורכטראָגנדיק זיך בשלום דורך אזא געפערלעכן אָרט, פלעגט דער טרייבער, א יונגער בלאָנדער גרוזין, זיך איבערצלמען יעדעס מאָל.

צוליב דעם מוראדיקן שטראָם, וואָס טראָגט זיך אין אזעלכע ערטער מיט גוואלדיקער שנעלקייט, איז דעם טרייבער ניט אלעמאָל געלונגען איינהאלטן דעם פּליט אין א גלייכער ריכטונג. דער שטראָם, וואָס שאפּט פון איינגשאפּט אין פּלאץ געפערלעכע וואָדאָווראָטן, פלעגט דרייען דעם פּליט אין א קאראהאָד, ווי א שפּענדעל, און מיר פלעגן נאס ווערן פון קאָפּ ביז די פיס.

ביידע זייטן פון טייך זיינען פארוואקסן מיט געדיכטע וועלדער. זיי לויפן העט ווייט, אויף וויפל דאָס אויג כאפּט, בארג ארויף, בארג אראָפּ און שאפן א צויבער־פּאנאָראמע פון א גרינער וועלט.

דער מאָנאַסטיר געפינט זיך אויפן רעכטן ברעג, אומגעפער א האַלבן קילאָמעטער ווייט פון טייך, אין א געדיכטער ווילדערניש, ווו אין מיטן ליכטיקן טאָג איז האַלב פינצטער.

מיט מאָך באַוואַקסענע שטיינערנע ווענט פון א גרויסער געביידע. קיין דאַך איז ניטאָ. דער שטיינערנער פּאָל איז נאָך ערטערווייז געזונקען, אָבער במעט אומעטום גאַנץ.

אין א לאַנגן, ברייטן זאַל, וואָס איז — ווייזט אויס — געווען דער אָרט צום דאַווענען, זיינען נאָך פאַרבליבן רעשטלעך פון שטיינערנע ביינק.

לויט דער גרוזינישער לעגענדע, איז דער מאָנאַסטיר געווען א פאַרבאָרגענער פּלאַץ און האָט געדינט אלס עיר מקלט פאַר פרומע קריסטן, וואָס האָבן זיך געדאַרפט אויסבאַהאַלטן פון די פאַרפאָלגונגען פון די ארומיקע ווילדע געצנדינערישע פעלקער.

אביסל אָן א זייט פון מאָנאַסטיר ווייזט מען אָן א פּלאַץ, ווו עס איז געווען דער בית עולם פאַר די מאָנאַכן. קיין סימן פון קברים אָדער מצבות. ווו ניט ווו — קופּקעס פאַרוואַקסענע שטיינער, וועלכע עס איז שווער צו באַמערקן. דאָס זעלבע ווילדערניש פון גאַנצן ארום.

אַזוי ווי אין אַלע רוינען, איז דאָ ניטאָ וואָס צו זען. עס איז נאָר דער אָטעם פון דרייצן יאָרהונדערטער, וואָס ווייעט פון זיי. פאַר א פילגרים מענטשן איז עס א סך. עס פירט אים ארויף אויפן פילאָזאָפישן הבל הבלים און מאַכט אים זיך צו פאַרטראַכטן וועגן די נישטיקייטן פון אונזער קורצן לעבן אויף דער ערד.

מיט שוועריקייטן האָבן מיר צולייגט א פייער, ווייל די שוועבעלעך זיינען ביי אַלעמען פאַרנעצט געוואָרן. און ווען דער פייער האָט זיך צופלאַקערט, האָבן מיר אויסגעטריקנט אונזערע קליידער, אָפּגעבראָטן דעם "שאַשליק". וואָס מיר האָבן מיטגעבראַכט רויערהייט, און צוזעצט זיך ארום פייער אונטערלענען דאָס האַרץ.

מיט אונז זיינען געווען אייניקע יונגעלייט מיט זייערע פרויען אָדער כלות, וואָס האָבן זיך געטוליעט צו די מענער, אָט ווי זיי וואָלטן זוכן באַשיצונג און אביסעלע פרייד אין דעם ווילדן, איינזאַמען פּלאַץ.

אונזער פּליט מיטן טרייבער האָט אונז דאָ אראָפּגעלאָזן און אוועקגעשוווּמען ווייטער צו א שטעטל, ווו דער פּליט האָט געדאַרפט פאַנאַנדערגענומען און אויסגעניצט ווערן פאַר בוי־צוועקן. קיין טיפליס האָבן מיר זיך געדאַרפט אומקערן צופוס.

דער וועג צוריק איז געווען וווּנדערבאַר שיין. מיט יעדן קער פון דער אויסגעטראָטענער סטעזשקע — א נייער צויבער־בילד פון באַוואַלדערטע בערג און טאָלן, פון געפּערלעך־טיפע אָפּגרונטן און אַרויסשטעקנדע היילע סקאַלעס, וואָס פון דערווייטנס דוכט זיך, אז אָט־אָט רייסן זיי זיך אָפּ און פאַלן אין אָפּגרונט.

שיין ביזטו, קאַווקאַז, דאָס וויגעלע פון דער מענטשהייט.

רעלאַטיוו ניט ווייט פון דאַנען געפינט זיך דער שפּיץ פון באַרג אַראַט, אויף וועלכן נחס קאַסטן האָט זיך אָפּגעשטעלט, ווען די מבול־וואַסערן האָבן גענומען אָפּפאַלן.

די מאַיעסטעטישע פּאַנאָראַמע, וואָס האָט זיך באַוויזן פאַר נחן און וועלכע מיט אים, ווען זיי זיינען אַרויס פון דער תיבה, האָט זיי געוויס געגעבן מוט און א פרישן קוואַל פון ענערגיע פאַר א נייעם פרוכטבאַרן לעבן.

די נאַטור האָט דאָ צושפּרייט אירע פּראַכטן מיט א פולער האַנט. עס וואָלט געניג געווען צו באַפרוכפּערן און אָפּלעבן אַלע מדבריות און וויסטענישן פון דער ערד, און עס וואָלט נאָך אפשר איבערבלייבן.

מיר זיינען קינדער פון דער נאַטור. און אַזוי ווי ביי אונז איז אויך ביי אונזער מאַמען ניטאָ קיין גלייכהייט...

ווען איך בין פון טיפליס געקומען צוריק קיין באַקו, האָב איך אין דער היים געטראָפן א בריוו פון ניו־יאָרק, פון מיינער א קוזינע, וועלכער איך האָב ניט געקענט.

זי האָט צופעליקער־ווייזע געטראָפן מיין ברודער, צו וועלכן זי איז געווען א פרעמדע, ווייל זי איז געווען מיין קוזינע פון דער מאַמעס צד, און האָט ביי אים גענומען מיין אַדרעס.

אַזוי ווי זי איז געווען פאַרמעגלעך און קינדערלאָז — האָט זי מיר געוואָלט מיט עפּעס העלפן.

אין אַמעריקע האָבן דאַמאָלסט אַלע געגלויבט, אז מיר שטאַרבן

אויס פון הונגער אין רוסלאַנד, און מען דאַרף ראַטעווען וועמען עס לאָזט זיך און מיט וואָס עס לאָזט זיך.

ווען מיין עלטסטער זון דער מעדיצין דאָקטאָר, וואָס האָט זיך ניט לאַנג רעלאַטיוו באַפרייט פון דער אַרמיי, האָט זיך דערוווסט פון דעם בריוו, איז ער צוגעשטאַנען צו מיר, אַז מיר זאָלן באַשליסן עמיגרירן פון רוסלאַנד. שרייבן דער קוזינע, אַז זי זאָל אונז שיקן אַרויספאָדערנדע אַפידייווידס. אין אויסנוצנדיק דעם פאַקט, וואָס אונזער "וונעשטאָרג" ליקווידירט זיך און איך ווער פריי פון מיין פאַראַנטוואָרטלעכן פּאָסטן, גלייך אָנהייבן כלאַפּאָטשען וועגן אַן אויסלענדישן פּאַספּאָרט. ער פון זיין זייט האָפט צו קריגן פאַר זיך אין באַקוער אוניווערזיטעט אַ קאַמאַנדיראָווקע אין די שטאַטן פאַר ווייסנשאַפטלעכע אויספאָרשונגען.

אַ מאָטיוו פאַר אויסוואַנדערונג פון פאָטערלאַנד האָט מיין זון אָנגעגעבן זיין ניט זיכערקייט אין דער דויערהאַפט פון דער סאָוועטישער מאַכט. און דאַן, אויב, חלילה, די סאָוועטן־מאַכט וועט פאַלן, איז דער אידישער לעבן ניט זיכער, ווייל די פּראָפּאַגאַנדע גייט, אַז באָלשעוויקן — דאָס זיינען אידן, אַז מען דאַרף אַלע אידן אויסראָטן, און אויף אַזאַ אופן פּטור ווערן פון דעם באָלשעוויזם. דאָס זעלבע לידעלע, וואָס עס זינגט איצט דער צענפאַכיקער המן, ימח שמו.

מיין צווייטע פרוי — די ערשטע איז מיר מיט עטלעכע יאָר צוריק געשטאָרבן — האָט אמת געפּרוווט אָפּריידן אונז פון דער אידייע. זי האָט מיט יאָרן צוריק פאַרבראַכט דריי יאָר אין ניו־יאָרק און וויים דעם זיסן טעם פון עמיגראַציע. אָבער אויב די גאַנצע פאַמיליע זעט איר גליק אין אויסוואַנדערן, וויל זי זיך ניט שטעלן אַנטקעגן.

אַזוי איז באַשלאָסן געוואָרן, און איך האָב געשריבן וועגן דעם מיין קוזינע און געבעטן די נויטיקע אַפידייווידס.

דערווייל איז די ליקווידאַציע פון "וונעשטאָרג" אָנגעגאַנגען איר וועג. אין אָקטאָבער 1923 זיינען מיר אינגאַנצן פּאַרטיק געוואָרן.

צו דער צייט זיינען שוין אויך אָנגעקומען אַפידייווידס פון ניו־יאָרק און שיפסקאַרטן, נאָך מיט אַ פּאָר דאָלער דערצו.

מיט א חודש שפעטער האָבן מיר געקראָגן אונזערע פּאספּאָרטן און גענומען גרייטן זיך אין וועג אריין.

איך געדיינק קלאָר דעם צושטאנד פון מיין געביט אין יענע טעג, ווען איך האָב מיט ווייטאָק געריסן די וואָרצלען, מיט וועלכע איך בין אזוי שטארק פארבונדן געוועז מיט מיין לאנד, מיט מיין היים און מיין פאָלק.

"מיין לאנד" איז מיין גאנצן לעבן געוועזן צו מיר א בייזע שטיף־מאמע; איך האָב אויף דעם גרעסטן טייל פון אירע אומענד־לעכע שטחים ניט געטאָרט טרעטן.

'מיין היים" איז געוועזן א סכת דוד הנופלת — אָט שטייט עס דאכט זיך פעסט, און מיט א מאָל קומט א בייזער ווינט און מאכט דערפון א הורבע צושפּאָלטענע ברעטלעך.

'מיין פאָלק" — מיין רוסיש פאָלק איז אָפט געוואָרן מיין תליון, — האָט מיך געיאָגט און געפּלאָגט און ניט געגעבן קיין רו. און דאָך... און דאָך... טריפט מיין הארץ מיט בלוט טראָפּן נאָך טראָפּן, ווען איך דארף זיך מיט דעם שיידן.

א לעבן געליטן דערנידערונגען, געוועזן אונטערוואָרפן ווילדע אויסנאם־געזעצן, ניט געקענט זיך פריי א ריר טאָן, און איצט, ווען אלץ האָט זיך געביטן און די שווארצע טעג גייען פארשווינדן אין אָפּגרונט פון פארגעסנהייט; איך ווער גלייך מיט אלע מענטשן און קען פריי אויפהייבן דעם קאָפּ, פארלאָז איך דאָס אלץ און נעם ווי־דער דעם וואנדער־שטעקן אין האנט. צוליב וואָס טו איך דאָס?...

איך האָב כסדר געשטעלט זיך אָט די פראגע און ניט געהאט קיין ענטפער אויף איר. א שטיין וואָלט מיר אראָפּ פון הארצן, ווען איך קען אלץ לאָזן ווי געוועזן. אָבער — ניין. דעם וואָגן האָט מיין שיקזאל שוין א שטופּ געטאָן, און ער קייקלט זיך פון זיך אליין בארג אראָפּ, און שלעפּט מיך ווער ווייסט וווהין. אפשר גאָר צו נייע ליידן, צו פרישע יסורים? — ווער ווייסט.

דער ווייטאָקדיקער הו־הא פון געזעגענען זיך; דער שיידן זיך פון אלץ, וואָס איז אזוי אריינגעוואָקסן אין דיר, וואָס איז דיר אזוי טייער; דער מאמעס קבר, וואָס בלייבט דאָ אזוי פאריתומט און עלנט — דאָס אלץ איז פאריבער אין א נעפּל פון טרערן און

שמערצלעכן טשאַד... און אין קאָפּ, ביז דעם לעצטן מאָמענט, הערט ניט אויף צו פּיקן: אויף וואָס האָב איך עס געדאַרפט?!... פאַרפאַלן, אַזוי איז מיין גורל!...

אין דעם פּרעכטיקן באַטום, איינער פון די קאַווקאַזער האַפנס ביים שווארצן ים, האָבן מיר זיך געזעצט אויף דער שיף, וואָס האָט אונז געדאַרפט פירן אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל. דאָרט האָבן מיר ביים אַמעריקאַנער קאָנסול געזאָלט קריגן די וויזעס נאָך דעם גאָלדענעם לאַנד...

איך געדיינק, ווען איך האָב דעם לעצטן טראָט געמאַכט אויף דער רוסישער ערד, כדי אויפצוזעצן זיך אויף דער שיף, האָט מיר פּיינלעך פאַרקוועטשט דאָס האַרץ און מיט מאַטערניש האָב איך זיך אָפּגעריסן פון איר.

ווען איך שעם זיך ניט, וואָלט איך מיט זודיקע טרערן צוגע־פאַלן און באַנעצט איר יעדעס זעמדעלע, אויסגעקושט איר יעדעס גרעזעלע... פאַרבלייב גליקלעך און פריי, מיין טייער לאַנד!... מיר איז ניט באַשערט טיילן עס צוזאַמען מיט דיר... אַזוי האָט געוואָלט מיין גורל!... לאָמיר כאָטש פון דערווייטנס זיך קענען פרייען מיט דיין גליק!...

ווען אונזער שיף איז אָפּגעשוואומען פון האַפן, האָט זיך די זון גענייגט צום מערב. זי האָט זיך געשפּיגלט אין די שטילע וואַסערן פון דעם שווארצן ים, אין וועלכע זי גייט זיך טובל זיין פאַרן שלאָף, און מיט רויטן גאָלד באַלויכטן די פּאַנאָראַמע פון ריזיקע, גרינע בערג, וואָס האָבן געשטראַלט און געפינקלט, וואַרפנדיק זייער אָפּשיין אויף דער שמאָט, וואָס ליגט ביי זיי צופוסנס.

איך בין געשטאַנען אויפן דעק און ניט געקענט אָוועקנעמען מיין בליק פון דער ערד, וואָס איז מיר אַזוי טייער, און וואָס איך פאַרלאָז איצט אויף אייביק...

עפּעס אַ פאַרשוין האָט זיך די גאַנצע צייט געדרייט אַרום מיר, געזוכט מיין יעדן טראָט און אונטערגעהערט מיין יעדעס וואָרט.

ווען מיר זיינען אַרויס אין אָפענעם ים, האָט ער זיך אין אַ מאַטאַר־שיפל געלאָזט צוריק צום האַפן. — אַ טשעקיסט, האָט מען

געהערט איינגעהאלטענע, שטילע אויסרופן, — ביז דער לעצטער מינוט אונז ניט אפגעלאזט...

אויף מארגן נאך האלבן טאג האבן מיר לינקס דערבליקט א פאס ערד, צו וועלכער אונזער שיף האט זיך לאנגזאם דערנעענט.

ווען מיר זיינען צוגעשוווממען גאר נאענט, האט מען דערזען א שמאלן פאס וואסער, וואס שניידט זיך אריין אין א גלייכער ליניע אין דעם שטיק לאנד.

— דאס איז דער באספאר, וואס טיילט אפ אייראפע פון אזיע, — האט מיר דער קאפיטאן פון שיף געזאגט, — באלד וועלן מיר אריין אין זיינע וואסערן.

עס איז געווען א מאדנער געפיל צו שטיין אויפן דעק און באטראכטןביידע ברעגן. וועלכע זיינען געווען אזוי נאענט צו דער שיף, רעכטס — אייראפע, לינקס — אזיע.

דער רעכטער ברעג — א בליענד לאנד, דער לינקער — שמעקט מיט מדבר.

ביידע ברעגן שטארק באפעסטיקט: באסטיאנען, הארמאטן, וואס שטעקן ארויס זייערע לאנגע העלדזער...

גאר גיך האט זיך אויף דער אייראפעאישער זייט באוויזן די פאנאראמע פון קאנסטאנטינאפאל, וואס ליגט פויל צושפרייט טע־רראסן־וויים איבערן הויכן ברעג.

מיר זיינען אריין אין האפן און באלד האט זיך אנגעהויבן די פראצעדור פון דעם קאנטראל. דא זיינען אונז שוין מער ניט געלעגן אין קאפ די שיינע פאנאראמעס.

אלע פאסאזשירן האט מען גלייך נאכן קאנטראל אראפגעלאזן פון שיף, נאר אונז — רוסישע עמיגראנטן — האט מען אפגעפירט צום פאליציי־קאמיסאריאט, און דארט האט יעדער פון אונז גע־מוזט צושטעלן א גאראנטיע פון א טערקישן בירגער, אז אלעם א טראנזיטנער עמיגראנט, וועט ער ניט שפעטער ווי אין צען טעג ארום אפפארן פון קאנסטאנטינאפאל. אנדערש האט מען אונז ניט געוואלט אראפלאזן אין שטאט. — היינט ווו זאלן מיר, עמיגראנטן, געפינען גאראנטיעס פון טערקישע בירגער?

אבער איידער מיר האבן נאך צייט געהאט וועגן דעם א קלער

טאָן, זיינען ווי פון אונטער דער ערד אויסגעוואקסן קאָמיסיאָנערן, וואָס האָבן אין א שלעכטן רוסיש פאָרגעלייגט אויסצוזוכן פאר אונז גאראנטיעס.

די דאָזיקע קאָמיסיאָנערן זיינען געווען אייגנטימער אָדער פאר־וואלטער פון טערקישע האָטעלן. זיי וועלן פאר אונז גאראנטירן, אָבער מיט דעם באדינג, אז מיר מוזן בלייבן וווינען אין זייערע האָטעלן די גאנצע צייט, וואָס מיר וועלן פארבלייבן אין קאָנסטאנ־טינאָפּאָל. זיי זיינען דאָך פאר אונז פאראנטוואָרטלעך און מוזן אונז האָבן אויפן אויג.

דאָס האָט אונז ניט שטארק געשמעקט. מיר האָבן גוט פאר־שטאנען, אז מיר וועלן עקספּלאָטירט ווערן פון אָט די לייט, נאָר מיר האָבן דען געהאט אן אנדער ברירה?

דער קאָנסטאנטינאָפּאָלער אידישער עמיגראנטן־הילפּס־קאָמיטעט האָט "געשיינט מיט זיין אָפּוועזנהייט" און מיר זיינען געווען הילפסלאָז.

נאָך א לאנגער פּראָצעדור האָבן מיר צום סוף — שוין שפּעט אין אָוונט — געהאט דאָס מעגלעכקייט אָנצוהאָדעווען די פאר־שמאכטע קינדער און אויסגלייכן אונזערע צובראָכענע ביינער אין די "האָטעלן", וווהין מען האָט אונז געבראכט. דאָס זיינען געווען שמוציקע צימערן מיט "שרייענדע" בעטן פול מיט וואנצן. הונ־געריקע און אויסגעמאטערטע — זיינען מיר מיט דעם אויך געווען צופרידן.

— די ערשטע בלימעלעך פון עמיגראציע, האָב איך גע־טראכט, און ביטער געשמייכלט.

אויף מאָרגן זיינען מיר געגאנגען רעגיסטרירן זיך אין דעם הילפּס־קאָמיטעט. עס איז געווען דער ערשטער אפּריל 1924, און מען האָט אונז דאָרטן געזאָגט, אז די אמעריקאנער "קוואָטע" עפנט זיך ערשט דעם ערשטן יולי, אָבער וויזעס הייבט דער קאָנ־סול אָן ארויסצוגעבן פון דעם ערשטן מאי.

וועגן דעם נייעם אימיגראציע־געזעץ, וואָס ווערט פארהאנדלט אין דעם אמעריקאנער קאָנגרעס, און וואָס — אויב ער זאָל דורכ־גיין — וועט קיינער ניט קענען אריינקומען אין לאנד, פון וועלכן

מיר האָבן אין רוסלאנד קיין אנונג ניט געהאט, האָט אונז דער קאָמיטעט ארויסגעזאָגט זיין פעסטן מיינונג, אז ער וועט געוויס ניט אָנגענומען ווערן, און אז אלץ וועט זיין ״אָל־ראיט״.

מכח דעם, וואָס מען האָט אונז דערלויבט צו בלייבן אין קאָנס־טאנטינאָפּאָל נאָר אויף צען טעג, און וואָס מיר זיינען כמעט געפאַנ־גענע ביי די באלעבאטים פון די ״האָטעלן״, מ׳שטיינס געזאָגט, האָט אונז דער קאָמיטעט פארשפּראָכן, אז ער וועט דאָס אלץ באַ־זאָרגן, און מיר וועלן זיך קענען אריבערציען אין פּריוואטע וואוינונ־גען. עס וועט אונז נאָר מוזן קאָסטן אביסל ״באקשיש״...

אין עטלעכע טעג ארום זיינען מיר ווירקלעך אלע אריבער אין פּריוואטע צימערן, וואָס מיר האָבן זיך אויסגעזוכט. עס האָט אונז אָבער געקאָסט א סך יסורים און גאָר א סך געלט.

אין קאָנסטאנטינאָפּאָל האָבן מיר געפונען אומגעפער פופצן הונדערט עמיגראנטן, וועלכע האָבן געווארט אויף דער ״קוואטע״, א סך פון זיי זיינען נאָך פארבליבן פון דעם פאָריקן יאָר און האָבן שוין געפּראוועט ״יאָרצייט״ פון זייערע מאטערנישן אין דעם שמו־ציקן און מיט ״באקשיש״ פארפעסטעטן קאָנסטאנטינאָפּאָל.

דאָ זיינער געווען א סך אידישע פאמיליעס פון אוקראינע, קרים און קאווקאז, וועלכע האָבן געווארט אויף דער אמעריקאנער ״קוואָ־טע״. עס זיינען אויך געווען עמיגראנטן פון אנדערע לענדער, וואָס זיינען געפאָרן קיין פּאלעסטינע און געבליבן זיצן אין קאָנסטאנ־טינאָפּאָל, ווארטנדיק אויף א מעגלעכקייט ארונצוקומען אין דער מיט צען שלעסער פארשלאָסענער ״אידישער היימלאנד״.

עס זיינען צווישן זיי אויך געווען אזעלכע, וואָס האָבן שוין פארלאָרן יעדע האָפענונג צו קריגן ווען א וויזע, און האָבן געזוכט מעגלעכקייטן צו בלייבן אין קאָנסטאנטינאָפּאָל אויף שטענדיק. אזא איינער, א רומענישער איד, האָט זיך שוין געהאט אפילו צוגע־פּאסט צו קאָנסטאנטינאָפּאָלער ״ביזנעס״ און געעפנט א האָטעל — מיט מיידלעך...

מיר האָבן אין קאָנסטאנטינאָפּאָל נאָך געטראָפן רעשטלעך פון אן אנדער סאָרט עמיגראנטן — פון די ״ווייסע״, וואָס זיינען אנט־

לאָפּן מיט דעניקינס און וורראנגעלס צושלאָגענע און צעשפּליטערטע ארמייען. זייער ערשטער עטאַפּ איז געווען קאָנסטאנטינאָפּאָל.

פאר די פיר יאָר זינט די רויטע ארמיי האָט זיי צושלאָגן, האָבען זיי שוין צייט געהאט צעשפּרייטן זיך איבער אייראָפּע, אזיע און אַנגעשלאָגן אפילו אין דעם וויטן מזרח. אָבער ניט ווייניק זייענען נאָך געבליבן שטעקן אין קאָנסטאנטינאָפּאָל. די ערשטע צייט האָט מען פארקויפט בריליאנטן, פוטערס, טייערע קרוזשעוועס, וואָס מען האָט אנטלויפנדיק געראטעוועט פון רוסלאנד. ווען דאָס איז אויסגעגאנגען, האָבן זיך די קניאזן, גראפן, באַראָנען, גענערעלער, פּולקאָווניקעס, געוועזענע גרויסע גוט־באזיצער, געוועזענע אַלערלייטעלער־לעקער פון צארסקן הויף און גלאט אריסטאָקראטן גענומען זוכן ''ארבעט''. מען האָט אין פארשידענע קאָנסטאנטינאָפּאָלער קאבארעס, נאכט טרושטשאבעס, ''האָטעלן מיט מיידלעך'' און שמוציקסטע ''הייזלעך'' געצימבלט אויף דער פיאנע און פארדינט א פּאָר פיאסטער א נאכט.

די ווייבער האָבן אויך צוגעהאָלפן די מענער און אונטערגעהאנדלט, מיט זייערע קערפערס... אין אָט אזוי איז מען פאַרזונקען אין די קאָנסטאנטינאָפּאָלער זומפּן און ניט געקענט ארויסקראַפּען זיך פון דאָרטן.

ניט ווייט פון מיין וווינונג איז געווען א קליין סעדל ''פּטישאן'', וווּ איך פלעג מיט א בוך אין האנט פארברענגען פיל שעהן אין טאָג, כדי צו פארטרייבן די צייט, וואָס האָט זיך געצויגן ווי פּעך.

אין דעם זעלבן פּלאַץ פלעג איך כמעט טעגלעך געפינען א רוסישן יונגנמאן, וואָס האָט אויך דאָרטן געזוכט אָפּצושטיפן די לאנגווייליקע שעהן.

מיר האָבן זיך באקענט און צורעדט.

ער האָט זיך ארויסגעצייגט צו זיין ניט אבי־ווער. געהייסן האָט ער — קניאז שאכאָווסקאָי און האָט געצויגן זיין יחוס אזש ביז ריוריקן — דעם היסטאָריש באוווסטן קניאז, וואָס האָט מיט איין פראזע אָפּגעשילדערט דעם גייסטיקן באַגאַזש פון דער דאָמאָלסטיקער רוסלאנד.

— רוסלאנד — האָט קניאז ריוריק געזאָגט — געפינט איר

פרייד אין פלעשל, אָן דעם ביטערן טראָפּן קענען מיר ניט אויסקומען.

מיין קניאז איז געווען איינער פון די זעקס־זיבן מיליאן רוסן, וואָס די רעוואָלוציע האָט אויסגעשפּיגן און פארטריבן אין גלות.

מיר אידן האָבן הינטער זיך א סטאַזש פון טויזנטער גלות־יאָרן און זיינען געוואָרן אמתע "ספּעצן" אין דעם פאך. די רוסן אָבער זיינען נאָך גאָר "גרינע" אין הלבּשת גלות־אָפּריכטונג, און מאַכן עס אַזוי אַליאַפּעוואַטע, אַז מיר — אַלטע "וואַנדער־פרעסער" — קוועטשן מיט די פּלייצעס.

קניאז שאַכאָווסקאָי — דורך און דורך א "וויסער" — האָט געבּרענט מיט פלאַמיקן האַס צו די "רויטע". וועלכע האָבן אים אַראָפּגעשליידערט פון אַזאַ הויך גלייך אין שאול תחתיה אַריין.

אַז עס זיינען אויסגעגאַנגען אַלע רעסורסן און עס איז ניט געווען וואָס מער צו פאַרקויפן, האָט ער, כדי צו דערנערן זיך מיט זיין פרוי און קינד, געמוזט שפּילן פּיאַנע דורך די נעכט פאַר צע־יושעטע אינטערנאַציאָנאַלע שיכּורים אין א געוויסער פרייליכער הויז.

— באַרעכנט נאָר, פלעגט ער מיר זאָגן מיט טרערן אין די אייגן, איך, אַזאַ יחסן, איינער פון די גרעסטע גוט־באַזיצער אין קרים, דאַרף זיך דערנערן פון אַזאַ מיאוסער אַרבעט. דאָס איז דאָך שווידערלעך!

גאַנץ אָפט פלעגט ער אַריינפאַלן אין א ווידוי־שטימונג און — ווי דער שטייגער פון די רוסן — שלאָגן זיך מיט ביידע פויסטן על־חטא.

ער האָט שטאַרק געזינדיקט קעגן אידן, ער איז זיך מודה ומתודה — ער האָט זיי זייער פיינט געהאַט, ניט געקענט פאַר־טראָגן... און איצט, אַז ער איז געפּרוווט געוואָרן צו זייער מערכה, זעט ער ערשט, וואָס פאַר אן אומרעכט ער איז קעגן זיי באַגאַנ־גען. א וואונדערבאַר פאָלק! — שוין באַלד צוויי טויזנט יאָר, אַז עס לאָזט נישט אַרויס דעם וואַנדער־שטעקן פון האַנט און איז דאָך ניט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין א באַנדע אויסוווּרפן, אָדער פערד־גנבים, ווי ציגיינער. גראַד פאַרקערט — אונטער אַלע אומ־שטענדן איז עס פול מיט שאַפונגען פון גרעסטן גייסטיקן ווערט...

און וואָס איז געוואָרן פאַר דער קורצער צייט אין גלות אַט פון די אַלע אדעלליים, גענערעלער, מיניסטאָרן? — אַ חרפּה צו זאָגן!... זייערע ווייבער און טעכטער פאַרקויפן זיך אין אַלע גאַסן פון קאָנסטאַנטינאָפּאָל, פּאַריז, בערלין, לאָנדאָן, שאַנכאַי, און די שלימזלדיקע מאַנען און טאַטעס זיינען די פאַרמיטלער... נײַן, ערשט איצט באַגרייפט ער די לײַדן, וואָס אידן האָבן איבערגע־טראָגן אין זייער לאַנגן וואַנדער־וועג, און אויך ווי גרויס עס מוזן זיין זייערע גייסטיקע אוצרות, אַז זיי זיינען ביי אַלע זייערע אומ־גליקן דאָך פאַרבליבן דאָס, וואָס זיי זיינען. עס איז ניטאָ וואָס צו שעמען זיך, ער קוקט מיט קנאה, פון אונטן אַרויף, אויף דעם פאָלק, וועלכן ער האָט פריער אַזוי פאַראַכט און מבטל געווען...

האָבנדיק מער ווילנסקראַפט און קלאָרע פאַרשטענדעניש פאַר דער סיטואַציע, וואָס דאָס אַליין צייגט שוין אָן דעם וועג, וואָלט אָט דער יונגערמאַן מיט אַ העכערער בילדונג, ניט קיין שלעכטער מוזיקער, לייכט געקאָנט אַרויסקריכן פון דעם זומפּ, וואָס האָט אים מיט יעדן טאָג אַלץ טיפער אַריינגעצויגן...

צו אונז פלעגט זיך אָפט צוזעצן אַ פּאָלקאָווניק פון דעניקינס אַרמיי. ער פלעגט שווייגנדיק מיט אַ פאַרכמורעטן פּנים צוהערן זך צו דעם קניאַזס ווידוי.

שאַכאָווסקאַי האָט מיר דערציילט, אַז אָט דער פּאָלקאָווניק — איך האָב פאַרגעסן זיין נאָמען — איז געווען זיינער אַ שכן פון די לענדערייען אין קרים, אַ גרויסער גוט־באַזיצער און אַ רייכער מאַן. ער האָט אַ ווייבל, וואָס איז אינגער פאַר אים מיט אַ יאָר פינף און צוואַנציק. זי שלעפּט זיך דאָ אַרום גאַנצענע נעכט, און אים האָט זי געמאַכט פאַר דעם קוכער, גרעט־וואַשער און צימער־ריי־ניקער. זי שאַפט זיך מיט אים, ווי אַ שלעכטע באַלעבאָסטע מיט אַ דינסט, און אויב ר פּרוווט פּראָטעסטירן, גיט זי אים פייער־דיקע פּעטש און סטראַשעט, אַז זי וועט אים אַרויסוואַרפן אין גאַס, וו ער וועט קראַפּירן פון הונגער, ווי אַ בלודנער הונט...

מיר איז דער פאַרשוין פאַרגעקומען באַקאַנט, און אַז איך האָב זיך צו אים גוט צוגעקוקט, האָב איך מיך דערמאָנט, אַז איך האָב

אים איינמאָל געזען אין פעטראָווסק, אין דער ״באזונדערער אָפּטיילונג״ פון דעניקינס ארמיי, און אָט ביי וועלכע אומשטענדן.

אין סעפּטעמבער 1919, ווען די אזערביידזשאנער בורלעסקרעפּובליק איז געווען אין רעכטן בלי פון איר אנדערהאלבניאָריקער עקזיסטענץ, בין איך פון דער פירמע, ביי וועלכער איך האָב געארבעט, געשיקט געוואָרן קיין פּעטראָווסק ערליידיקן א געשעפטלעכן ענין.

דעניקינס ״ווייסע״ האָרדעס האָבן דאן געהאט פארנומען באַרקאָוו, ראָסטאָוו, גאנץ צפון און צענטראל קאווקאז און דערקייקעלט זיך ביז פעטראָווסק — א האפן אויפן קאספּישן ים און דער שליסל צו טראנס־קאווקאז. דאָ זיינען זיי שטיין געבליבן. גיין ווייטער — וואָלט עס הייסן פארנעמען באקו, און דאָס האָט ענגלאנד ניט געוואָלט: אזא פעטן ביסן דארף זי פאר זיך.

מיטן באן פון באקו ביז פעטראָווסק איז וועלכע צוועלף שעה רייזע. נאָר אזוי ווי די צוגן זיינען געגאנגען נישט רעגולאר און געפּאקט, ווי הערינג אין פאס, בין איך צוגעפאָרן אהין מיטן שיף.

ביים אראָפּגיין פון פאראכאָד אין פעטראָווסק האָב איך קיין שוועריקייטן ניט געהאט: די ״ווייסע״ זיינען געווען גאנצע שמעלקעס מיט אזערביידזשאן, און האָבן געהאט איינגע פארבינדונגען צווישן זיך.

אין פעטראָווסק האָב איך געטראָפן א פּאָגראָם־שטימונג. די עטלעכע צענדליק אידישע פאמיליעס, וואָס האָבן דאָרט געוווינט, זיינען כסדר ניט זיכער געווען מיט זייערע לעבנס.

אַלע צוגן פון ראָסטאָוו פלעגן קומען מיט גיגאנטישע אויפשריפטן אויף די וואגאנען: ״בעי זשידאָוו, ספּאסאי ראָסיו״ — שלאָג די אידן, ראטעווע רוסלאנד. די שטאָט און דער פּאָרט איז פול געווען מיט שכורע אָפיצירן, וואָס פלעגן אלע ווילע אויסשרייען: סמערט זשידאם! — א טויט די אידן.

מיינע באקאנטע אין פעטראָווסק האָבן געקוקט אויף מיר, ווי אויף א משוגענעם:

— ווי דערוועגט איר זיך איצט קומען אהער, דאָס מיינט דאָך קריכן דעם וואָלף גלייך אין מויל אריין!...

נאָר פאַרפאַלן — איך בין דאָך שוין דאָ, דאַרף מען זען וואָס גיכער ערליידיקן דעם ענין, צוליב וועלכן איך בין געקומען. און אַרויסכאַפּן זיך פון דעם שלאַנגען־נעסט, אויב מען וועט מיך נאָר אַרויסלאָזן.

באַלד נאָך מיין אַראָפּגיין פון שיף האָב איך באַמערקט, אַז עפּעס א סוביעקט גייט מיר־נאָך, ווי א שאָטן. נאָר אַזוי ווי איך בין געווען „לעגאַל", נישט געמישט זיך די לעצטע יאָרן אין פּאָליטיק און ניט געהערט צו קיין פּאַרטיי, האָב איך דערצו קיין באַזונדער אויפמערקזאַמקייט ניט געשענקט.

אָבער נאָך דעם זעלבן טאָג, איז דער פאַרדעכטיקער פּאַרשוין מיט אַמאָל צוגעגאַנגען צו מיר און האָט מיר באַפוילן גיין מיט אים אין דער „באַזונדערער אָפּטיילונג" — אין דער שרעקלעכער דעניקינס „אַכראַנקע", פון וואַנען זייער ווייניק זיינען צוריקגעקומען.

צוויי שעה האָט מען מיך דאָרטן געמאַטערט מיטן קרייצפאַרהער. פון צווייטן צימער האָב איך געהערט א שטימע: וואָס צערעמאָניען זיי זיך דאָרטן מיטן זשיד! — א זשיד איז א באָלשעוויק און א שפּיאָן, צום ווענטל — און א סוף!...

דער אויסרופער פון מיין טויט־אורטייל איז טאַקע באַלד אַריין אין צימער, וווּ מען האָט מיך פאַרהערט, און האָט שטיל עפּעס א זאָג־געטאָן דעם פאַרהערער. יענער האָט אים אויך שטיל געענטפערט און אָנגעצייגט מיטן פינגער אויף מיינע פּאַפּירן.

איצט האָב איך דערקענט, אַז אָט יענער נפש איז עס געווען אָט דער פּאָלקאָווניק, וואָס זיצט לעם מיר אויף א באַנק פון א קאָנסטאַנטינאָפּאָלער סעדל.

מיין לעבן האָבן דאַן געראַטעוועט די דאָקומענטן, וואָס איך האָב געהאַט ביי זיך, און וועלכע האָבן באַשטעטיקט, אַז איך אַרבעט אין באַקו פאַר א גרויסער אויסלענדישער נאַפט־געזעלשאַפט. און מיט א נאַפט־פירמע האָבן די רוצחים מורא געהאַט צו פאַרטשעפּען זיך.

נאָר דאָס, וואָס איך האָב איבערגעלעבט די עטלעכע שעה, ביז וואַנען איך האָב זיך אַרויפגעכאַפּט אויף דער שיף, וואָס האָט געדאַרפט אָפּגיין צוריק קיין באַקו, וועל איך קיינמאָל ניט פאַר־

געסן. עס איז נישט געווען אזוי די שרעק פארן פלוצלונגן אומגעריכטן טויט, ווי די מוראדיקע דערנידערונג פון דעם מענטשן אין דיר: דו ביזט א איד — ביזטו ערגער ווי א משוגענער הונט, און מען דארף דיך פארניכטן, ניט פרעגנדיק וואס און ווען.

ווען איך האב דעם פאגראמטשיק דערמאנט, ביי וועלכע אומשטענדן איך האב אים דאן געהערט און געזען האט ער גארנישט געענטפערט אויף דעם און ווי א געשלאגענער הונט אוועקגעשלייכט זיך פון סעדל.

פין דאן־אן האב איך אים דארט מער ניט באגעגנט.

נקמה איז טאקע א מיאוסער, א בייזער געפיל, איך האב אבער געפילט א טיפע באפרידיקונג צוקוקנדיק זיך, וואס פון די מערדער איז דא געווארן, און צען מאל געבענטשט די הענט, וואס האבן זיי געבראכט צו אזא צושטאנד.

מיין עלטערער זון איז אין אכט טעג ארום אוועקגעפארן נאך ניו־יארק. אלעס דאקטאר האט ער באקומען זיין וויזע איבער דער ״קוואטע״. און איך מיט מיין פרוי און צוויי קינדער זיינען געבליבןווארטן אויף איר.

ווי געזאגט, האבן צוזאמען מיט מיר נאך פופצנהונדערט עמיגראנטן אויסגעקוקט אויף דער אויסלייזערן — אויף דער אמעריקאנער ״קוואטע״.

יעדן טאג פלעגן מיר פון פרי אן צונויפקומען זיך אין פראנט פון דער געביידע, וואס דער קאמיטעט האט פארנומען, אונטערן פרייען הימל. די גאנצע גאס פלעגט שווארץ ווערן פון מענטשן. דא איז געווען אונזער ״עמיגראנטן־קלוב״, דא פלעגן מיר זיך טיילן איינע מיט די אנדערע מיט אלץ, וואס עס האט אונז געדריקט און וויי געטאן.

ווען איך האב זיך צוגעקוקט צום עולם און נעענטער באקענט מיט אייניקע, האב איך אויסגעפונען, אז איך האב דא פאר זיך א קאמפלעטע קאלעקציע פון ״געוועזענע״.

געוועזענע פאבריקאנטן, געוועזענע פארשידענע בעלי מלאכות, געוועזענע סוחרים, געוועזענע לערער, געוועזענע פריוואטע אנגעשטעלטע מכל המינים, געוועזענע שטעקל־דרייער און אפילו איין

געוועזענער באַנקיר. עס האָבן נאָר געפעלט פאַרשטייער פון גע־וועזענע דאָקטוירים, אדוואָקאטן און אינזשענערן, ווייל אַזעלכע, אַלעס פריווילעגירטער קלאַס, האָבן גלייך געקראָגן זייער וויזע אויסער דער ״קוואָטע״ און זיינען אָפּגעפאָרן קיין אמעריקע.

אממייסטן זיינען עס געווען פאַמיליעס גאַנצע, מיט ווייבער, קינדער, פעק און פעקלעך. מענטשן האָבן זיך אויסגעבייטלט ביז דאָס לעצטע, וואָס איז זיי פארבליבן, אבי ארויסרייסן זיך פון דער באָלשעוויסטישער רוסלאַנד, וואָס האָט זיי צוטומלט מיט איר נייעם, פאַר זיי שרעקלעכן, אָרדנונג און אין גאַנצן ארויסגעשלאָגן פון דער קאָלייע. ניט ווייניק זיינען געווען אזעלכע, וואָס האָבן גע־האַמערט מיט בריוו די אמעריקאַנער קרובים, אַז זיי זאָלן רחמנות האָבן און צושיקן אַ פּאָר דאָלער, עס גייט אוים פון קאָס און עס וועט באַלד ניט זיין על מזון סעודה אחת. און דאָ אין קאָנסטאַנ־טינאָפּאָל — באַטש לייג זיך אין גאַס און צי אוים די פיס, עס איז ניטאָ ווו אַ גראָשן צו פארדינען, און קיינער וועט גאָר אויף דיר ניט אומקוקן זיך, אויב דו וועסט אויסגיין פון הונגער.

אין אונזער ״קלוב״ איז די ערשטע צייט די שטימונג געווען אָן אָפּטימיסטישע. דער עולם איז געווען זיכער, אַז די ״קוואָטע״ וועט קומען; אין צייט און וועט ניט זיין קלענער ווי דעם פאָריקן יאָר — דריי טויזנט וויזעס פאַר קאָנסטאַנטינאָפּאָל, און דאָס וואָלט געווען גענוג, אַז סיי אידן, סיי ניט אידן — וואָס האָבן זיך גערע־כענט איבער טויזנט — זאָלן אַלע באַקומען וויזעס.

גאָר גיך אָבער האָבן זיך אָנגעהויבן פילן אין אָט די אָריגי־נעלע פאַרזאַמלונגען אונזערע תחת כיפת השמים עפּעס אַן אומרו־איקייט, אַ באַהאַלטענע טרעוואָגע. די אומרואיקייט האָט געשוועבט אין דער לופטן, אָבער גענוי וואָס און ווען האָט קיינער ניט געוווסט.

פון טאָג צו טאָג איז די אומרואיקייט געוואַקסן גרעסער און ברייטער. מען האָט שוין דייטלעך גערעדט, אַז דער נייער אמערי־קאַנער אימיגראַציע־ביל וועט באַשטימט דורכגיין אין ביידע הייזער אין וואַשינגטאָן, און מיר וועלן בלייבן דאָ כאניה בלב ים — ווי אַ שיף אין מיטן ים.

לויט די גאָר פרישע ידיעות פון די צייטונגען, וועט דער ביל

דורכגיין נאָך אין א שטרייַנגערער פאָרמע, ווי דער אימיגראַנטן־פרעסער קאָנגרעסמאַן דזשאָנסאָן האָט אים רעדאַקטירט. דאָס האָט אָבער אויף א האָר ניט א ריר געטאָן דעם הילפס־קאָמיטעט פון זיין אָפּטימיסטישן שטאַנדפּונקט. ניין, — האָבן געטענהט די קאָמיטעטשטשקעס — ״די בהמה איז פאָרט קעלביק״, אזא געזעץ קען ניט און וועט ניט אָנגענומען ווערן, און אלע עמיגראַנטן וועלן באַקומען זייערע וויזעס.

פארשטייט זיך, אז דער קאָמיטעט האָט קיין איין טריט ניט געמאכט צו זוכן מיטלען, אז אויב דאָס וועט פאָרט געשען, און אמעריקע וועט פארהאקט ווערן מיט אן אייזערנעם ריגל פאַרן סאַמע נאָז פון די אָרימע אויסגעמאַטערטע מענטשן, זאָל מען זיי ערגעץ ווו קענען ליפערן.

עס איז פאָריבער מאַי, נאָכדעם יוני און אפילו די גרעסטע אָפּטימיסטן פון אונז האָבן שוין אויך פארלאָרן זייער לעצטע האָפנונג.

פאר דעם עמיגראַנטן קאָלעקטיוו איז געשטאַנען די גרויזאַמע פראגע: וואוהין קערט מען זיך איצט?

א סך האָבן באשלאָסן פּרוּוון מזל אין דעם פאלעסטינער קאָמיטעט, וועלכער באקומט וויזעס. און דאָ האָט זיך ארויסגעוויזן, אז די וויזעס קענען נאָר קריגן מענטשן מיט געלט און גרויכע געלט. אָבער מיר, אָרעמע וואַנדערער, מוזן זיך באַנוגענען מיט גוטע ווינטשען, וועלכע דער פארוואלטער פון קאָמיטעט האָט ניט געזשאַלעוועט, און מיט וועלכע, ווי באַוווּסט, עס איז אויסגעפּלאַסטערט דער גיהנום...

איך פערזענלעך האָב דאַן באשלאָסן, אז — באַטאַ, איך האָב שוין איבערגענוג, איך פאָר צוריק קיין באַקו. אָבער, ווען איך בין אוועק צום סאָוועטסקן קאָנסול, האָט ער מיך זייער קאַלט אויסגעהערט און געענטפערט.

— נו, דאָס קען איך ניט טאָן. פּרוּווט זיך טעלעגראַפירן קיין מאָסקווע, אפשר וועלן זיי אייך דערלויבן אומקערן זיך, הגם, נאָך מיין מיינונג נאָך, וועלן זיי עס ניט טאָן: אייך איז דאָך ניט געפעלן געווען סאָוועט רוסלאנד, טאָ פאָרט געזונטערהייט ווייטער. איר אינטערעסירט אונז ניט מער.

איך בין אוועק פון אים א פאַרצווייפלטער. און דאָ לאָזט די קאָנסטאַנטינאָפּאָלער פּאָליציי ניט רוען. אַלע ווײַלע קומען אונדז פאַרמירטע פאַרשוינען און שלעפּן מיך מיט דער גאַנצער פאַמיליע אין פּאָליציי־צירקל: מיר האָבן דאָ ניט קיין וווינרעכט און וועלן אַרויסגעשיקט ווערן פון קאָנסטאַנטינאָפּל.

פאַרשטייט זיך, אַז פאַר א ״באַקשיש״ לאָזט מען אונדז אָפּ, אָבער — וויפל איז דער שיעור? — עס איז שוין באַלד ניטאָ וואָס צו געבן.

אָט אין די קריטישע טעג, ווען קיינער האָט ניט אָנגעהויבן צו וויסן וווהין ווענדט מען זיך, האָט די קאָנסטאַנטינאָפּאָלער ביוראָ פון ״איקאַ״ געמעלדעט, אַז זי רעגיסטרירט עמיגראַנטן, וואָס ווילן פאָרן נאָך קאַנאַדע, אויף פאָלגענדע באַדינגונגען:

די וואָס האָבן צו דריי הונדערט דאָלער אויף א דערוואַקסענעם מיטגליד פון דער פאַמיליע, וועלן פאָרן צום ערשטן, אימגעפער אין א חודש אַרום. נאָכדעם וועלן פאָרן די, וואָס האָבן נאָר צו צוויי הונדערט דאָלאַר, און די וואָס האָבן נישט מער ווי צו הונדערט דאָ לער, וועט מען רעגיסטרירן, אָבער מען זאָגט זיי נישט צו אויף זי כער, אַז זיי וועלן אויך פאָרן, — אַלץ ווענדט זיך אָן דער צאָל וויזעס, וואָס די ״איקאַ״ וועט באַקומען פון דער קאַנאַדער רעגירונג.

זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז אַלע עמיגראַנטן האָבן זיך באַלד א לאָז־געטאָן צו ״איקאַ״. און אין דריי טעג צייט האָבן זיך פאַר־רעגיסטרירט ביז זעכצן הונדערט מענטשן. עס איז געוואָרן ששון ושמחה בזים עולם. קייבלים זיינען געפלויגן צו די קרובים אין אמע־ריקע, אַז מען זאָל עקסטראַ שיקן דאָלערס, כדי, חלילה, ניט פאַר־שפּעטיקן.

העכער צוויי חדשים האָט אונדז די ״איקאַ״ געפידט, אַז אָט־אָט באַקומט זי אינסטרוקציעס פון פּאַריז און הייבט גלייך אָן שיקן די עמיגראַנטן נאָך קאַנאַדע, ביז צום סוף האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס איז אינגאַנצן א חלום. אין די הויכע פענצטער האָט מען עפּעס יע גערעדט וועגן דעם עס האָט זיך אָבער דערפון גאָרניש־ט אויסגעלאָזן.

עס איז זיך לייכט פאָרצושטעלן די פאַרביטערטקייט פון די

אומגליקלעכע, וואס איז נאך פארשארפט געווארן פון דער טרוקע־נער אפילו פיינטלעכער באהאנדלונג, וואס זיי האבן געקראגן פון די "איקא"־אנגעשטעלטע, קיין סימן פון מיטגעפיל, פון מענטש־לעכקייט.

אין אלגעמיין, זיינען די כלל־טוער פון די פארשידענע קאָ־מיטעטן אין קאנסטאנטינאפל, וואס זיינען אנגעשטעלט און אויך גוט באצאלט געווארן מיט דאלער אדער פונטן, כדי צו העלפן די עמיגראנטן און פארלייכטערן מיט וואס נאר מעגלעך זייער ביטע־רע דאליע, געשטאנען ניט אויף דער געהעריקער הויך. ביי יעדן פון אונז האבן זיך אנגעזאמלט פעק גאנצע פון ווייטאק און אבידעס.

אבער וואס טוט מען ווייטער, וווהין קערט מען זיך? — עס איז דאך גקומען פון ברעג און אין וואסער...

אט דא איז ארויפגעשווומען דער געדאנק וועגן מעקסיקע.

אזוי ווי קיין פאלעסטינע קען מען ניט פארן, קיין קאנאדע, ארגענטינע, אויסטראליע, דרום־אפריקע אויך ניט, און קיין מעקסי־קע — גיט דער קאנסול פון יענעם לאנד וויזעס אן שוועריקייטן. באצאל נאר צוואנציק דאלער און פאר געזונטערהייט, איז פאר־וואס זאל מען ניט פארן קיין מעקסיקע?

אמת, וועגן מעקסיקע געדיינק איך נאר פון לערן־ביכל, אז עס איז דא אזא לאנד. וואס מען רופט נאך: די לאנד פון די אצטעקן; אין דער באגריף פון דעם לאנד איז ביי מיר פארבליבן, ווי פון א האלב־ווילדן, וו די אינדיאנער לויפן ארום מיט זייערע שפיזן האלב־נאקעטע, און די ניט־אינדיאנער — מארדעווען אויס איינע די אנ־דערע אין פערמאנענטע רעוואלוציעס, וואס די גענעראלער מאכן דריי מאל אין וואך; אבער — ערגעץ ווו מוז מען דאך פארן, טא זאל זיין מעקסיקע.

איך האב אוועקגעשריבן מיין ברודער און מיין קוזינע, אז מיר האבן באשלאסן צו פארן קיין מעקסיקע. זיי האבן גוט געהייסן דעם באשלוס דערפאר, וואס מעקסיקע איז מיט די שטאטן, ווי א שטוב מיט אן אלקיר: מען קען זיך זען און אפשר גאר מיט דער צייט ארייננכאפן זיך אין דעם פארווערטן אבער געגארטן לאנד. מיין ברו־

דער האָט מיר אויך צוגעשיקט אַן אַדרעס פון אונזערן אַ לאַנדס־מאַן, וואָס געפינט זיך אין מעקסיקע מיט זיין גאַנצער פאַמיליע.

עס איז אונז געוואָרן אביסל לייכטער אויפן הארץ, און מיר האָבן זיך גענומען גרייטן אין וועג אריין.

קאָנסטאַנטינאָפּאָל, ווי איך האָב שוין באַמערקט, איז געווען אַ שמוציקע און צולאָזענע שטאָט. איך גלויב, אַז אין דעם לעצטן הינזיכט, און אפשר אויך אין דעם ערשטן, האָט זי צו זיך קיין גלייכען נישט געהאַט אין דער וועלט.

אין דעם טייל שטאָט, וואָס הייסט גאַלאַטאַ, און וואָס איז אויסגעשפּרייט איבער דעם גאַנצן רוקן פון באַרג, אויף וועלכן עס ליגט די שטאָט, און וואָס נידערט אַראָפּ צום באָספאַר, זיינען די גאַסן און געסלעך קרום־צודרייטע און פול מיט מיסט און שמוץ, וואָס די איינוווינער וואַרפן אַרויס פון די הייזער גלייך אויפן גאַס.

דער שטיינערנער ברוק איז ערטערווייז אויסגעריסן און אין די לעכער אין גריבער, וואָס האָבן זיך פאַרמירט, וואַלגערן זיך פאַר־זשאַווערטע אייזנס, צובראָכענע ליימענע טעפּ, כל־ערליי שמאַטעס.

די טראָטואַרן זיינען שוין יאָרן־לאַנג נים פאַרריכט געוואָרן, און עס איז אַ געפאַר צו גיין אויף זיי, איבערהויפּט נאָך אַ רעגן.

אין מיטן העלן טאָג שטייען ביי פיל הייזער, הייזלעך און גלאַט חורבות האַלב אָנגעטאָנענע פרויען, די בריסט אַרויסגע־שטעלט, און רופן צו זיך יעדן פאַרבייגייער. דאָ גופא שפּילן זיך קינדער, און אויף די שוועלן זיצן מאַמעס מיט זייג־קינדער אויף די הענט.

די אויסגעלאַסענע פרויען ריידן אַ סך שפּראַכן. ניט ווייניק זיינען דאָרטן אידישע טעכטער, וואָס רופן זייערע קונדן אין אי־דיש, רוסיש, פויליש און אייניקע אפילו אין העברעיש מיט דער ספרדישער הברה.

דער טייל שטאָט אויפן שפּיץ פון באַרג, וואָס הייסט פּערה, וואָס איז גוט אויסגעפּלאַסטערט און פאַרבויט מיט שיינע פיל־שטאָ־קיקע הייזער, מאַכט שוין דעם איינדרוק פון אַן אייראָפּעיִשער שטאָט. ער איז אָבער פול מיט זנות און העסלעכער אויסגעלאַסנ־קייט נאָך מער, ווי די שמוציקע גאַלאַטאַ.

אויף יעדן טריט און שריט זיינען דאָ ״האָטעלן מיט מיידלעך״, אייניקע פון זיי לוקספול אויסגעשטאַט.

די ״מיידלעך״ גייען דאָ ניט ארויס אין גאס רופן זייערע קונים, עס רופן זיי אָבער די באלויכטענע אָפענע פענצטער, דורך וועלכע עס איז צו זען די עקלהאפטסטע סצנעס פון ראפיגירטן אָריענטאלישן זנות. קאָנסטאנטינאָפּאָל שעמט זיך ניט מיט זיין אויסגעלאסנקייט און טראָגט עס ארויס אין גאס, און אין דעם ליגט די נידעריקסטע מדרגה פון זיין מאָראלישער געפאלנקייט.

דער באַרימטער ״גילדענער האָרן״, א שמאָלער ים־אויסגוס פון דעם צווייטן זייט בארג, וואָס איז אזוי באזונגען געוואָרן פון פיל פּאָעטן, איז א שמוציקער, פאראיפּעשטער פּאס וואסער, וואָס דינט אַלעם מיסט־קאסטן פאר דער אָרימער באַפעלקערונג פון די קאָנסטאנטינאָפּאָלער פארשטעטלעך.

וואָס עס איז יע כדאי צו זען אין קאָנסטאנטינאָפּאָל איז זיין קאָלאָסאלן אָריענטאלישן מארק, וואָס איז אויסגעבויט אויף א גרויסן שטח, און שטעלט מיט זיך פאָר א באזונדערן זייער אָריגינעלן און בונטן קווארטל.

דאָס איז אן אומגעהויער גרויסע געביידע מיט זייער א הויכן דאך אין דער פאָרם פון א קאָנוס.

אינעווייניק אין דער געביידע ציען זיך גאסן גאנצע פון פיין־געבויטע קיאָסקן, אייניקע פון זיי צווייִשטאָקיקע, וואָס זיינען אָנגעפילט מיט דאָס שענסטע און רייכסטע, וואָס דער מזרח האָט ארויסגעגעבן.

די טייערסטע טעפּיכער פון פּערסיע; ווונדערבארע זיידענע שטאָפן פון אינדיע; פארשידענע געווירצן און שמעקעדיקע אוילן; קונציק־אויסגעארבעטע כלי־ערליי זילבערנע כלים, אנפאָרעס און געשיר, אמתע קונסטווערק, — פון קיטאי און יאפּאַן; קינזשאלן, שפּיזן, שווערדן מיט זילבערנע און גאָלדענע הענטלעך, געשניצט פון קינסטלער, — פון דמשק; מענער און פרויען־קליידער גערדיכט פארוועבט מיט זילבערנע און גאָלדענע פעדים — פון קאווקאז און ארמעניע; מאסיווע גאָלדענע קייטן און רינגען, לאנגע פאנטאסטישע אוירינגלעך, האלדזבאנדן, שטערנבאנדן; שווערע בראָקאטענע

קליידער און זיידענע קאָלירטע הויזן פאר פרויען; טיכלעך און טי־כער פון אלער ליי גרויסן, פון דעם טענסטן קאָלירטן זייד; מיט גאָלד און זילבער געשטריקטע שיכלעך פאר קליינע פרויען־פיסלעך...

דאָס אלעס שאפט א סימפאָניע פון קאָלירן, וואָס פארבלענדט דאָס אויג. מען דערפילט דעם מזרח מיט אלע זיינע פאנטיסטישע לוקסוסן.

זייער אינטערעסאנט איז אויך די מעטשעט, וואָס איז פריער, אין דער צייט פון דער וויזאנטישער אימפעריע, געווען א קאַ־טעדראל פון דער הייליקער סאָפיע.

דער הויף פון יאָרהונדערטער ווייעט פון זיינע ווענט, פון זיין סעפיט, פון די פראכטפולע אינקרוסטאציעס פון זיין פאסאד.

קאָנסטאנטינאָפאָל האָט אויך זייער שיינע אומגעגנטן, מיים־טענס אויפן מארמאָרנעם ים, וועלכן דער באספאר פארבינדט מי־טען שווארצן ים.

מיר זיינען געפאָרן מיט א קליין מאָטאָר־שיפל צום פרינקיפ־אינזל אויפן מאַרמאָרנעם ים, ווו טראָצקי האָט א שטיקל צייט אָפּ־געריכט גלות. דאן איז ער שוין אוועק פון דאָרטן, אָבער דאָס הויז ווו ער האָט געוווינט איז געשטאנען ליידיק און אָפן פאר באזוכער.

דער אינזל איז איינער פון די שענסטע פלעצער אויף דער ערד, און אויך פון די געזינדסטע. א קיילעכדיקן יאָר איז דאָרטן פרילינג, ניט הייס און ניט קאלט. די לופט איז ווי גוטער אלטער וויין.

דער ניט גרויסער אינזל איז אינגאנצן באדעקט מיט טראָפּי־שע פלאנצן און בלומען, ממש א גן־עדן.

צו יענער צייט האָט דער פארשטאָרבענער קעמאל־פּאשא, דער גרויסער רעפאָרמאטאָר פון טערקיי, שוין באוויזן אָפּצושאפן די הארעמען און באפרייען פון דאָרטן די פארשקלאפטע פרויען. די זאך איז אָבער געווען נאך אזוי פריש און די אלטע טערקישע פאַ־שאס אזוי ווילד־איינגעשפּארט, אז פילע פון זיי האָבן נאך באהאל־טענערהייט קאָנסערווירט זייערע ווייבער־שטיינען, און הארטנעקיק ניט געוואָלט אוועקגיין פון דעם אלטן לעבנס־שטייגער. אין די גאסן אָבער אויף פערו האָבן זיך שוין אָנגעהויבן באוויזן די ערשטע

שוואלבן — אייראָפּעיש־פּארפּוצטע טערקישע יונגע פרויען מיט אָפענע ניט פארדעקטע פנימער.

די רעפאָרמען פון קעמאלפּאשא האָבן נאָך דאן נישט דער־גרייכט צו באזייטיקן דעם גרויסן נאציאָנאלן איבל פון "באקשיש". מיר עמיגראנטן האָבן דאָס גוט געפילט אין אונזערע קעשענעס.

וואָס אנבאלאנגט דער אידישער אַלטגעזעסענער באפעלקערונג פון קאָנסטאנטינאָפּאָל, איז זי העכער דריי פערטל באשטאנען פון ספרדישע אידן, צווישן וועלכע עס האָבן זיך געפונען עטלעכע צענד־ליק רייכע סוחרים מיט גרויסע געשעפטן. די מאסע אָבער איז גע־ווען אָרים, ווי די נאכט, און זייער אומוויסנד.

אייראָפּעישע תושבים פון שטאָט האָבן כמעט אלע זיך גוט איינגעאָרדנט, האָבן געהאט שיינע אָפענע קלייטן אויף פערו און געפילט זיך פריי.

קיין שום אינטערעס צו די ליידן פון די עמיגראנטן האָבן זיי קיינער און קיינמאָל ניט ארויסגעוויזן, און קיין מינדסטן פרווו ניט געמאכט מיט עפעס זיי צו העלפן.

# דער לעצטער וואנדער-עטאפ

איצט קום איך צום לעצטן פונקט פון מיינע זכרונות, צום לעצטן וואנדער־עטאפּ, וואָס איך האָב דורכגעמאכט פין אייראָפּע קיין צענטראַל־אמעריקע, צו דעם לאַנד פון די אַלטע אַצטעקן — א פאַרהעלטנמעסיק קולטורעל אינדיאַנער פאָלק, וואָס די מערדעריישע שפּאַניער האָבן אויסגעקוילעט.

איך גיי דערפירן מיינע זכרונות נאָר ביז די ברעגעס פון יענעם לאַנד.

מיינע איבערלעבונגען, מיינע ליידן און פריידן פאַר די העכער אכצן יאָר מיינע אין מעקסיקע, וועלן אפשר זיין א טעמע פאַר א באַזונדער בוך.

ווען איך בין געקומען צום מעקסיקאַנער קאָנסול נאָך א וויזע, האָט ער מיך זייער פריינדלעך אויפגענומען און האָט מיר דערציילט, אז זייער פּרעזידענט פּלוטאַרקאָ עליאַס קאַיעס פאַרלאַנגט, אז עס זאָלן וואָס מער איירָאפּעישע אידן אריינקומען אין לאַנד, ווייל מעקסיקע איז א לאַנד, וואָס איז ווייניק אַנטוויקלט קאָמערציעל און נאָך ווייניקער אינדוסטריעל, און אידן זיינען פעיאיק צו אַנטוויקלען די ביידע זאַכן.

ער האָט געלויבט אין הימל דאָס גאַסטפריינדלעכקייט פון דעם מעקסיקאַנער פאָלק און די שיינקייט און רייץ פון זיינע פּרוויען. גערימט דאָס הערלעכקייט פון מעקסיקאַנער קלימאַט און די אומבאַשרייבלעכע פּראַכטן פון מעקסיקעס בערג און טאָלן, טייכן און וואַסערפאַלן. געדופן מיין אויפמערקזאַמקייט אויף דער געאָגראַפישער לאַגע פון לאַנד, וואָס גיט גרויסע מעגלעכקייטן צו שנעלער און דערפאָלגרייכער אַנטוויקלונג, — א לאַנד וואָס ליגט אזוי נאָענט פון ביידע אָקעאַנען, פון אַטלאַנטיק און פּאַסיפיק, א קאַצן־שפּרונג

פון איינעם צום צווייטן, און וואָס האָט אויסגעצייכנטע האָפנס אויף ביידע ימים, שטייט־פאַר א הערלעכע צוקונפט. היינט די אויל־קוואַלן, וואָס פאַרמאָגן אומאויסשעפּלעכע אוצרות, די מינען פון זילבער, גאָלד און אנדערע מעטאַלן און מינעראַלן. די וועלדער, וואָס פּראָדוצירן די קאָסטבאַרסטע האָלצן...

דער מענטש האָט מיך ממש באַצויבערט. איך בין אוועק פון אים מיט א ווייזע אין טאַש און מיט אויפגעשטייגטע האָפענונגען אין הארצן.

רייזע־קאַרטן ביז ווערעקרוז, א האַפן אויפן מעקסיקאַנער גאָלף. צוועלף שעה רייזע פון דער הויפּט־שטאָט, האָבן מיר געקויפט דורך אן אגענט, אן אמעריקאַנער יונגערמאַן, ביי א פראַנצויזישער שיפס־קאָמפּאַניע. מיט דעם יונגנמאַן האָבן מיר זיך געקענט שוין פון א שטיקל צייט, און ער האָט מיך פאַרזיכערט, אז ער וועט פאַר אונז קריגן די בעסטע שיף און באַדינגונגען. געפאָרן זיינען מיר דריטן קלאַס, ווייל די זיבן חדשים אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל — די זיבן פאַרדאַמט־מאָגערע קי — האָבן אויפגעפרעסן דאָס ביסעלע, וואָס מיר האָבן געבראַכט פון דער היים.

מיר האָבן געדאַרפט פאָרן מיט א קלענערער שיף ביז מאַר־סעל, פון דאָרטן מיטן באַן דורך פאַריז ביז האַווער, און אין האַווער נעמען דעם ״לאַפאַיעט״, וואָס וועט אונז ברענגען קיין ווערעקרוז.

ווען מיר האָבן זיך אַרויפגעזעצט אויף דער קלענער שיף, האָט מען אונז אָנגעוויזן אונזער פּלאַץ אין א ווינקל אויפן דעק.

אונזער באַקאַנטער, דער אגענט, איז געקומען געזעגענען זיך מיט אונז, און איך האָב פּראָטעסטירט פאַרוואָס מען גיט אונז ניט קיין קאַיוטע. ער האָט מיט אימעצן עפּעס איבערגערעדט און האָט אונז אליין געהאָלפן איבערטראָגן אונזערע טשעמאָדאַנען אין א גאַנץ באַקוועמער קאַיוטע. עס איז געווען א מיספאַרשטענדעניש — האָט ער אונז פאַרזיכערט.

דעם 20־טן אָקטאָבער 1924 זיינען מיר געשטאַנען אויפן דעק פון שיף און צוגעקוקט, ווי זי רוקט זיך לאַנגזאַם אַרויס פון האַפן.

די פאַרפּעסטעטע גאַלאַטאַ, וואָס האָט געבליצט אונטער דער

װאַרימער זון, איז פון דאנען געװען אזוי קאַלירפול. זי האָט זיך אָפּגערוקט אַלץ װייטער און װייטער.

אדיע, קאָנסטאַנטינאָפּאָל. װי זינגט זיך דאָרטן אין דעם דור־סישן לידל: — געלעבט אָן ליבע, צושיידט זיך אָן פאַרדראָס... איך האָב גיט מיט װאָס דערמאָנען דיך צו גוטן. גראַד פאַרקערט, — די האָסט פאַרצערט א שטיק פון מיין האַרץ, צורודערט מיינע נערװן און געמאַטערט, אז איך זאָל זיך פילן פאַר א נידעריקע באַשעפעניש, ניט קיין מענטש — נאָר אַן עמיגראַנט.

דיינע אוניפאָרמירטע פאַרשװינען מיט רייטע מאַקיצעמערטישיקע־לעך אויף די קעפּ װעל איך זייער לאַנג געדיינקען. זיי האָבן גע־צאַפּט מיין בלוט יעדן דריטן טאָג קװאַטירלעך־װייס.

דיינע כל־ערליי קאָמיטעטן מיט זייערע פירער און פאַרפירער װעל איך אויך ניט שטאַרק דערמאָנען צו גוטן, עס איז גיטאָ פאַרװאָס.

דיינע אידן זיינען האַרט װי קיזלשטיין און דיינע טערקן זוכן נאָר באַנעמען דעם אָרימען װאַנדערער.

דיינע פרויען זיינען זינדיק, זייער זינדיק, און דיינע מענער — אך, דיינע מענער זיינען נאָך צען מאָל זינדיקער, — זיי דער־פירן דאָך די אומגליקלעכע צו זינד און נוצן עס אויס פאַר זיך...

אדיע, איכטאַמבול. הלװאי װאָלט איך דיך בעסער ניט געקענט!...

אונזער שיף איז אריין אין מאַרמאָרנעם ים. פאַרװאָס מ׳רופט אים מאַרמאָרנער — װייס איך ניט. מען זאָגט, אז װען ער איז רואיק — און דאָס איז ער כמעט שטענדיק — שיינט ער אָפּ אונ־טער די קרומע שטראַלן פון דער פאַרגייענדער זון מיט קאָלירן פון מאַרמאָר — גרין, בלוי און ראָז.

אָט נייגט זיך איצט די זון צו מערב און באַלויכט אים א גלאַטן װי א שפיגל מיט אירע קרומע שטראַלן, און איך הייב ניט אָן צו זען מאַרמאָר־קאָלירן אויף זיין אויבערפלאַך. מילא, זאָל מיינע אי־בערגיין.

אז עס איז גאָר ניט קיין ים דער מאַרמאָרנער, נאָר א ים׳ל. מיר האָבן ניט אוספעיעט ארומקוקן זיך און ער איז שוין געבליבן היגטער אונז. מיר גייען דורך די דאַרדאַנעלן

װידער און צום לעצטן מאָל באַגעגענען זיך דאָ אייראָפּע און

אזיע. די מלחמה־שוואנען מיט די לאנגע אויסגעצייגענע העלדזער קוקן איינע אויף די אנדערע איבער דעם שמאָלן פּאס זיאסער.

וויפל אימפּעריאליסטישע מחות האָבן געפּלאַנעוועט וועלט־פארברעכנס צוליב אָט דעם איינגן דורכגאנג צווישן צוויי מאַמע־ריקן; וויפל בלוט, מענטשן־בלוט, עס האָט זיך שוין פארגאָסן און וויפל עס וועט זיך נאָך פארגיסן צוליב דעם...

און מיר דוכט זיך, אז איך הער די שטים פון דער אלטער אזיע, די מאמע פון דער מענטשהייט, וואָס שרייט אריבער איבערן שמאָלן וואסער צו דער אינגערער און פארשייטער אייראָפּע:

— דו האָסט מיך אָפּגענארט — איך האָב געהאָפּט, אז מיט דיין קולטור, מיט דיין וויסן, מיט דיין ציוויליזאציע וועסטו ארויס־פירן מיינע מענטשן־קינדער אויפן ברייטן און רואיקן שליאך פון שלום, פון אייביקן פרידן און פריידלעכן צוזאמענלעבן צווישן זיך; אז איבער אָט דעם פּאס וואסער וועט זיין אריבערגעוואָרפן א בריק פון דיר צו מיר, איבער וועלכן דו וועסט ברייינגען וויסן און שלום, ציוויליזאציע און יושר צו מיינע אביסל אָפּגעשטאנענע פעל־קער. וואָס זע איך אָבער? — רייסערייען, בייזע פּלענער, בלוטיקע מלחמות... דו האָסט מיך ביטער און ביזוויליק אָפּגענארט!...

אויף מאָרגן גאנץ פרי — עס האָט ערשט אָנגעהייבן שארן אויף טאָג — בין איך ארויס אויף דער דעקע. מיר שווימען אין דעם עגעישן ים. עס ווערט ליכטיקער און פון אלע זייטן זעען זיך אינזלען גרעסערע, קלענערע — צעוואָרפן איבערן ים אין אלע ריכטונגען. אָט ווי א גריכישער ציקלאָפּ וואָלט זיי אָנגענומען א פולן הויפן און צעשליידערט איבערן וואסער.

אויפן האָריזאָנט רעכטס — מיניעט א ברעג. — דאָס איז דער גריכישער ברעג, זאָגט מיט דער קאפּיטאן. ער פארשווינדט און באווייזט זיך ווידער. די שיף לאווירט אין דעם פארפּלאָנטערטן לאַ־בירינט פון אינזלען, אינזעלעך און צעשניטענע פארדרייטע ברעגן פון דרום־מזרח פון גריכנלאנד.

איך קוק אין בינאָקל לינקס און זוך דעם אזיאטישן ברעג. מען זעט אים שוין ניט. אזיע איז ברוגז געוואָרן און אָפּגעקערט זיך פון דער פארברעכערישער און פאררעטערישער אייראָפּע.

דעם גאנצן טאָג דרייען מיר זיך אין דעם כאַאָס פון אינזלען, וואָס טראָגן אַלע גריכישע נעמען, מיטאָס, טשיאָס, לענאָס, ראָדאָס...

די זון פארגייט און טונקט זיך אָפּ אין די מיטללענדישע וואסערן. עס פאלט צו די נאכט — א ווארימע שטילע דרום־נאכט. דער ים איז רואיק. אויפן דריטן טאָג פון אונזער רייזע, גאנץ פרי, זיינען מיר דורכגעגאנגען צווישן דעם גרויסן אינזל קריט אין דעם סאמע דרום־פונקט פון גריכנלאנד און אויך פון אייראָפּע, אין בײַנאקל האָבן זיך געזען ביידע ברעגן, — און זיינען ארײַם אין מיטללענדישן ים.

דער מיטללענדיעשער ים האט פון אור־אַלטע צייטן געצויגן פעלקער צו באזעצן זיך אויף זיינע ברעגן, ווייל דאָס איז געווען דער איינציקער ברייטער וואסער־וועג באוווסט אין יענע צייטן.

אונזער תלמוד האָט אים גערופן ים הגדול — דער גרויסער ים, ווייל אין דער אמתן האָט מען דאן גערעכנט, אז עס איז גאָר קיין גרעסערער פון אים ניטאָ.

נאָך א זאך איז געווען, וואָס האָט געלאָקט דעם מענטשן צו מאכן דאָרט זיין היים, דאָס איז — די שיינקייט פון דער נאטור אין יענע ערטער און דער מילדער, געזונטער קלימאט.

אָט שווימען מיר אין דעם מעסינער דורכגוס — א שמאָלער פאס וואסער, וואָס טיילט אָפּ דעם נאָז פון דעם איטאליענער "שטיוול". פון דעם גרויסן אינזל סיציליע. אין בינאקל זעט מען די שיינקייט און רייכקייט פון דער נאטור פון ביידע ברעגן.

עס איז שוין הארבסט אין אייראָפּע, אָבער דאָ איז נאָך אזוי ווארים און מילד. די נעכט זיינען ווונדערבארע.

אונזער רייזע איז געווען אן אמתע לוסט־רייזע, אזוי רואיק איז דער ים געווען די גאנצע העכער פיר טעג פון קאָנסטאנטינאָפּאָל ביז מארסעל. און ווען עס וואָלט נאָך געווען אביסל רואיקער אונזער געמיט און ניט פול מיט דאגות: ווער ווייסט וואָס עס דערווארט אונז אין דער ווייטער פרעמדער מעקסיקע, וואָלט די קורצע רייזע געבראכט אונז א סך פרייד און בארואיקונג.

מארסעל — א טומלדיקער האפן, וווּ מען קען זען שיפן אונטער פלאגן פון אלע לענדער פון דער וועלט.

די פּאָר שעה, וואָס מיר האָבן געדאַרפט וואַרטן אויפן צוג וואָס גייט אָפּ נאָך פּאַריז, האָבן מיר פאַרבראַכט אין א אידישער אכסניא ניט ווייט פון וואקזאַל.

אויף מאָרגן אין דער פרי זיינען מיר שוין געווען אין פּאַריז. קיין צייט ניט געהאט אפילו אָנקוקן די שטאָט. געבימן דעם צוג אויף אַן אנדערן, וואָס גייט נאָך האוור, און אין עטלעכע שעה ארום זיינען מיר שוין געווען דאָרטן און גלייך ארויף אויף דעם ״לאפאיעט״, וואָס איז געשטאנען אין האפן און געהאלטן אין אָנ־לאָדן זיך.

צווישן אלע פלאָגן, וואָס מאַטערן דעם עמיגראַנט און מאכן פון אים אַן אמתן מארטירער, און וואָס האָבן אויך מיך ניט דורכ־געלאָזט, פאַרנעמט אָט די שמוציקע, אלטע, אָפּגעלאָזענע שיף, וואָס האָט געטראָגן דעם גלאָררייכן נאָמען ״לאפאיעט״ ניט דעם לעצטן אָרט.

דעם ערשטן סורפּריז, וואָס מען האָט אונז אונטערגעטראָגן באַלד ביים ארויפטרעטן אויפן דעק, איז געווען דאָס, וואָס מען האָט אונז אנשטאָט א באַזונדער קאַיוטע, אָדער לכל הפחות אַן אלגעמיי־נע מיט נאָך פּאסאזשירן, אָבער א קאַיוטע מיט בעטלעך און קליינע טישלעך לעם יעדן בעטל, אראָפּגעפירט אין בויך פון דער שיף אין א גרויסן, שמוציקן קעלער, ווו עס איז שווער געווען צו אָטעמען, און אָנגעצייגט אויף צוויי לייוונטענע בעטלעך איינע איבער דער אנדערער. — דאָס איז אייער פּלאַץ, האָט דער דינער גראָב ארויס־געמורמלט צווישן די ציינער, און איז אוועק. אזעלכע צוויי־שטאָ־קיקע בעטלעך זיינען אין דעם קעלער געווען א סך רייען מיט שמאָלע דורכגאַנגען צווישן זיי.

איך בין אוועק זוכן ״נאטשאלסטווא״ בדי צו פרעגן, — וואָס באַדייט דער חלום? — דער אגענט אין קאָנסטאנטינאָפּאָל האָט דאָך מיר בפירוש פארקויפט שיפס־קאַרטן אין א קאַיוטע פאר מענ־טשען און ניט אין א שטאַל פאר בהמות? —

לאָזט זיך אויס, אַז די ליבהאַרציקע פראַנצויזישע שיפס־קאָמ־פּאַניע האָט צווייערליי דריטן קלאַס — פרעפערענס און אָרדינער. פרעפערענס — איז א דריטער קלאַס מיט קאַיוטעס, ווי אויף אלע

שיפן, וואָס קרייצן דעם אָקעאַן, און אָרדינער — איז דאָס, וואָס ביי לייטן רופט זיך פערטער קלאַס. א יונגער פראנצויז מיט פאַר־דרייטע וואָנצעלעך האָט מיר מיטן פינגער געטייטלט אויף אונזערע שיפס־קאַרטעס, ווו נאָך די ווערטער: דריטן קלאַס, שטייט מיט קליינינקע אָבער גאָר פּיציניאַנינקע אותיותלעך: אָרד., דאָס הייסט — אָרדינער.

אי, פאַרוואָס האָט מיר זייער אגענט און אונזער "פריינט" אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל ניט פאַרטייטשט אָט דעם ראשי־תיבות? — האָב איך ביי אים אַן עוולה.

איך האָב געוואָלט דערצאָלן דעם דיפערענס פוןביידע קלאַסן, מען זאָל אונז איבערפירן אויבן אין א קאַיוטע, איז שוין ניט גע־ווען קיין פרייע קאַיוטעס.

פאַרפאַלן, מיר מוזן דעם פאַל אויך צורעכענען צום צעטל פון אונזערע ליידן, זינט מיר זיינען אוועק פון באַקו. דער צעטל פאַרמאָגט שוין ניט ווייניק פורעניותן — וועט זיין מיט איינע מער.

אז מיר האָבן זיך ארומגעקוקט אין דעם שטאַל, האָבן מיר דערזען, אז מיר זיינען ניט די איינציקע קרבנות פון "פריינטלעכע" אגענטן, עס זיינען דאָ נאָך א סך אזעלכע, און א היפּש ביסל אידי־שע פאַמיליעס צווישן זיי. און צרת רבים — ווי באַוווּסט — איז חצי נחמה.

דעם זעלבן טאָג, פאַרנאַכט־צו, איז דער "לאַפּאַיעט" אָפּגע־שוווּמען פון האַפן. מיר זיינען ארויס אויפן דעק געזעגענען זיך מיט אייראָפּע, אָבער א געדיכטער טומאַן האָט, ווי מיט וואַנט, פאַרדעקט די פראַנצויזישע ברעגן אין מיר האָבן זיי שוין מער ניט געזען. מיר האָבן נאָר געקענט אויסשטרעקן אונזערע הענט אין דער ריכטונג פון לאַנד, און מיט טרערן אין די אויגן שעפּטשען שטיל: אַדיע, אונזער אַלטע, ליבע היים. מיר פאַרלאָזן דיך אויף אייביק.

דער אַטלאַנטיק איז אין אַלגעמיין געווען גנעדיק צו אונז. פאַר די דריי וואָכן, וואָס מיר האָבן זיך געפונען אין זיינע וואַסערן, האָט ער אונז נאָר א פּאָר מאָל א גוטן וויג־געטאָן. די איבעריקע צייט איז ער געווען פאַרהעלטנמעסיק רואיק.

מיר האָבן אָבער א סך געליטן פון דער שלעכטער שפּייז, ניט וועלכער מען האָט אונז געהאָדעוועט, און פון דער כאמסקער באַ־נעמונג פון דער שיף־אדמיניסטראציע. עס האָבן ניט געהאָלפן קיי־נע פּראָטעסטן.

דער איינדרוק, וואָס איז ביי אונז פארבליבן פון דער רייזע, איז ווייט ניט לטובת די עלעגאנטע מענטשן מיט זיסינקע שמייכע־לעך אויף די ליפּן, אָבער מיט שלעכטע הערצער, וואָס רופן זיך פראנצויזן.

זיי האָבן אונז די גאנצע צייט געדריקט און דערנידעריקט נאָר דערפאר, וואָס מיר פאָרן אין דעם אָרימסטן קלאַס פון דער שיף. פאר די רייכערע פּאסאזשירן האָבן זיי שטענדיק געהאט דעם: "זשע ווו פרי, מסיע" און דעם עלעגאנטן עלאסטיישן נייג מיטן גאנצן קערפּער.

מיר זיינען פארבייגעפאָרן די שיינע אזאָר־אינזלען און דעם פּרעכטיקן אינזל: מאדערא.

אויפן זיבעצעטן טאג זיינער מיר אריין אין דעם האפן פון האוואנא, די הויפּט־שטאָט פון דעם קובא אינזל.

די גאסן פון שטאָט ציען זיך כמעט אַלע ביים ברעג פון ים און מיר האָבן זיי קלאָר געזען פון דער פּאלובע. אונז — מינדער־ווירטיקע, פּארשטויסענע אין דער אוטראבע פון דעם "לאפּאיעט", האָט מען ניט דערלויבט אראָפּ אין שטאָט. די פּריווילעגירטע קלאסן האָבן אזא דערלויבעניש יע באקומען.

אין האוואנא האָבן מיר אויסגעלאָדן און אָנגעלאָדן סחורה, אראָפּגעלאָזן און ארויפגענומען אייניקע פּאסאזשירן, און פּארוויילנ־דיק דאָרטן א טאָג מיט א נאכט אָפּגעשוואומען קיין ווערא־קרוז.

מען האָט אונז געשראָקן, אז דער מעקסיקאנער גאָלף איז זייער א בייזער און ווארפט זיך ווי א קדחת, נאָר — "באָך מילאָוואַל" — מיר האָבן עס ניט שטארק געפילט.

מיר זיינען דורכגעשוואומען פארביי פלאָרידער ברעג, וועלכער איז געווען פאר אונז, ווי פאר משהן דאָס לאנד כנען — מיר האָבן עס נאָר געקוקט אָנקוקן פון דער ווייטן, אָבער קיינמאָל ניט באַ־טרעטן די פארבאָטענע ערד.

דעם 23־טן נאָוועמבער 1924, ווי נאָר עס איז טאָג געוואָרן, האָבן מיר דערזען די פּאַנאָראַמע פון מעקסיקאַנישן ברעג, וואָס איז געקראָכן צום הימל, טעראַסן־ווייס.

וואָס נעענטער מיר זיינען צוגעקומען צום ברעג אַלץ קלאָרער האָט זיך געמאָלן פאַר אונז דער קאַנגלאָמעראַט פון הויכע בערג, באַגרינט און באוואָקסן מיט טראָפּישע געוויקסן און ביימער. אונז האָט זיך געדאכט, אז מיר זעען פאר זיך די קאווקאזער בערג, ווי זיי שפּיגלען זיך אָפּ אין די וואסערן פון שווארצן ים, ביים באַטומער ברעג. דאָס האַרץ האָט א צאַפּל געטאָן און פאַרקוועטשט מיט א שאַרפן ווייטאָק: דאָס זיינען פרעמדע בערג, פון א פרעמד עקזאָטיש לאנד, אויף א ווייטן מאַטעריק, וואָס איז אָפּגעטיילט פון אונזער ליבער היים מיט אזא גרויסן און ברייטן אָקעאָן...

עס איז אָבער פאַרפאַלן, קיין צוריקקער איז נימאָ. דאָ מוזן מיר מאכן אונזער נייע היים.

מעקסיקע — דאָס איינציקע לאַנד פון אַזויפיל פאַרריגלטע, מיט שלאָס און אייזן פאַרהאַקטע לענדער, וואָס האָט אזוי גאַסט־פריינדלעך און גוטהאַרציק געעפנט פאַר אונז אירע טויערן, דאַרף איצט ווערן אונזער היים. מיט טויזנטער פעדים דאַרפן מיר זיך מיט איר פאַרבינדן. איר געשיכטע, איר קולטור, איר אַנטוויקלונג, איר גאַנצער לייב און לעבן דאַרפן אונז נאָענט און טייער ווערן...

עס גליען די בערג אינטער דער טראָפּישער זון. די פאַר־שאָטנטע טאָלן שלאָגן־אָפּ מיט גרין־גאָלדיקע, סאַמעטענע לייוונטן, זיי רופן און מאַניען און זאָגן־צו פרייד און רו...

געבענטשט זאָל זיין דאָס וואונדער־שיינע לאַנד פון די אַצטעקן!...
לעבן זאָל אונזער נייע פּרעכטיקע היים!...

# תיקון טעות

(גרייזן באמערקטע נאָכן דרוקן)

| זייט : | שורה : | געדרוקט : | דארף זיין : |
|---|---|---|---|
| 10 | 7 | געדיינר | געדיינק |
| 13 | 2 | עקל | בעקל |
| 20 | 29 | חברהניקער | חברהניקעס |
| 34 | 13 | געווע | געווען |
| 43 | 14 | פארלוירנע | פארלוירענע |
| 49 | 20 | גמילות חסידים | גמילות חסדים |
| 50 | 4 | "יברך" | "יברכך" |
| 52 | 30 | גאָטס־פּאָכטיקער | גאָטספאָרכטיקער |
| 64 | 7 | וואָלקנדיקע | וואַקלענדיקע |
| 72 | 18 | אנטפער | ענטפער |
| 101 | 3 | מיש | מיט |
| 103 | 28 | דאָרף | דאָרט |
| 114 | 20 | אָנמגעקומען | אָנגעקומען |
| 145 | 16 | אויפנמערקזאמקייט | אויפמערקזאמקייט |
| 153 | 24 | פראקטישע | פאַקטישע |
| 157 | 17 | גרויס | גרויסן |
| 158 | 24 | מיט | מיטן |
| 159 | 9 | גלידיע | גילדיע |
| 162 | 17 | געפלאָגט | געפלאָגטן |
| 168 | 9 | פראָנטן מלחמה | מלחמה־פראָנטן |
| 170 | 8 | זיי | זיין |
| 181 | 19 | באַנען | כאַנען |
| 185 | 18 | "נוסקאָם" | "גוסקאָם" |
| 202 | 13 | ווי | ווו |
| 208 | 1 | "גלאָוביך" | "גלאָובוך" |
| 210 | 24 | אייגענער | אייגענע |
| 214 | 17 | ברעג | בערג |
| 219 | 3 | געביט | געמיט |
| 219 | 10 | הניפלת | הנופלת |
| 226 | 27 | אויב ר | אויב ער |
| 236 | 2 | טענסטן | שענסטן |
| 236 | 5 | פאנטיכ. יישע | פאַנטאסטישע |
| 240 | 10 | געקויקט | געקויפט |
| 242 | 26 | מיט | מיר |